# שטערן

10-11

ליטעראַריש-קינסטלערישער
און געזעלשאַפֿטלעך-פּאָליטישער
חודש-זשורנאַל. מינסק

1930

## אינהאַלט.

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש-קינסטלערישער און פּאָליטיש-
װיסנשאַפטלעכער כוידעש-זשורנאַל.

№ 10—11 ═══ זעקסטער יאָרגאַנג ═══ אָקטיאַבער—נאָיאַבער 1930

## די „װײַסרוסישע װאָך“ אין מאָסקװע.

אין מאָסקװע װערט אין דעקאַבער כוידעש אָרגאַניזירט אַ „װײַסרוסישע װאָך“.

דער ס.ס.ס.ר. שטעלט פאָר מיט זיך אַ פאַרבאַנד פון באַפרײַטע אַרבעטנדיקע פעלקער, װעלכע האָבן זיך פאַראייניקט צוליב פאַרװירקלעכונג פון קאָמוניזם. סאָװעטן-װײַסרוסלאַנד איז איינע פון די, װאָס בויט, מיט דער הילף פון גאַנצן פאַרבאַנד, דעם סאָציאַליזם אױף איינעם פון די אָפּגעשטאַנענסטע, ביז דער רעװאָלוציע, צירקלען. ס׳איז באַװוּסט, װאָס פאַר אַן עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און קולטורעלער דרוק ס׳איז אויסגעיבט געװאָרן דורך דער צאַרישער רעגירונג איבער דעם פאַררעװאָלוציאָנערן װײַסרוסלאַנד. די אָקטיאַבער-רעװאָלוציע, װעלכע האָט אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי באַפרײַט די אַרבעטנדיקע פון אַלע נאַציעס, האָט אויך אַרײַנגעצויגן אין איר באַפרײַענדיקן שטראָם די אַרבעטנדיקע פון װײַסרוסלאַנד און האָט געעפנט ברייטע מעגלעכקײַטן פאַר עקאָנאָמישער און קולטורעלער סאָציאַליסטישער בויונג אין װ.ס.ס.ר. די „װײַסרוסישע װאָך“ װעט דאַרפן דורכדעמאָנסטרירן פאַר דער הויפּט-שטאָט פון דער אָקטיאַבער-רעװאָלוציע און פאַר דער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפטלעכקײַט פון גאַנצן סאָװעטנפאַרבאַנד די דערגרייכונגען פון סאָװעטן-װײַסרוסלאַנד, װעלכע זײַנען דערגרייכונגען פון דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט און אַ רעזולטאַט פון דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, װעלכע װערט געפירט דורך דער אַל.ק.פּ.(ב).

סאָװעטן-װײַסרוסלאַנד גייט מיט ריזיקע שריט פאָרויס אין דער סאָציאַליסטישער בויונג, ניט געקוקט אױף דער פאַרשאָלטענער ירושע פון צאַריזם און אױף די שװעריקײַטן, װעלכע באַגעגענען זיך אָן. דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר פון דער װירטשאַפט פון װ.ס.ס.ר. גייט פאָרויס מיט ריזיקע שריט. דער צװייטער יאָר פון פינפיאָר האָט פאַרגרעסערט די אַלגעמיינע אויסאַרבעטונג פון דער רעפּובליקאַנישער פּראָדוקציע אױף 67,5 פּראָצ., אין פאַרגלײַך מיטן 28-27-טן יאָר איז עס אַ װוּקס אױף 150 פּראָצ. די קאַפּיטאַלע בויונג האָט באַקומען 44 מיליאָן רובל אָנשטאָט די 38,4 מיליאָן, װאָס זײַנען אָנגעמערקט געװען דורכן פינפיאָריקן פּלאַן. פאַרן 30-29-טן יאָר האָט זיך די צאָל אַרבעטער אין דער רעפּובליקאַנישער אינדוסטריע פאַרגרעסערט אױף 14.000 מאַן און די צאָל געדונגענע אַרבעטער ביכלאַל אין װ.ס.ס.ר. איז אויסגעװאָקסן אױף 40.000 מענטשן. ס׳איז שוין דערגאַנגען צו גרינטלעך ליקװידירן די אַרבעטלאָזיקײַט.

ס׳זײַנען באַדײַטנדיק די דערפאָלגן פון דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע פון דער לאַנדװירטשאַפט אין װײַסרוסלאַנד: אין אָנהויב פון 30-29-טן יאָר האָט דער סאָציאַליסטי-

שער סעקטער פון דער לאַנדווירטשאַפט פאַרמאָגט 5,5 פראָצ. און צום סאָף פון צווייטן יאָר פון פינפיאָר האָט ער דערגרייכט 18 פראָצ. דער דריטער יאָר פון פינפיאָר זעט פאָר נײַע גרויסע דערגרייכונגען און אַן אומגעהויערן וווקס: פאַר דעם יאָר דאַרף די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע געבן אַ העכערונג אַף 105 פראָצ. און די פאַרגעזעלשאַפטלעכע לאַנדווירטשאַפט דאַרף אויסוואַקסן ביז 45 פראָצ.

דאָסזעלבע איז אַפן געביט פון דער סאָציאַליסטישער קולטור. ס'ווערט דורכגעפירט די אָבליגאַטאָרישע אַלגעמיינע בילדונג. ס'ווערן אומגעהויער פאַרגרעסערט די צאָל פּראָפטעכנישע, מיטעלע און העכערע שולן. ס'וואַקסט די אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור. ס'וואַקסט די פּראָלעטאַרישע קולטור פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן....

אָט די אַלע דערגרייכונגען זײַנען אַ רעזולטאַט פון די אָנשטרענגונגען און פון דער ענטוזיאַסטישער אַרבעט פון די פּראָלעטאַרישע און אַרבעטנדיקע מאַסן אין ווײַסרוסלאַנד און אין גאַנצן סאָוועטנפאַרבאַנד. די גרויסע דערגרייכונגען וואָלטן ניט געווען מעגלעך, ווען ניט די גרויסע הילף מיצאַד דעם גאַנצן סאָוועטנפאַרבאַנד.

דער קאַמף פאַר סאָציאַליסטישער בויונג אין סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד, ווי אין גאַנצן סאָוועטן־פאַרבאַנד, באַגעגנט אַ ווידערשטאַנד פונעם קלאַסן־סוינע, וועלכער איז געוואָרן אַקטיוו, דערזעענדיק זײַן סאָף באַם שײַן פון אונדזערע דערגרייכונגען. אין קאַמף מיט דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער קאָנטררעוואָליוציע, מיטן רעכטן און „לינקן“ אָפּאָרטוניזם, מיטן ייִדישן און אַנד. שאָוויניזמען פאַרווירקלעכט דער פּראָלעטאַריאַט, קאָלווירטניק און די אַרבעטנדיקע פון סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד, אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמפּאַרטיי, די געבאָטן פון לענינען, די אויפגאַבן פון סאָציאַליסטישן צוגריף איבערן גאַנצן פראָנט.

דידאָזיקע אונדזערע דערפאָלגן וועלן דעמאָנסטרירט ווערן פאַר דער מאָסקווער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפטלעכקײַט בעת דער „ווײַסרוסישער וואָך“. די „ווײַסרוסישע וואָך“ וועט זײַן אַן עפנטלעכער באַריכט פון סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד וועגן אירע ניצחונעס אַפן פראָנט פון סאָציאַליסטישער בויונג, סאָציאַליסטישער קולטור און נאַציאָנאַלער פּאָליטיק.

בעת דער סאָוועטן־פאַרבאַנד, אין דער שפּיץ מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, דערלייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע און באַפרײַט עקאָנאָמיש און קולטורעל די אַרבעטנדיקע מאַסן פון אַלע פעלקער, אין דעם אויך פון די פעלקער פון סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד, זעען מיר, ווי אַזוי דער פאַשיזם אין דער שכייניעסדיקער פּוילן רויִנירט עקאָנאָמיש, דערדריקט יעדע פרײַע באַוועגונג און יעדע עלעמענטאַרסטע פאָדערונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן פון מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד. אונטערן פאַשיסטישן יאָך פון דעם פּילסודסקישן פּוילן שמאַכטן הונדערטער־טויזנטער אונטערדריקטע און עקאָנאָמיש־רויִנירטע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע פּויערים.

אָבער מיר זעען שוין, ווי אויך דאָרטן וואַקסט אָן די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע פון די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע, וועלכע זײַנען באַגײַסטערט דורך די אידייען פון סאָציאַלער רעוואָליוציע און פאַרכאַפּט פון די גרויסע דערגרייכונגען פון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג.

די „ווײַסרוסישע וואָך“ וועט זײַן אַ לעבעדיקע דעמאָנסטראַציע פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אַרבעט, וואָס אונדזער פּאַרטיי האָט דורכגעפירט אין סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד. זי וועט באַצייכענען די דערגרייכונגען פון די אַרבעטנדיקע פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אין וו.ס.ס.ר., וועלכע רעאַליזירן אין טאַט די גרויסע אידייען פון לעניניזם; זי וועט דינען צוהילף דעם קאַמף מיטן קלאַסן־פײַנט און מיטן נאַציאָנאַל־אָפּאָרטוניזם, מיטן קאָנטררעוואָליוציאָנערן נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיזם, וועלכער דינט דעם פאַשיזם און אינטערווענץ; זי וועט מיטהעלפן שטויסן ווײַטער פאָרויס די סאָציאַליסטישע בויונג און קולטור אין וו.ס.ס.ר.

שמואל ברעגמאן [1].

# דורך קריג און רעוואָליוציע.

## ערשטע בוך.

# מילכאָמע.

## מאָביליזאציע.

מען קלאַפּט מיר אין טיר:
— שטייט אויף. א מאָביליזאציע.
אָנגעטאָן זיך אפגיך: הויזן, שיך, א רוסישע העמדל.
מײַן וווינונג—די צווייטע פון ראָג גאס.
אפן ראָג: ווי ארום א בארמענען—שווארצער טרויער.
איבערגעלייענט: מאָביליזאציע.
איך אויך.
אין גאס—יעלאָלעס:
— מײַן מאן, וואָס וועל איך דאָס איצטער טאָן, זיבן פּיצלעך קינדער (איינער זויגט).
— מײַן טרײַער זון, מײַן ליבער זון.
— א בראָך צו ניקאָלײַען מיט זײַן כאליאסטרע...
— פארמאך דײַן מויל!
— וואָס איז?
פאבריקן פײַפן צוגעשטיקט. ארבעטער רעכנט מען פאנאנדער זייער העפלעך, גאָר העפלעך.

---

[1] שמואל ברעגמאנס בוך „דורך קריג און רעוואָליוציע" איז, קימאט ווי צופעליק, דערגאנגען צו אונדז און האָט געוויס געמעגט אָפּגעדרוקט ווערן נאָך מיט א צײַט פריער. מיר האָבן ווייניק ווערק, באזונדערס פון דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, געשריבענע דורך ארבעטער. ערשט ניט לאנג איז אין דער אויסגאבע פון „ראָמאן־גאזעטא" ארויסגעגאנגען דאָס בוך „אָן א פאָטערלאנד", וועלכער איז אָנגעשריבן דורך דעם דײַטשישן ארבעטער שארער און טראָגט דעם אונטער־טיטול „דאָס ערשטע בוך וועגן מילכאָמע, אָנגעשריבן דורך אן ארבעטער". אזוי, אז ברעגמאנס בוך דארף מיט רעכט ארויסרופן אונדזער אופמערקזאמקײַט און אינטערעס.

שמואל ברעגמאן איז אן ארבעמער און שטאמט פון אן אָרימער דאָרפישער פאמיליע. אין זײַנע יוגנט־יאָרן מאכט ער דורך א שווערע שול פון ארבעט אין בעקערײַ, אלס שוואַרץ־ארבעטער א.ד.גל. די אימפעריאליסטישע מילכאָמע נעמט בא אים אוועק זײַנע בעסטע יאָרן. ער מעסט דורך מיט דער רוסישער צארישער ארמיי רוסלאנד און מיזרעך־פרײַסן און מאכט דורך אלע אירע עטאפּן ביז צעליייגונג, ווערט אָנגעשטעקט מיט באָלשעוויסטישע אידייען און טרעט ארײַן נאָך דער פעווראל־רעוואָליוציע אין דער קאָמוניסטישער פארטיי.

שמואל ברעגמאן באטייליקט זיך אין דער פארטיזאנישער באוועגונג קעגן די ווײַסע פּאָליאקן, פעטליוראָווצעס און הײַדאמאקעס. באגייט א ריי העלדישע טאטן אלס פאו מיזאן, באזאָרגט די פארטיזאנישע אָטריאדן מיט שפּײַז, פירט א קאָמוניסטישע אגיטאציע צווישן דער פויערישער באפעלקערונג, טראנספּאָרטירט אומלעגאלע ליטעראטור, ווײַזט ארויס מעסירעס־נעפעש באם אויספילן שליכעסן פון דער פארטיזאנישער באוועגונג...

דאָס ערשטע בוך, וואָס מיר הויבן איצט אָן צו דרוקן, גיט די אימפעריאליסטישע מילכאָמע אין דער אידעאָלאָגיע פון אן ארבעטער. דאָס גאנצע ווערק איז פארטראכט דורכן אווטאָר אזוי, אז עס זאָל באשטיין פון צוויי גרויסע טיילן. דער צווייטער טייל זײַנער וועט אָפּשפּיגלען דעם בירגער־קריג און וועט ווײַזן, ווי דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער פון דער גרויער סאָלדאטישער מאסע וואקסט אריבער אין א קעמפער פאר דער פראָלעטארישער דיקטאטור.

אף דער שועבל־פאבריק, בא דעם גרעסטן עקספלואטאטאָר פון אלע פאבריקאנטן פון שטאָט, העצן אונטער די קאפיטאליסטישע אונטערלעקער די ארבעטער, וואָס דארפן הײַנט אוועק אין קריג:

— נישקאָשע, ברידערלעך, איר וועט אינגיכן קומען צוריק...

— די מילכאָמע וועט דויערן פון עסטער־טאָנעס ביז פורים...

— מען דארף זיי, די דײַטשן, אָנלערנען, זיי זאָלן ניט האָבן קיין לאנגע הענט...

און דער פארביטערטער סוינע פון די ארבעטער, דער דירעקטער פידלבערג?..

א גרופע ארבעטער באם טויער. שוין אָפגערעכנטע:

— וואָס זאָגסטו עפּעס אף אונדזער דירעקטער?..

— צעטרען אים דעם גראָבן בויך זײַנעם.

— ברידערלעך—זאָגט ער—מירן פון דער מילכאָמע נאָר געווינען, עס וועט זיך פארבעסערן די לאגע פון אלע יידן. פון אלעמען... פון ארבעטער אויך.

— נישקאָשע, זײַן זון וועט ער ניט שיקן...

כוואליעס מענטשן, מוטער־ווײ און שוועסטער־פײַן...

צווייפל פון פרויען, צאר פון קינדער.

מאָ־בי־לי־זא־צי־ע!..

אין א זײַטיקער גאס:

— כאוויירים, ווער דארף האָבן דעם קריג? צו וואָס פארפעטיקן זייערע בײַכער מיט אונדזער ארבעטערס בלוט! ווער וועט פון איר געווינען? — די בורזשואזיע, דער ספעקו־ליאנט, דער גרויסער פאבריקאנט...

— יעדער פון אײַך, כאוויירים און בירגער, דארף וויסן און געדענקען: דער קריג פירט צו פארשארפן דעם האס פון איין פראָלעטאריער צום צווייטן, צו פראָלעטאריער פון צווייטן לאנד... דאָס דארפן די הערשער, דאָס דארפן די קאפיטאליסטן צוליב קאָנקורענץ. דאָס דארפן...

— ראזאָידיס!

— א טויט דעם קאפיטאליזם!

— טויט דעם קאפיטאליזם!

— מיר דארפן ניט קײַן בלוטבאָד!

— ראזאָידיס!

---

פערצנטער יול, פערצנטער יול!..

ווי שעפסן, ווי א סטאדע געפענטעטע אָקסן טרײַבט מען צוף מאנסבלן פון פערציק ביז פירונצוואנציק יאָר.

— גאָדיען!

— זא צארא אי אָטעטשעסטוואָ!..

— נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!

— ווער האָט געשריִען? שיסן אפן אָרט!

— מיר פאָרן אף געשאָכטן ווערן.

— ווער אגיטירט?..

א באפעל:—דרײַ אזייגער צום צוג.

— מאָרגן איז אויך א טאָג.

א באפעל:—פארהאלטן אלעמען, ווער עס דארף הײַנט אָפפאָרן, זאָלן קרויווים ברענגען, וואָס איז נויטיק אין וועג. די סטראזשניקעס זאָלן באגלייטן ביזן וואָקזאל.

— הורא!.. הור־רא־א־אאאא!

מען לויפט: א לעצטן מאָל א קוק טאָן אף דער קראנקער מאמען, אָנקושן דעם קליי־נעם איוואנקען, יאנקעלען, מאָטעלען, סטעפּאנקען, ארומנעמען די יונגע פרוי...

דריקן די הענט די כאווירים, פריינט, שוועסטער, ברידער... זיך שיידן מיט די פיר ווענט. יעדערער האָט דאָך פיר ווענט.

פארמאכט די „מאָנאָפּאָלקע“—שיקורים דאָך פיל.

צו מיר ווענדן זיך כאווירים:—וואָס הערט זיך מיט דיר?

— צוגענומען. היינט דריי אזייגער דער אָפּפאָר.

— וואָס טראכסטו דאָרט „טאָן“?

— מיר וועלן זען.

באקאנטע:

— אן אווירע א באָכער...

מיין געוועזענער באלעבאָס: ער גלעט די זשילעט, ציט אָן שטייפער די שווערע גאָל־דענע קייט, וואָס ליגט פּאָפּעראָק זיין פעטעלדיקן בויך:

— דער שעד וועט אים ניט כאפּן. ער וועט זיך א שלאָג טאָן און קומען צוריק: א ייד איז ניט קיין נאר. פאָר, פאָר!.. באוויַז זיי, בראט, וואָס די רוסישע ארמיע איז? זאָלן זיי ניט מיינען, די דייטשוקעס.

— מערדער, מערדער. שיק דיינע זין. וועסט זיי אויסקויפן מיטן זעקל גאָלד, וואָס דו האָסט!..

ער טראָגט זיך אָפּ, דער באלעבאָס פון זיבן דאמפערס.

פון א רעדל מענטשן:

— אזא גראָבער בויך!

— מירן זיך מיט איַיך אָפּרעכענען, ווער ס׳וועט קומען א לעבעדיקער אהיים.

אין קאפעהויז:

— איר דארפט אויך גיין אין קריג?

— וואָס בין איך פאר א יאכסן.

— און איר ווילט גיין?

— ניין, איך וויל ניט.

— טאָ פאָרט ניט.

— וועט מען דאָ דערשיסן, וויניק סימכע...

און די שטאָט האָט זיך געוויגט, ווי א פעלד צייטיקע זאנגען אין דער צייט פון א שטורעם. פענעמער אויסגעצויגענע, פענעמער מידע, אויגן—פראגע־צייכנס.

די שטאָט האָט געפיבערט.

מאָ־בי־לי־זא־צי־ע.

— וואָס ווייסטו, פויערטע יונגע? מען האָט דיין מאן צוגענומען?

— ניין.

— טאָ וואָס־זשע ווייסטו?

— „זשערעבצא זאבראלי“.

— און דעם מאן ניט?

— דעם מאן אויך.

— איז ווען באווייַנסטו?

— ביידן.

בא די פאבריקן: מידע, אויסגעמאטערטע, פארצאָרנדיקטע פענימער:

— פארוואָס יאווען זיך ניט די גווירישע קינדער?

— זיי זיינען דאָך אלע געלערנטע: דאָקטוירים, אדוואָקאטן, אינזשענערן...

— און די קרעמערשע, די רייכע קרעמערשע?

— זיי האָבן זיך געמאכט, ווער אויערן, ווער קילעס.
— און די פאראָכאָדטשיקעס, וואלד־סאָכרים, מעקלער?..
— זיי וועלן זיך אָנלעבן דאָ אינדערהיים.
— ווי פיאווקעס זיך אָנזויגן מיט אונדזער בלוט.
— זאָלן זיי באזאָרגן אונדזערע ווייבער און קינדער מיט ברויט.
— מיט טאכריכים אויך ניט.

שטייען די ארבעטער, ווי אופגעיאָגטע שעפסן, בא די טויערן פון פאבריק.
וווהין זאָלן זיי גיין? איז דען די פאבריק ניט זייער גוטס?
דער פאבריקאנט איז דאָך ניט מער, ווי א שטעמפל אף די פאבריקאַטן.
קוקן זיי אף די פאבריקן, אף די מאזאָליעטע הענט זייערע... זיי האָבן ניט ווו איצט אהינטאָן די אָרנטלעכע מאָזאָליעטע הענט...
קענען ניט אָפּוועגדן די אויגן פון די הויכע גאָרגלען פון פאבריק.
ווי פויגלעך, וואָס פארלאָזן זייערע נעסטן אין הארבסט, א מאכנע פרויען:
— וואָס שטייט איר דאָ, קומט אהיים. קו־ומט־א־היי־יים.

אינדערהיים. דער נעכטן א פארגעסענער. די קינדער ניט געגעסענע.
— טאטע, פאָרסט אוועק?
— טאטע, ווען וועסטו קומען?
— טאטע, וועסט מיר ברענגען גוטע זאכן?

קינדערלעך קוקן אף דער מאמעס טרערן, אף דעם טאטנס שטומען, בלאָנדזשענדיקן בליק און פרעגן ווידער:
— טאטע, דו מוזט דאָס פאָרן? פאָר בעסער ניט.
— זיי בעסער דאָ...

די מאמעס קוקן אף די טאטעס, קוקן אף די קינדער און ס׳ציטערן ליפּן, און שטיל רינען טרערן: פון מאמעס און פרויען, פון שוועסטער, ברידער און טאטעס.
און מיין מאמע?—מיין ליבע, עלנטע מאמע?
עס איז נאָך צו דיר דער ווייגעשריי פון שטאָט ניט דערטראָגן געוואָרן.
האָסט נאָך קיין צייט ניט געהאט צו באנעמען, וואָס געשען איז...
האָסט נאָך אף די וווּנט דיינע בליקן בלאָנדזשען געלאָזן—מינאסטאם א בילד פון דיין זון געזוכט—איז דיין זון שוין געלעגן אף א טרוקענער נארע אין וואגאָן.

הר־הר־הא... הר־הר־הא...
טרא־טא־טא־טא־טרא־טאטא...

מענטשן־גערודער און טויבער קלאנג פון פויק. קלעפּ פון אפצאסן און צווייפל־געשריי.
— ברודער, ברו־דער־קע־ע־ע...
— טא־א־טע־לע־טייער־ער, טא־אט־טע־לע...
— ראזאָידיס!!!...

דער וואָקזאל קען ניט אופנעמען מיטאמאָל די טויזנטער מענטשן. סקריפּען זיינע טירן, ווי בא א כראָנישן אסטמאטיק אין האלדז, און שויבן ציטערן פון הייסן אָטעם, פון צערודערטע בלוטן.
— פּאָ וואגאָנאם!
— דאָוואָלנאָ פּראשטשאטסיא!..
— פּאָניע קוואס האָט ניט קיין צייט.

און אויגן, א פארזייטע פעלד מיט אויגן, מיט ברייטע שווארצאפּלען... אויגן, וואָס טרינקען זיך אין די טירן פון די רויטע פראכט־וואגאָנעס:
„פּאר אכט פערד אָדער פערציק מענטשן"...

לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, ווי א מיטע פון א מעס, רירט זיך דער צוג. ניין, ניט דער צוג, די לעווייע...

— לאָזט איר ניט זיך שלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ.

— פּעשע, רייַסט ניט די האָר, ער וועט אימירצעשעם אינגיכן קומען.

— ברענגט וואַסער, וואַסער... העלפט מינטערן...

אוויילים נאָך לעבעדיקע מענטשן!

## אין וואַגאָן.'

איך ליג אין וואַגאָן, שטייף מיטן פּאָנעם צו דער ברעט פון נארע.

איך מאַך א כעשבן־האַנפעש; דרייַונצוואַנציק יאָר. א „ניין" שטייט באַזונדער. געפאַרבט אין ווייַסקייַט. און א ציכער „כּערצן" — באַזונדער: בלוטיק רויט. ביז ניין יאָר, געלערנט; און פון ניין יאָר?

— א בעקער. א שמיד... א שנייַדער... ווידער א שמיד... אַן אַרבעטער אפן פלעקל־פאַבריק. רעוואָליוציע פון פינפטן יאָר... אַרעסטן, שיר ניט אפן שטריקל פאַרצויגן... אַף זעגמילן... א טרעגער, א סאָלדאַט א יאָר, א שטיקל אינטעליגענט.

די גאַנצע וועג באַצייכנט מיט בלוט און... דעם שייַן פון מייַן יונגן באַגינען באַדעקן וואָלקנס, שוואַרצע ראָבן־מאַכנעס.

— היי, ניט געדייַגעט!

— **באָרעך, דערלאַנג א גלאָז.**

און צו מיר:

— ניט זייַט צעטראָגן, נעמט אביסל בראַנפן... מען מוז זיך פאַרגעסן...

— איר האָט דאָך קיין ווייַב מיט קיין קינדער ניט געלאָזן?

איך קוק זיך צו צו אלע מייַנע כאַווירים: ווער זייַנען זיי?

— וווּהין פאָרן מיר? וואָס דאַרפן מיר דאָרט האָבן? וועמען זוכן מיר?

— לעכייַים, מיר זאָלן פאָרן געזונטערהייט אלע צוזאַמען צוריק אינגיכן.

און צו מיר:

— נעמט אויך אביסל, וועט גרינגער זייַן.

מיינע כאַווירים: א באַלעגאָלע, באָרעך קאָסאָקער, וואָס איז מיט מיר צוזאַמען ערשט ניט לאַנג געקומען פון מיליטער, א באָכער פון פירונצוואַנציק יאָר, מיט א פלייצע פון א בענדיוזשענעם פערד, טראָגט איינער אליין א פייַער־קאַסע פון פופצן פוד, ער פּאַטשט מיר אין פלייצע:

— ניט געדייַגעט, מירן, קומען צוריק און...

ער וויל נאָך וואָס זאָגן, זאָגט עמיצער פון א ווינקל:

— נא דיר מילכאָמע אין א מיטן מיטוואָך!

— אז מאָרגן איז טישעבאָוו, דאַרף איך ליגן אין וואַגאָן און פאָרן צום שעד אפן האָרב — זאָגט קאָפּל, אַן אַרבעטער פון פּאַפּיר־פאַבריק. דאָס איז יענער, וואָס איז מיר מעקאַנע, וואָס איך האָב ניט קיין פרוי מיט קיין קינדער, ווי ער.

און ער ווענדט זיך צו מיר:

— האָסט געזען, ווי מיט מיר האָט זיך געזעגנט מייַן קליינער יאַנקעלע? ער גיט מיר די האַנט און זאָגט: — טאַאַטאַקע, פאָל געזונט, און לאַכט... ווייַסע ציינדעלעך... פיר ווייַסע ציינדעלעך...

די לעצטע ווערטער זאָגט ער ניט צו מיר, ער זאָגט דאָס צו זיך אליין. און ווילן וויל ער נאָך וואָס זאָגן, פאַרקניכט זיך בא קאָפּלען, באַם וויצלינג קאָפּלען, די צונג און ס'פאַרמאַכן זיך די שווערע וויעס...

ער זעצט זיך לעבן מיר אף דער אונטערשטער נארע און גיט א פאטש מיטביידע הענט אָן די קני. און אף ניט צו דערוויַזן זיַן געפּאַלענעם געמיט:

— באַדאַרפט איבערלאָזן די גוטע הויזן אינדערהיים, אַלציינס וועט מען דאַרפן אויסטאָן און אָנטאָן פּאָנישע.

— האָסט זיך אַליין אויך געמאָגט איבערלאָזן אינדערהיים.

— א בראָך צו פּאָניען, אָן מוזיקע באַגלייט...

— ווי באַראַנעס צו דער שכיטע.

איך זאָג:

— וואָס דאַרפט איר מוזיקע צום באַגלייטן, און די מוזיקע פון די רעדער הערט איר שלעכט? ניקאַק־ניקאַק־ניקאַק־טאַק־טאַק־טאַק...

— אַזאַ יאָר אף פּאָניען.

— ווי רופט מען דיך—ווענד איך זיך צו א רוס, וואָס זיצט טיף דעם קאָפּ געבויגן און רעדט מיט קיינעם ניט.

— קאַלאָור,—ענטפערט ער מיר קוים שטאַמלענדיק מיט זיַינע בלוטפולע ליפּן.

— וואָס ביסטו אַזוי דערשלאָגן מערער פון אַלעמען?

— האָסט ניט געזען מיט וועמען ער האָט זיך געזעגנט?—רופט מען זיך אָפּ פון דערזיַיט.

— מיט וועמען?

— מיט א שיינער מיידל.

דאָס רעדט א ייִדישער יונגערמאַן, א פורמאַן, וואָס פּאַרציט שוין א פּרעכע לידעלע ער איז בעגילופן.

אים ענטפערט ניט קאַלאָור, און צו מיר:

— איצט איז סאַמע צײַט אָראָפּנעמען פון די פעלדער. עס גיסט זיך שוין אָן דער קאָרן. מען קאָסעט שוין די היי. און הײַנטיקס יאָר—ווי אף צולאָכעס—איז אַזאַ גערעטעניש אף די פעלדער, אַזוי גרין די גראָזן אף די לאָנקעס...

און דער ווייטער איז אויך א גינסטיקער. אין אונדזער פאַמיליע זיַינען מיר נאָר צוויי, וואָס קענען אַרבעטן. דער טאַטע איז אַלט.

ער זוכט אין די קעשענעס און נעמט אַרויס פון דאָרטן א קליינע קאַרטעטשקע:—אָט דאָס איז מיַין טאַטע. מיר האָבן זיך הײַנט ערשט פּאָטאָגראַפירט אף א „מאָמענטאַלקע".

דער טאַטע איז אַלט, איר זעט דאָך, און דער ברודער? — אויב די מילכאָמע וועט זיך פאַרציִען, איז ער אָפּן ערשטן פייער.

ער ווענדט זיינע אויגן צום כאָלעל פון טיר, צו דער אומענדלעכער בלויקייט:—ווער וועט אַראָפּנעמען פון די פעלדער דעם קאָרן, פון די לאָנקעס די היי?

— איך, איך דאַרף די מילכאָמע? שריַיט שיקער דער פורמאַן פון ווינקל.

— ניין, איך!

— טאָ לאָמיר זיך אומקערן.

— ווי? פּרווו...

און פּלוצלונג:

„פּאָסלעדני, נינעשני דעניאָטשעק, גוליאַיו ס׳וואַמי יאַ, דרוזיאַ"...

פאַלשע שטימען, ווי אויסגעריבענע גראַמאָפאָן־פּלאַסטינקעס, קריצן דעם אויער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א שווערע בלײַענע, פינצטערע נאַכט.

איך ליג באַם אָפענעם פענצטערל, אף דער אויבערשטער נאַרע.

אין אָרימע דערפער, אין נידעריקע כאַטקעס ליגן נאָך מאַן און ווײַב צוזאַמען. די הינער זיצן אף די סידעלעס, און אף די נאַכטלעגערס מיט די פערד אָפּן פּאַשע דערציילן יונגע פּויערים מעַיסעס און לעגענדעס.

אין אזעלכע טרוימען איז איצטער מיסטאָמע פארפלאָנטערט מײַן דאָרפישער שאָכן קאלאור.

צי כאָלעמט איצטער ניט קאָפּל וועגן זײַן יאנקעלען?

צי וויל ער ניט ארומנעמען זײַן יונגע כאנען?

ווייל אין שלאָף פארהויבט ער זײַן רעכטע האנט און נעמט גלעטנדיק ארום באָרעכן, מיט וועלכן ער ליגט אין שכײנעס...

גוט איז מיר, וואָס איך האָב ניט קײנעם, כוץ טאטע־מאמע און שוועסטער — מײַן ברו־דער איז אין מיליטער—קײנעם ניט געלאָזן.

גוט, וואָס קלארע וויל א רײַכן. מיט איר זיך ניט געזעגנט, צו וואָס דארף איך אומ־זיסטן באלאסט אף מײַן הארץ?

אף די וועגט, אף די טירן פון דעם שווארץ־געפארבטן וואגאָן האָבן זיך שוין אלע פאנאנד־ערגעשריבן (ווער עס האָט נאָר געקענט). אויסער מיר און מײַן שאָכן קאלאור.

שוין צוויי מעסלעס, אז מיר שטייען אין ווילנע, בא דער פראכט־סטאנציע, אין „א טופיק".

אײנער פון אונדז, א רוס פון א יאָר פינפונדרײַסיק מיט א לאנגן געשטופלטן נאָז, מיט הענט קרומע, ווי די טאפ־פינגער פון א קראב, איז אומצופרידן:—דער שעד ווייס, וואָס מען האלט אונדז דאָ. ליג אין וואגאָן...

— ווו דען ווילסטו ליגן, אין דער ערד?

— דײַן קויל ווארט אף דיר, זי וועט דיר באגעגענען שפעטער.

— פון מײַנטוועגן—זאָגט דער פורמאן—קען איך דאָ אָפשטיין די גאנצע מילכאָמע און מײַן אָרט גיב איך אוועק גאלפער דעם פאבריקאנטס זון.

— אבי זאָל מען נאָר געבן פיקן, שטיי איך דאָ, וויפל מען וועט קאָנען.

— פארוואָס גיט מען אונדז ניט קיין „סוטאָטשנע?"

— האָב א טײַגע צום ריבוינעשעלוילעם,—זאָגט באָרעך קאסאָקער.

און מײַן שאָכן קאלאור זאָגט:

— זעסט, זעסט, ער מוז זײַן א גרויסער פאטריאָט, אָט דער הינטישער פּאָנעם!

דער „הינטישער פּאָנעם" פארשפיליעט די שווארצע טוזשורקע זײַנע ביזן אויבערשטן קנעפל, שפרינגט ארויס פון וואגאָן.

— צי איז דאָס ניט א שפיק, זאָגט זיך ארויס קאָפּל:—עפּעס צו שטיל איז ער: רעדט מיט קײנעם ניט און זײַנע אויערן זײַנען, ווי בא א הונט, שטענדיק אָנגעשארפטע. זאָלן מיר אים ניט לאָזן פון וואגאָן באנאכט?

די לעצטע פראזע ווערט געזאָגט אף ייִדיש, נאָר קאלאור פארשטייט, וואָס קאָפּל האָט געזאָגט און איז אײַנשטימיק!

— א הינטישער פּאָנעם האָט א הינטישע הארץ.

— ווער קען ער זײַן, דער מענוול, קערט זיך אום צו דער פריערדיקער טעמע באַ־גונסקע, א רוס, א שמיד, וואָס רעדט ניט שלעכט ייִדיש.

אלע שווײַגן.

אלע ווייסן, קײנער וויל ניט וויסן, און דאָך ווייסן אלע, אז לויפן, אײַלן איז ניטאָ וווּהין.

און אפן ווילנער וואָקזאל, בא די אָפענע מײַלער פון די שטענדיק העל־באלויכטענע טונעלן, ליגן הורבעס געפעק און מענטשן:

פרויען מיט זויגקינדער אף זייערע הענט זיצן אָפּ שיווע נאָך זייער היים.

אף די גראָב־בײַכיקע, נידעריקע טשעמאָדאנעס... אף אָנגעוואָרפענע, ווי אף געקוילעטע גענדז, קישנס מיט פערענעס...

מאנסבילן פון קאָרעוו פופציק און ייִנגער פון צוואנציק יאָר שטייען ארום מיט פאר־דארטע ליפּן, מיט פענעמער פארוואָקסענע, צעקנייטשטע, ווי זייערע קליידער.

— מיר זײַנען געלאָפן פון פײַער און פארפלויגן אין פלאקער,— קלאָגט זיך פאר מיר א פרוי פון קאלווארינע, סוּוואלקער גובערניע.

— שוין דער פערטער טאָג, אז ס׳גייען שלאכטן. מיר זײַנען שוין געווען א טאָג מיט די דײַטשן... מײַן מאן... זי קוקט זיך ארום—ער איז פארבליבן בא די דײַטשן. מען האָט אים גענומען געפאנגען... זי קרעכצט און וויקלט דאָס פיצל קינד...

— ווײ איז מיר!:—איר האָט ניט געזען מײַן ייִנגעלע? רײַסט איבער אונדזער שמועס א פרוי פון מיטעלע יאָרן.

— אָט איז ער נאָרוואָס געווען און איך זע אים ניט מער.

זי ברעכט זיך די פינגער פון די הענט און שרײַט: שמײַעלע, שמײַ־יַ־עלע. שמײַטשיקל!..

— טי, טשעווֹאָ ראזאראלאס!—בײַוערט זיך אף דער פרוי א שווארצוואָנציקער זשאנדאר מיט בראָנזענע מעדאלן.

די ייִדענע טראָגט זיך, ווי א בעהיימע אין א סרייפע, פון איין עק פעראָן ביזן צווייטן און שרײַט ווילד, כריפענדיק:—שמײַ־יַ־יַע־ע־ע־לע־ע־ע, שמײַ־טשיקל, זונינקע קליינער:..

איך זע ווי מען פארהאלט איר, מען לאָזט איר אָפּ און מען פארהאלט איר ווידער...

— שמײַ־יַ־יַ־עעל־לע־ע!

א נײַער אומגליק:

— ווײ איז מיר, די בעסטע זאכן: די מאנטלען, די פאליטעס, די וועש...

— ווי אזוי איז דאָס געשען? איר זיצט דאָך אף די פעקלעך?

— עפעס א יונגערמאן, א שיינגעקליידעטער איז מיט מיר צוזאמען געזעסן...

— „איך פאָר זיך מאָבילי‍זירן“, זאָגט ער... אין אזא געגעם, גיי קלײַב זיך פאנאנדער...

— נו, איז ווער איז אײַך שולדיק, פארברענגט ניט מיט קיינע יונגעלײַט.

— ווײ איז מיר, מײַן קינד.

— ווײ איז מיר, מײַנע זאכן...

א קאָמאנדע:—פאָ־וואַ־גאָ־נאם!

— סא־א־אדי־יִס!

— זײַט מיר געזונט: אנטלאָפענע, פארלאָרענע און פארלאָזענע.

זײַט געזונט: אלע לײַדנדיקע, אלע עלנטע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין ניט אין בלינדן פראכט־וואגאָן. מיר פאָרן אין פולמאנסקע, אין פאסאזשיר־וואַגאָנעס. גענוג ליכט פון די אָפענע פענצטער, גענוג פוסטקײַט. איך פארנעם א פרײַען פענצטער. איצט איז האלבער טאָג.

וואָלקנדלעך ווײַסע און אשקאָלירטע ציִען זיך ווי מאכנעס ווילדע גענדז פון מיזרעך אף מײַרעוו, גיסן זיך אוף, ווי מילך, צעלאָזן זיך ווידער, ווי פליגל פון טויבן...

ווײַטע הימלען, פרײַע וואָלקן!..

מײַן הארץ, ווי א פוסטקע, ווי א כורווע: אָן טירן, אָן פענצטער.

נאקעטע ווענט, ארומגעריסענע, ווי דער סקעלעט בא א פייגער נאָך א וואָלפישן מאָלצײַט.

אין קאָפּ:—ווּהין פאָרסטו. פאר וועמען, פאר וואָס?

איך האָב דאָך געלערנט „קאפיטאל“, געלייענט ענגעלסן, ליבקנעכטן, לאסאלן, בעבעלן, פאָל־לאפארג...

ווּ איז מײַן איך? און דער פולער וואגאָן „איכן“?

און די טויזנטער וואגאָנעס מיט צענדליקער טויזנטער „איכן“, וואָס טראָגן זיך איצטער פון אלע עקן צארישן פארקנעכטעטן רוסלאנד צו די מײַרעוו־גרעניצן.

אלע כאווײרים זינגען לידער, אָבער ניט איין ליד: יעדער ציט באזונדער.

און פון מיזרעך אפן מײַרעוו ציִען זיך וואָלקנדלעך, שופן זיך לופט־שטראָמען.

און פון מיזרעך אף מײַרעוו פירט מען שעפסן צו דער שכיטע...

יעדעסמאָל, ווען מיר שטעלט זיך פאָר בױלעטער דער קריג, דערמאָן איך זיך אָן דעם, וואָס מיר איז באוווסט וועגן דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראטיע; אין דײַטשלאַנד—האָבן אונדז די פארטיי־אגיטאטאָרן דערציילט,—זײַנען אף יעדע דרײַ ארבעטער—צוויי סאָציאַל־דעמאָקראטן, דארף מען א בעסערן קויעך?...

## א־ל־י־ט־ע.

אליטע רופט זיך דאָס שטעטל, וואָס ליגט ברייט צעצויגן אף זאמדיקע ברעגן פון ניעמאַן.

בא עליזע אָזשעסקעס ברעגן פון ניעמאַן.

סאָסנעס, בעריאָזעס, ווי פאָרלעך פארליבטע אף שפאציר.

אליטע. אונדזער לעצטע ציוויל־היים.

— „גאָני איך נא אָבעד"—באפעלט א געשטופלטער פעלדפעבעל א סאָלדאט פון דער רעגולערער ארמיי.

— „גאָני איך?"...—„פארטרײַב די בעהיימעס, לאָז ארײַן דעם פערד אין שטאל"—פלעגט מיר זאָגן דער זיידע אין דאָרף.

— „פאָסלע אָבעדא, פאָגאָניש אָבמונדיראָוואט".

איך גיי ניט עסן קיין ווארמעס. איך בין זאט.—פארוואָס גיי איך ניט עסן?

איך וויל קויפן עטלעכע קארטלעך.

— זאָג מיר ברודערקע, ווו איז דאָ ערגעץ די פאָטשט?

ער איז א ווייכפוכיקער, יונגער סאָלדאט מיט בלאָנדע האָר און מיט בלאָנדע אויגן—מײַנער א „זעמליאק", פון מינסקער גובערניע.

— קויף מיר אויך אן „אָטקריטקע", זעמליאטשאָק. מען דארף שרײַבן אהיים. איך האָב דאָרטן טאטע־מאמע, שוועסטער, ברידער און... זײַנע אויגן פארנעפלען זיך און איך זע, ווי ער שלינגט אראָפּ א זיפץ—איך האָב דאָרט אויך א פרוי... איך ווייס ניט, וואָס זיי צו שרײַבן.

— איך ווייס אליין אויך ניט, זאָג איך.

— מע זאָגט, אז מיר וועלן מאָרגן ארויס צום גרעניץ.

— ווער זאָגט?

— סאָלדאטן ריידן. עס זײַנען אָנגעקומען אסאך פערד און אָפיצערן נײַע... מען גרייט סנאריאדן. שוין פולע קוילן־קאסטנס און פאָדערשטע רעדער.

— ווי ווײַט איז פונדאנען צום גרעניץ?

— וואָס איז, דו ווילסט אנטלויפן?

— ניין, איך וויל גלאט וויסן.

— און איך... ברודערקע... איך וויל ניט. מיר איז אן אויירע מײַן יונג ווײַבל. וועסט גלויבן, זיך צו זאט ניט אָנגעקוקט איינע אף די צווייטע... און זי מוז שוין זײַן אין... איך בין געווען אין אָטפוסק...

— איך וועל קויפן, ברודערקע, פונדײַנטוועגן, אן „אָטקריטקע", זאָג איך, איך וועל קויפן.

אפן וועג—אָפיצערן אין נײַע מונדירן, עס בלײַצן די באניקלטע קנעפּ, עס דזשימדזשען די שפּאָרן... די שווערד פון איין זײַט און דער רעוואָלווער פון דער צווייטער... דאָס מאכט זיי שיר ניט פאר ריטער.

אָבער איך בין נאָך דערווײַלע ציוויל געקליידט און האָב זיי דאָרטן, ווו די ייִדן האָבן א דנעווקע געהאט... באם ברעג פון ניעמאַן צעעפנט זיך מײַן הארץ.

מי־ל־כאָ־מע!

זיבּן זילבּן. זילבּן זיבּן און אַזוי פיל שוידער, שמערצן.

אַ טייל מענטשן וועלן גליקלעך ווערן, אָנשפּאַרן זעק מיט געלט, וועלן ווערן מעשוגע פון ווילטיק און דער גרעסטער טייל... דער גרעכטער טייל וועט לייגן די קעפּ.

וואָס גייט מיך אָן, וואָס דער ניעמאַן שטראָמט בּרייט און פריַי אין די טיפע בּרעגן?

וואָס דער הימל אַזאַ וויַיטער פאַלט צו צום וואַסער, ווי אַ מאַמע צו אַ לאַנג ניט געזעגנעם קינד?

ווי אַ מאַמע?..

איך האָבּ זיך מיט מיַין מאַמען ניט געזעגנט, מיַין טאַטנס האַנט ניט געדריקט...

און מיר שטעלט זיך פאָר; מיַין מאַמע איז אין שטאָט געקומען. אין שטאָט, ווו היַיזער שטומען און גאַסן זיַינען פרעמדע.

בּיז מיַין וווינונג האָבּן מיסטאָמע געציטערט פון אומגעדולד אירע קני. קוים דערשלעפּט די פיס צו מיַין צימער און...

אין צימער איז פּוסט, נאָר אַ ניטאויסגעוועבּטער רייעך פון מענטשלעכן זיַין.

— „זון מיַינער, ליבּער זון, וואָס בּיסטו אַזוי גיך פון מיר פאַרפלויגן פלוצלונג, ווו בּיסטו, זון מיַינער”...

עס שוויַיגן די שטיינערנע ווענט.

איז וויפל מאַמעס לעבּן דאָס איצטער איבּער מיַין מאַמעס פּיַין, מיַין מאַמעס ליידן? וויפל מאַמעס?

איז ניט גליַיכער זיך לייגן אָטאָ דאָ אַפן גרונט פון ניעמאַן? פיש האָבּן דעמזועלבּן אַפּעטיט ווי שוואַרצע ראָבּן.

און דער מאַמען אַ בּריוו? „אַ בּריוועלע דער מאַמען”?...

— אַלע בּייזע...—שריַיט אויס מיַין זעמליאַק גלויבּערמאַן.

— גלויבּערמאַן?—פרעג איך,—וואָס איז געשען?

— וואָס איז געשען? מען זוכט דאָך איַיך. דער קאָמאַנדיר, וואָס האָט זיך בּאַ איַיך אינדערפרי געפרעגט, וואָס איר האָט געטאָן אינדערהיים, פרעגט זיך איצטער נאָך אָף איַיך, אין אַלע קאַזאַרמעס אויסגעזוכט איַיך, איז דאָך גוט, וואָס דער סאָלדאַט האָט מיר געזאָגט אַז איר זיַיט אוועק אָף פּאָטשט, מען קען דאָך איַיך... איך ווייס וואָס טאָן פאַר אַזאַ זאַך.

איך לאָז זיך פאַנאַנדער. ווען איך קום אין קאַזאַרמע, דערקען איך קיינעם ניט.

— „נאַס אָבעזליטשילי”,—זאָגט צו מיר קאַלאַור, ווען ער דערזעט מיַין פאַרוווּנדערונג...

אין הויף טאַנצן אַרום, ווי ווילדע בּינען מיט קורצע טאַליעס, די פאַרשמוקלטע אָפּצערן. מיט פילע פון זיי—פאַרפּוצטע דאַמען, יונגע פרויען. אַלע לאַכן. מען איז פריילעך.

איך קוק אָף די בּרייטע הויזן, אָף די היטלען מיט די טטריכעס־דאַשעקן, וואָס פאַלן אַריבּער די אויגן און אויערן און ס׳ווילט זיך מיר וויינען. נאָר איך לאַך.

אָבּער וואָס שטיי איך? מיַין קאָמפּלעקט קליידונג ליגט שוין אַפן נאַרע.

איך טו זיך איבּער. און אַ קאָמאַנדע:—פּאָסטראָיטסיאַ. בּיסטראָ!

איך גיי אַרויס פון קאַזאַרמע, גיי צו נאָענט צו דער ריי, און אַלע מיַינע בּאַקאַנטע מאַכן אָף מיר אַן איַינדרוק פון מעשוגאָים. און איך דערפיל, ווי אַלעמעס אויגן זיַינען געוועגדט אָף מיר, נאָר אָנשטאָט צו וויינען—לאַך איך ווידער.

## אַ ר ו י ס ט ר י ט.

אין שטעטל האָבּן ערשט צווייטע העגער געקרייט. דער זומער־פרימאָרגן האָט זיך די אויגן געריבּן.

אַ הילכיקע הייזעריקע שטים פון „דנעוואַלנעם” האָט אופגעטרייסלט די קאַזאַרמע:

— שטייט אוף, שטייט אוף, גרייט זיך!

מענטשן הויבן זיך ניט ווילנדיק אוף פון די געלעגערס:

— אָך...

— אָך...

מיר שטייען אוף, טוען זיך אָן אין די מעשונעדיקע קליידער.

ווען די עטלעכע צענדליק מענטשן שטייען שוין, ווי די פודעלעס אף די גערטנער, מיט אראָפּגעלאָזענע הענט בא די זייטן פון די הויזן־קאַלאָשעס, מיט אידיאָטישע אויגן, ווי בא דעם בודיסטישן גאָט, גייט דורך דער פעלדפעבעל.

ער באטראכט, ווי זעען דאָס אויס די „נייַע“:

— העי, ווי ריאזיאנסקיִע באבי. איר געדענקט ווי אָפּציגעבן טשעסט? קוקט זיך צו, פארגעסט אייַערע ווייַבערס שויסן!

ער לייגט צו די האנט צום קאָזיראָק, מאַלט א ניטגלייַכן דרייַעק,—אָט אזוי.

— טשעסט איז אין דער רוסישער ארמיע די אזבוקע פון דיסציפלין, געדענקט!

און מיט באגייַסטערונג:—הייַנט וועט זייַן א „סמאָטר“ פון קאָרפוסנעם. עס קען זייַן, אז דערנאָך וועלן אלע פאָרן אהיים, און עס קען זייַן, אז מען וועט מאכן מאנעווורעס, נאָר איר אלע באדארפט זייַן גרייט פארגיסן אייַער בלוט פארן קייסער און פאָטערלאנד... אויב זייַן פרעוואָסכאָדיִטעלסטוואָ וועט זיך א פרעג טאָן בא אייַך, צי ווילט איר מילכאָמע מיט די נעכריסטן, מיט די דייַטשן, דארפט איר אלע, ווי איינער, שרייַען:—מיר ווילן, מיר ווילן, מיר ווילן שטארבן פארן קייסער, אונדזער טאטן, און פארן פאָטערלאנד.

זייַן געשטופלטער פאָנעם בלאנקט, ווי א ריבאייַזן, ווען מען שייַערט אים אויס מיט ציגל־זאמד. זייַן גיידער און זייַן אראָפּגעהאנגענער, כאָטש אונטערגעשפארטער בויך זעט אויס ווי א כאזערטע, וואָס האָט נאָר־וואָס געוווּנען א האלבן טוך כאזיירעמלעך און טראָגט דע־ריבער א צענאָפּלט בויך...

— מיר וועלן זינגען,— זאָגט ער,— „באָזשע צאריא כראני“. ווער פון די אלטע האָט א הילכיקע שטים?

זייַן פאָנעם ווייקט זיך אין פעטקייַט, ווי א קליינער כאזערל אפן סקאָוורדע.—נו, ווער האָט געזונגען אין קלויסטער, אין סינאגאָגע, אָדער...

עס קומט ארייַן דער דעזשורנער אָפיִצער.

— סמיר־נאָ־אָ־אָ!

דער פעלדפעבעל, וואָס איז מיט א ווייַלע צוריק געווען א נאטשאלניק, איז נידעריקער געוואָרן מיט א קאָפּ. אויסגעצויגן האלט ער די רעכטע האנט באם דאשעק און מיט דרייַ פראזן אָפּערירט ער. זייַן לעקסיקאָן באשטייט פון „ניקאק ניעט“, „טאק טאָטשנאָ“ און „סלושאיוס“...

טשעסט אָפּגעבן איז אין דער רוסישער ארמיי דער אלעפבייז פון דיסציפלין...

שטיי,—טראכט איך מיר,—אין געהאקטע ווונדן, אָט אזוי.

דער אָפיצער איז איצט דעזשורנער אין בריגאדע. איז ער געקומען פרעגן, ווער האָט דאָס באפוילן צו הויבן דעם אוילעם אין מיטן נאכט?

דער אָפיצער איז א יונגינקער באָכערל, אָן וואָנצן, אויך א מאָביליזירטער, מיט איין שטערנדל אפן עפּאָלעט—א פראפּאָרשטשיק. ער באפעלט:

— צולאָז די מענטשן און גיי שלאָף זיך אוים.

— סלושאיום.

דער אָפיצער איז אוועק.

אלע ליגן ווידער אף די טרוקענע, ניט געהובלטע ברעטער, אין די זאכן.

שלאָפן איז לאנג ניט אויסגעקומען. דער גארניסט האָט געטרומייטערט אף זייַן מעשע־נער פאָנפארע, און ווי די בעהיימעס, ווען זיי דערהערן אין פרימאָרגן דעם פאסטעכס פייַפל, רייַסן זיך פון די שטאלן צום פעלד, צו פרייַער לופט, אזוי האָבן זיך מענטשן געריסן פון

דער טוכלער קאזארמע צו פרײַער לופט, צום גאס. געגעצן האָבן באגלייט, באגלייט האָט אויך גלײַכגילטיקײַט.

א בלייכער פרימאָרגן, א ליכטיקער טאָג, דערפאר הירזשען דאָס אזוי מונטער די גוט־אויסגעצירטע, גלאט פארקעמטע, אויסגעבארשטענע, מיט סטענגעס־באפוצטע ארטילערישע פערד?

איז עפשער דערפאר גלאנצן אזוי לאכנדיק די געטאָקטע שראפנעלן און גראנאטן? זיי ליגן איצט, ווי שלאנגען, וואָס ווארעמען זיך אף דער זון אין א זומער־פרימאָרגן, אין רייען צעלייגטע.

און עפשער דערפאר טאקע זײַנען אזוי כמורנע די מענטשן? עפשער דערפאר גייען ארויס אלע ווי פארשלאָפענע? אויך דער הונט, דער באטאריי־הונט, וואָס רופט זיך „פיראָד" ליגט איצט אזוי, ווי א מיט שמאלץ פארגאָסענער פאבריקאנט נאָך ווארמעס, קוקט פלעגמאטיש אף די פרישע סאָלדאטן און עס ארן אים ניט די ביסן פון די בינען.

— ווער ס'האָט נאָך ניט אָפגעגעבן זײַנע ציווילע קליידער אין צעכהויז — טראָגט שנעלער!

איך האָב נאָך ניט אָפגעגעבן. און אזוי שווער איז מיר זיך שיידן מיט מײַן זאמד־העלער טוזשורקעלע, מיט מײַן פראָסטינקער קעפי, מיט מײַן רוסישער העמדל.

מײַן גאנצן לעבן דארף איך אוועקגעבן...

— סלושאיוס, טאק טאָטשנאָ, ניקאק ניעט. דאָס איז פון איצט אָן מײַן גאנצער לעקסיקאָן. מײַן גאנצן מעהוס דארף איך ארײַנרוקן אין די דרײַ פראזן...

נאָך ווארמעס. מיר באקומען ראנצעס פון שווארצן געסמאלעוועטן ברעזענט. צו פאָר וועש, צו פינף פונט סוכארעס, צוויי שאכטלען קאָנסערוון, דאָס איז פאר די „נומערן" — אין ארטילעריע האָט יעדער הארמאט צו זעקס באדינער און זיי רופן זיך נומערן, פאר רייטער גיט מען ארויס קאבורן, אזעלכע פיר לעדערנע קעשענעס, וואָס בינדן זיך צו אף די פערד צו צוויי פון פאָרנט און פון הינטן. און כוץ וועש, סוכארעס און קאָנסערוון גיט מען נאָך ארויס האָבער פאר די פערד און א געפלאָכטענעם זעקל אף היי.

ווײַל איך האָב נויסע־כיין געווען באם קאָמאנדיר, האָט מען מיך פארעכנט אין די אויסשפירער, — באקום איך א שווארצן, א קויל־שווארצן פערד, א נײַנקן קאוואלעריסטישן זאָטל מיט די אויבן אויסגערעכנטע מאכשירים. פארן פערד האָב איך ניט מוירע, — ערשט א יאָר אז איך בין פון מיליטער.

אָבער וואָס פאר אן ענדערונג כון נעכטן ביז הײַנט?

דער פערד איז נומער איינס. און איך בין ניט מער, ווי זיינער א באדינער.

דער קאָרפוס־קאָמאנדיר איז ניט געקומען, ניט געקוקט אף דעם, וואָס די גאנצע מאכנע אָפיצערן, כּארמארינירטאין נײַע שינעלן מיט אלע ציילעכס און מעדאלן אף די אויסגעשטארטשעטע הערצער האָבן זיך אופגעקליבן אפן גרויסן פלאץ פון פארק, ניט געקוקט אף דעם, וואָס די סאָלדאטן האָט מען שוין צום צוואנציקסטן מאָל געמושטרעוועט. דער קאָרפוסנער קאָמאנדיר איז ניט געקומען. און ווען אונדזער קאָמאנדיר, א שווארצבאוואקסענער, הארבאטער פאָדפאָלקאָווניק האָס אָפגעגעבן א באפעל: — פאנאנדערלאָזן די סאָלדאטן, זאָלן זיי זיך אָפרוען, איז אָנגעקומען א רײַטער אף אן אָנגעזייפטן פערד מיט א באפעל. דער בריגאדע־קאָמאנדיר אן אלטער, גרויער מאן, מיט באקנבארדן, ווי בא אלעקסאנדער דעם צווייטן, האָט גלײַך באפעלריש א קאָמאנדעווע געטאָן:

— סמירנאָ, הערן אָפיצערן!

ווי סאָלדאטן, שטייען זיי אין איין ריי און דער בריגאדנער לייענט:

— איך באפעל דער בריגאדע, דעם פארק, דעם „אָבאָז" גלײַך זיך רירן אין דער ריכטיג אף ווערזשבאלאָווע. מיט פולער באוואָפענונג. קאָרפוסנער קאָמאנדיר.

די אָפיצערן בלײַבן שטיין אומבאַוועגלעך, ווי ס'וואָלט זיי אַלעמען אַ עלעקטרישער שטראָם צום אָרט געשמידט.

און אין לאַגער, ווי אין אַ צײַט פון אַ שטורעם, אַ קאָכערײַ, אַ לויפערײַ: דער גאַרניסט שפּילט „סבאָר", די פערד הירזשען, און גראָז געפּאַרבטע, זעקסאַרטיקע קוישלעך מיט האַלב־מעשענע, האַלב־שטאָלענע שראַפּנעלן, גראַנאַטן, שפּילן זיך מיט זונען־שטראַלן און גליטשן זיך אין די קוילן־קאַסטנס, ווי גרינע יאַשטשערקעס איבערן גראָז.

עטלעכע פערד, אָגערס, רײַסן זיך אַרויס פון די סאָלדאַטסקע הענט און מיטן גאַנצן קויעך פון זייער קערפּער שפּרינגען זיי איבערן פעלד און פּרוּוון זיך אַ פלירטעווע טאָן מיט די קליאַטשעס. זיי כאַפּן אין די ציין—ניט איצט איז די צײַט...

פון מײַנע אַלטע באַקאַנטע מאָביליזירטע, מיט וועלכע איך בין געקומען, האָב איך נאָענט נעבן זיך נאָר באָרעך קאָסאָקער און גלויבערמאַנען.

קאָפּל איז אַפּן באַטאַרייע. און די איבעריקע זײַנען אין אָבאָז.

— אין אָבאָז איז ניט אַזוי שרעקלעך, זאָגט באָרעך צו מיר, פאַרוואָס האָט איר ניט געוואָלט אין אָבאָז?

— ווײַל איין פערד איז מיר אויך שווער צו פאַרשטיין...

— אַן אַווירע, זאָגט ער, מיר וואָלטן געווען צוזאַמען.

— אַ מ ו ־ נ י ־ ט ש ־ ו א ט! (שפּאַנען).

איצט קאָמאַנדעווען שוין אָפיצערן.

איך נעם זאָטלען מײַן פערד. ער איז הויך און שלאַנק. זײַן הויט איז דורכזיכטיק און צאַרט, אַ דינע סטרוקטור—אַ פרײַלן פון די אַדעליקע. ער איז ווילד און פילבאַר, מײַן פערד. לענגויס זײַן בויך, וואָס גלאַנצט, ווי אַן אויסגעפּרעסטער שוואַרצער פראַק, לייגן זיך קנייטשן, ווי נאָר איך נעם צושיילען די פּראַשקעס פון זאָטל. ער טראָגט אָפּ די הינטערשטע פיס.

איך קראַץ אים דעם האַלדז, פּאַטש אים איבער זײַן ברייטער, שטײַפער ברוסט, נעם אַרום זײַן ווייכע צאַרטע מאָרדע, קוק אַרײַן אין זײַנע קלוגע, קאָסע, קאַרע אויגן, האַלט לאַנג זײַנע שאַרפע אָנגעשפּיצטע אויערן און איך בין פאַרטיק. מײַן פערד האָט מיך ליבגעקראָגן. אַ באַפעל:

— פּ אָ ־ ק אָ ־ נ י א ם (צו די פערד).

— סאַ־דיס!

מיר זיצן רייטנדיק.

— אויסשפּירער, פאָרויס!

מיט מיר איז דאָ נאָך אַ ייִד, אַ פרײַוויליקער איז ער. אַ ווילנער. אַ פאַבריקאַנטס אַ זון. מיר האָבן ניט קיין צײַט צו באַקאָנען זיך, ווײַל דער גאַלעך, אָנגעטאָן אין זײַן גאָלדענער ריאַסע, רעדט שוין צו די סאָלדאַטן אין גאָטס נאָמען:

— כריסטאָלוביוואָיע וואָיענסטוואָ, איר טרעט איצט אַרויס אין מאַרש. אײַך וועט אויסקומען זיך באַגעגענען מיט אַ שטאַרקן סוינע, נאָר דער גאָט־געזאַלבטער צאַר לייגט אַלע זײַנע האָפענונגען אַף אײַער שפּיז. און איר דאַרפט אַרויסווײַזן אײַער גבורה: איבערהויפּט שרעקט דעם סוינע מיטן שפּיז.

אין גאָטס נאָמען: איר מעגט האַרגענען פון ווײַט, שטעכן פון נאָענט, יעזוס וועט זײַן מיט אײַך, וווּ איר וועט זיך קערן און ווענדן.

אין דעם הייליקן יעוואַנגעל איז געשריבן: „האָב ליב דײַן ברודער. און אויב עמיצער וועט דיר געבן אַ פּאַטש, שטעל אים אונטער דײַן צווייטע באַק"; דאָס מיינט מען וועגן אײַערע אָפיצערן. אויב זיי שטראָפן אײַך, דאַרפט איר דאָס צונעמען מיט ליבע. און אין שלאַכטן, אין צײַט פון אַן אַטאַקע, דאַרפט איר זיך מאַקריוו זיין. אויב איר וועט זײַן פאַרוואונדעט שווער און אײַער אָפיצער לײַכט, דאַרפט איר מיט אײַערע לעצטע קויכעס אים אַף

די פלייצעס ארויסטראָגן, ווײַל גאָט וויל אזוי. אָן א פאסטעך ווערט גאָרניט פון דער סטאדע שעפסן... אָמיין.—אָ־מיי־יין!

דער גאלעך האָט אונדז אלעמען, רוס און ייִד, באשפריצט מיטן גראָבן פענזל פון זײַן קריגל, און מיר הערן א קאָמאנדע:—פון רעכטס, הארמאטנווײַז, טריט בא טריט, פאָרויס!..,

אָנגעזאָטלטע פערד און אָנגעזאָטלטע הערצער. סאָלדאטן קוקן זיך איבער איינע מיט די צווייטע. לאנג, שווײַגנדיק, ווי מען וואָלט אף לאנג געוואָלט פארשטעמפלען אין זיקאָרן איינע די אנדערע.

אין דער פינצטערער טיפעניש פון יעדן ברילעוועט א פינטעלע: „לעבן". קאָפלען ווילט זיך לעבן, ווײַל ער האָט איבערגעלאָזן אינדערהיים א קינד, וואָס האָט ווײַסע ציינדעלעך... „פון פאָרנט פיר ווײַסע ציינדעלעך"... און פאר וועמען שלאָגן זיך קלאל?

באָרעך קאָסאָקער האָט איבערגעלאָזן א קאלע, א געטאָקטע פאבריטשנע מיידל, וואָס האָט ליב איר העלדישן, קרעפטיקן באָרעכן.

קאלאור... יע וועגן קאלאורן. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אז מען האָט מיר געגעבן א פערד און איך בין פארעכנט אין די אויסשפירער, איז ער אוועק און זיך אויך געבעט! אין אויסשפירער, ניט געקוקט אף דעם, וואָס א נומער זײַן איז געווען גרינגער ווי אן אויסשפירער.

— איך האָב געוואָלט זײַן נאָענט צו אײַך...

איך בעט אים ער זאָל מיר זאגן „דו".

ערשט פאָרט ער אין שכיינעס מיט מיר און איז צופרידן פון דעם, זײַן אָפענער פאָנעם איז אָבער פארצויגן מיט א וואָלקנדל. ער מוז איצטער טראכטן וועגן זײַן שיינער פויערטע, וועגן די צײַטיקע זאנגען, וועגן אלטן טאטן. און איך? איך דארף שרײַבן בריוו. איך בין אזוי צערודערט געווען, אז איך האָב ניט באוויזן אָנצושרײַבן אהיים א בריוו.

מיר פאָרן מיטן שאָסיי. פוןביידע זײַטן וואלד, נאָדל־בוימער גלײַכגילטיקע.

א ווינטל קערט אָפּ דעם שטויב פון גלאטן שאָסיי און דער אָפּקלאנג פון די געשמידטע פערדישע פאָדקאָוועס דערמאָנען אָן יאם אין צײַט פון זײַן רו:

— שושש־שר־שו... זיזש־זיש־זיזש־שר־שר־ו...

אָפּגעפאָרן פיר וויאָרסט—א קאָמאנדע:—שטיי־יי־ן!

(פאָרזעצונג קומט).

איציק פעפער

# פון בוך „פלאקאטן אף בראָנזע".

I

פאר גרויסע טאלאנטפולע טאטן
הײַנט הויבן די הענט מיליאָנען!
די בראָנזע אהער! אף פלאקאטן!
די בראָנזע אהער—קעגן סאָנים!

ניטאָ קײַן עפּאָכע באזונדער
און באזונדער טאָגטעגלעכע יאָכן!
יעדער טאָג איז א שטיק פון יאָרהונדערט,
יעדער טאָג איז אליין אן עפּאָכע!

ווערן טעג ווי פלאקאטן געבאָרן
אין טיפקײַט פון בראָנזענע שטראָמען.
יעדער טאָג שטעלט זיך אָפּ אין זיקאָרן
און פארקריצט ווערט אף בראָנזע זײַן נאָמען!

אָט די טעג די טאָגטעגלעכע הודען
צו דענקמאָלס, בולווארן, פאלאצן:
אהערצו די בראָנזענע הרודעס
אף לאָזונג, אף רוף און אף טאצן!

מע דארף ניט קײַן צארטינקע פארבן,
מע דארף מיט קיין בוימל ניט שרײַבן,
די זיפצן די לירישע שטארבן!
פלאקאטן אף בראָנזע פארבלײַבן!

# לייַכטע קאוואַלעריע.

(מאַרש־ליד).

ניט אין די וועלדער און ניט אין די בערג
פליט די קאוואַלעריע אָן שפּיזן און אָן פערד,
פּויקן ניט קיין פּויקן, פייַפט ניט דער ווינט,
פליט די קאוואַלעריע אָן פערדלעך געשווינד!

די לייַכטע קאוואַלעריע איז שטענדיק גרייט!
די לייַכטע קאוואַלעריע
איז אומעטום צעזייט.
די לייַכטע קאוואַלעריע,
די שווערע אַרטילעריע—
היט זיך!
היט זיך!
— גייט!

אַף יעדן זאוואָד און אין יעדן קאָלווירט,
די לייַכטע קאוואַלעריע די ראָטעס אירע פירט,
אָן לידער, אָן בודיאָנישע, אָן שרויט און אָן מוזיק
נעמט די קאוואַלעריע די סאָנים אַפן סמיק!

די לייַכטע קאוואַלעריע...

זיצט אַ ביוראָקראַט מיט אַ בייַכיקן מאַנדאַט
זיצט אַ ביוראָקראַט און ראַבעוועט דעם ראַט,
ווער־זשע וועט אים געבן אַ פּרעמיע פאַר זייַן מי?
ווער־זשע וועט דערלאַנגען אים אין הינטן מיט אַ קני?

די לייַכטע קאוואַלעריע...

ווער שלאָפט עס אַף די פּלענער? ווער ראַבעוועט די צייַט?
די לייַכטע קאוואַלעריע אָן פערדלעך רייַט!
אין צעכן—אַ דורכרייַס, אַף פעלדער—אַ געשוויר—
די לייַכטע קאוואַלעריע די פאָלקן אירע פירט!

די לייַכטע קאוואַלעריע...

מיר שטימען מיט די הערצער, מיר שטימען מיט די הענט,
מיר שטימען מיט די לעבנס פאַר די הונדערט פּראָצענט,
ווער ס׳איז אין פאַרמעסטונג ניט, איז אויס קאוואַלעריסט,
ווער ס׳איז אין בריגאַדע ניט, איז ניט קיין קאָמיוגיסט.

די לײַכטע קאַוואַלעריע...
איז שטענדיק גרייט!
די לײַכטע קאַוואַלעריע
אומעטום צעזייט!
די לײַכטע קאַוואַלעריע,
די שווערע אַרטילעריע
היט זיר!
היט זיך!
— גייט!

---

## אין סאַזשלקעס.

אין סאַזשלקעס ווינען די זשאַבעס,
אין אָזערעס נעכטיקט דער ווינט,
אין דריבנענקע שטערן, ווי אַרבעס
ליגן זיי שטיל און פאַרגרינט...

לעם דערפעלעך, בערגלעך און שפּאַלן
בוריאַן מיט ראָמאַשקע זיך מישט,
וויפל פיש ווערן דאָרטן פאַרפאַלן!
וויפל הונדערטער שיפן מיט פיש!

מיר שיקן די קויכעס אַף וואָלגע,
אַף דניעפּער, אַף ביראָ, אַף דאָן,
די טײַכן די גרעסטע אונדז פאָלגן,
ווען ס׳טוט אונדזער צײַט נאָר א מאָן!

מע דאַרף אונדזער פוילקײַט באַקעמפן,
מע דאַרף אויך צו סאַזשלקעס גיין,
איז לאָמיר א הויב טאָן די טעמפּן
און פיש לאָמיר דאָרטן פאַרזיין!

און זאָלן זיך אונדזערע סאָנים
פישעלעך כאַפּן אין ברוד,
מע דאַרף אויך אין סאַזשלקעס קאָנען
געפינען ענערגיע און בלוט.

אומעטום, ווו דער בליק טוט א פאַל נאָר,
ווו ס׳טוט נאָר א צי זיך די האַנט,
ליגן מעכטיקע אוצרעס באַהאַלטן—
דער גאָלדענער פאָנד פונעם לאַנד...

איז זאָלן זיך פּריצימלעך לאַכן
אין וואַרשע, אין פּראָג, אין פּאַריזש,
מיר וועלן פון סאַזשלקעס מאַכן
זאַוואָדן פון פיש!

היי! פישערס! פאַרקאַטשעט די אַרבל!
מיט נעצן צו סאַזשלקעס שפּאַנט!
און זאָלן זיך וואַרפן די קאַרפּן,
אין גאָלדענעם פאָנד פון מײַן לאַנד!

---

## פון סאָטשי קיין כאָטשי.

ווּהין גייען בוימער צעבליט און באַרוט
מיט היטעלעך בלויע און ווײַסע?
פון סאָטשי ביז כאָסטע איז פופציק מינוט,
מיטן באַן קאָן מען קומען פאַר 30...

איך שטעל זיך אוועק אין א בוימערשער ריי,
כ׳וויל אויכעט קיין כאָסטען, כ׳וויל אויכעט,

זיי ווייסן דעם וועג—וועל איך גייען מיט זיי,
מיט זיי, מיט די בוימער די הויכע...

זיי גייען פאמעלעך, זיי רוקן זיך שטום,
מיט בלעטער און צווײַגן באלאָדן,
איך שטיי און איך זע, ווי דער גאנצער ארום
לייגט זיך אין יאם ארײַן באָדן...

אָט טוט זיך א טוק דאָרט א בארגישער קאָפּ,
אָט פליוסקען זיך בוימעלעך נאסע,
און בערגעלעך ווארפן די הויזלעך אראָפּ
און טאנצן ארײַן אינעם וואסער.

דער וועג איז א הייטער און שפאנען איז שווער,
מיר שלעפן די ווערסטן פארמאטערט,
איך און א טשעך און א מיידל פון טווער,
און ארבעטער צוויי פון סאראטאָוו...

ס'איז גאָרניט וואָס זון איז צעשמאָלצן און גליט,
וואָס שטראלן ווי שפיזן זיך שיטן,
מיר גייען אהין, ווו עס בליט דער סאמשיט,
ווו ס'שײַנען באנאכט סאלאקטיטן...

עס שפאנט א בריגאדע מיט היץ און פאראד
די פעלזן די ווײַסע באקוקן,
און זאָל זיך די זון ווי א יונגער סאָלדאט
רײַטן אַף בארגיקע רוקנס...

שיין איז דער ברעג און ס'איז שיין אומעטום,
אי די רו, אי דער טאָג פון די כוואליעס,
און איינער פון אונדז טוט צופרידן א ברום;
От роду вон-эт не видали...

ס'איז אונדזער בריגאדע די הייסע אין וועג,
מיר שעפּן געניטקײַט און יוגנט,
עס זײַנען שוין באלד צוויי דעקאדעס אוועק,
און ס'ווארטן שוין שיפן און צוגן...

און גיך וועלן פרישינקע פעדעמלעך זון
אין רויש פון מאשינען זיך קניפּן...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— קינדערלעך, זאָגט נאָר, ווו נעמט מען א טרונק?
ס'טריקענען ווידער די ליפּן...

מיר שלעפּן זיך מידע, ווי ס'האָבן די שטעט
אַף בערג און אַף כוואליעס פארלאָזט אונדז,
און פלוצלונג אן אויסגעשריי: קינדערלעך זעט,
— אָט ליגט אַף א טעלערל כאָסטע!

# שורע ניַיע, קום!

אין דער דיכטונג פעלט מעטאל נאָך,
אין דער דיכטונג שמעקט מיט טאלגע,
און מיט פוילן צוויט,
ווינציק יאטן פון זאוואָדן
קומען מיט מעטאל באלאָדן,
און מיט אנטראציט...

פערזן ריזלען, פערזן דריזלען,
יעדע שורע—זעכצן איזמען...
בידנע מיַין פאפיר!
גליקלעך מאכט מען די עפּאָכע
מיט א לידל וועגן סאָכע,
וועגן פאפע פּי...

סקריפען אלטע טאראטיַיקעס,
באלאליַיקעס טאלאליַיקן,
קיינעם ניט מע רירט,
זינגען וויל מען, לידלען מוז מען.
נאָר איין כאָכעם: צאליע טוזמאן
האָט זיך ליקווידירט...

ניט באזיגט די ווערטער־הרודעס,
ריַיבט מען שורעלעך, אז ס׳נודעט:
מיידלעך! קאָרטן! וויַין!

. . . . . . . . . . . .

לעם די דיכטערישע דירעס
שטייען העלדן לאדאָמירער
און מע אייצעט פיַין:

— „זיַי „באפליגלט״ נאָר מיט „טרוימען״,
זיַי „באווינטלט״ נאָר מיט „רוימען״,
זיַי מיט פּוסטקיַיט פול,
ברודער מייער האק א טשיַניק,
זאָל דער רעבע האָבן טיַינעג
פון א ניַיער שול...

עפן נאָר צום היַינט א טירל,
ווען מען טייקעף רעפערירן
אין א אינסטיטוט,
אז... עס שמעקט דעגענעראציע,
אָבער באלד נאָך דיַין... קרעמאציע
ווען מען... פאָרשן גוט!

וויפל פוסטונפאסנע אָטעמס
פון באוועגנדיקע שאָטנס
לויערן נאָך איצט,
דריבנע טריט פון דריבנע היַיזלעך...

. . . . . . . . . . . . .

ס׳ניַיע וואָרט פון שטאָל און איַיזן
זעלטן ווען ער בליצט.

טוט א נעם אף שארפע שווערדן
יעדער וואָרט, וואָס האָט א בערדל
און שטורמעלקעט שטום,
זאָל דאָס וואָרט, דאָס פרישע קומען,
שוין געגוג זיך מאלפיש קרומען—
שורע ניַיע,—קום!

זוסקינד ליעוו [1].

# אנדריי און דער פּאָפּ

## דאָס קינד שטאַרבט.

זיי זײַנען איינמאָל געזעסן—פיר מענטשן—פאר דער שטוב און געשיילט קוקורוזע. אוודאָכע די אלטע, מארינע—איר טאָכטער, יורקאָ און ווארקא—אירע אייניקלעך.

זיי זײַנען געזעסן ארום א קליינער, גרינגראָזיקער קיפּע; אויראָבע—אף א שטיקל האָלץ, מאריע—אף ערדענעם טאָפּ, יורקא און ווארקאָ—אף דער ערד. זיי האָבן געשיילט קוקורוזע און געזונגען אין כאָר. אוודאָכעס קאָל האָט געקרעכצט, ווי א וואָראָנע: שטיל און ניט זיכער—ווי א הינטערשטעליקע פידל—האָט מארינע געצויגן די טענער פון איר האלדז, יורקאָ איז געשפרונגען מיט זײַן סאפּראן ווי א ווילדער פויגל, און ווארקא האָט נאָר אזוי זיך אונטערגעהאלטן—געפּישטשעט ווי א יונגע הינדעלע.

ס'איז געווען הארבסט. די לעוואָנע האָט באלויכטן דעם דרויסן ארום דער שטוב, ווי מיט א לאמטערן. אין געלבלוילעכן ליכט האָט מען געזען: א שטיבל, ווי א שטאלעכל, א שטאלעכל, ווי א קורניק. באם שטאלעכל—א קופּע מיסט און באם שטיבל, צו דער סטעזשקע צו, אן אײַנגעפאלן פּלויטל.

— וואָלסט ארײַנגעגאנגען אין שטוב א קוק טאָן, מארינע, דאָס קינד שטארבט—האָט געזאָגט די אלטע אוודאָכע צו איר טאָכטער.

מארינע איז ארײַנגעגאנגען אין שטוב, ניט געזאמט זיך און באלד צוריק ארויסגעקומען. זי האָט זיך צוריק אנידערגעזעצט אפן ערדענעם טאָפּ און געשוויגן. יורקאָ און ווארקא, צוויי פויגעלעך, זעקס און פינף יאָר אלט, האָבן אראָפּגעלאָזט די שפּיציקע נעזלעך און מיט די דינע, דורכזעעוודיקע הענטלעך—ווי די נאקעטע פּיסלעך פון א הינדל—האָבן זיי געדלופעט, געדלופעט די האָרענע לאנגע שאָלן פונעם קוקורוזע. אוודאָכע די אלטע—מיט א פּאָנעם, ווי א גאָרשטש קארטאָפל־שאָלעכץ—האָט טעמפּ אריבערגעקוקט צו איר טאָכטער און געפרעגט:

— אנו, מארינע, האָסט געזען, וואָס מע טוט דאָרט דאָס קינד?

— דאָס קינד שטארבט, מאמא...

מארינעס אויגן זײַנען געוואָרן טרוקן. אירע הענט האָבן ניט געציטערט. די לעוואָנע האָט באלויכטן דעם הויף, ווי מיט א לאמטערן.

אנטקעגן שטיבל, אנטקעגן פּאָנעם, ציט זיך א בארג־אראפּ מיט גרינער לאָנקע. אונטן, אין טאָל, שטייען עטלעכע הײַזלעך, עטלעכע בוימלעך, און הינטער די ביימלעך גייט דער דינינקער זברוטש. אריבער דעם זברוטש הויבט זיך א בארג, הויך און פעלזיק, ווי א מויער. צופוסנס פונעם בארג האָט נאָך מיט פילע יאָרן צוריק עמיצער צוגעקלעפּט א דאָרף.

— וואָלסט אריבער, מארינע טאָכטער, אין הויף ארײַן צו דײַן מאן און אים זאָגן...

[1] כ׳ זוסקינד ליעוו איז א בערלינער ארבעטער — א קאָמוניסט. האָט שוין געדרוקט אייניקע ווערק אין דער ניו־יאָרקער קאָמוניסטישער „מאָרגן־פרײַהײַט" און אין קאָמוניסטישן זשורנאל „האמער".

— אנדריי איז בייז: — איך וויל פון די זאכן גאָרנישט ניט וויסן — זאָגט ער — מײַן קאָפּ איז פול געגנוג מיט דער הויפישער ארבעט — זאָגט ער.

— אנדריי איז בייז... עך, עך, עך... געווען קאלאמוק, האָט ער זיך אויסגעקענט אף קראנקײַטן פון מענטשן, איז ער געשטאָרבן. איצטער ווייס מען פון דאָקטוירים. און נאָך א דאָקטער מוז מען ערשט פאָרן העט אין מילגיצע. איצט גיי דינג ערשט א פור און באצאָל פאר דעם. איצט גיי ערשט ברענג דעם דאָקטער צו פירן און באצאָל דעם דאָקטער. און ווו עמען, אז ניט גאנווענען?...

מארינע האָט אף דעם ניט געענטפערט גאָרנישט. ס'איז געוואָרן שטיל א ווײַלע. ד שאָלן פון דער קוקורוזע האָבן געשורשעט, געלעשטשעט, געמורמלט ווי עפּעס לעבעדיקס.

— ס'קאָן זײַן, טאָכטער, אז ווען דו באקסט אָפּ א צוויי ברויטן, וואָלט דער דאָקטער עס צוגענומען און געקומען.

— צוויי ברויטן... אף וויפל מער איז נאָך דאָ אין שטוב? דאָס מעל, וואָס ס'איז דאָ, מוז אויסהאלטן כאָטש נאָך א פינף וואָכן. אנדריי האָט געזאָגט, אז פריִער וועט ער אין הויף ניט באקומען.

— איז עפּשער וואָלט דער דאָקטער אויך גענומען קוקורוזע?

— קוקורוזע... געארבעט א גאנצן זומער באם פּאָפּ אף אָפּצוראָביען דאָס ביסל. און ס'קומט א ווינטער, מאמא. אווו ווּעסטו נעמען אפן ווינטער דערנאָך?

אמאָל באווײַזט זיך אף יענער זײַט זברוטש, אפן בארג דאָרט, וואָס אין סאָוועטנ-רוסלאנד, א פײַער און פיל פײַערן. אמאָל גייען דאָרט אף יענעם בארג מענטשן מיט לאמ-פּיאָנען — רויטע, גרינע, בלויע — און זינגען לידער, (כוצפּעדיקע, פריילעכע לידער). דאָס קאָל — א צונויפגענומענס און א פילפארביקס — ציט זיך אהער אריבער און פארשפּרייט זיך איבערן גאנצן שטעטל, קרויזלט די גראָז אף דער לאָנקע און פארפּלאָנטערט זיך אין די צווײַגן פון די בוימער. אין דער ווײַטער בלויער נאכט זעט מען בלויז לאמפּיאָנען און מע הערט זינגען — נישט מער. דעמלט איז מען אף דער זײַט שטיל און מע זאפּט אין זיך ארײַן די אופגעוועקטע לידער.

אין האלבער נאכט איז פאוולאָ געשטאָרבן. זײַן שמאָלע נאָז האָט זיך געבלייכט, ווי בא איינעם, וואָס פארקשנט זיך צו שווײַגן. אפרערנאכט האָט זיך באלויכטן א בילד פון דער הייליקער מוטער מיט א קינד אף די הענט, בא וועמען דאָס פּאָנעם איז אופגע-גאנגען אין שטראלנדיקן ליכט. ווארקאָ און יורקא זײַנען שוין געשלאָפן. זיי האָבן נאָך ניט געוווסט, אז פאוולאָ, זייער ברודער איז געשטאָרבן. אף א געשטעל בא דער לינקער וואנט, וווּ ס'איז געווען צורעכטגעמאכט א געלעגער פון שמאטעס, איז געזעסן די אלטע הארט אפן ראנד. זי האָט געשעפּטשעט מיט אירע ליפּן א טפילע און די ביינערדיקע פינ-גער האָט זי געהאלטן צונויפגעפלאָכטן אף איר שויס. דאָס קליינע, פירעקיקע פענצטער מיט די פיר שטיקלעך שײַבלעך אין דער רעכטער וואנט האָט אין זיך ארײַנגעזויגן די אײַנגעצערטע בלאסקײַט פון דער לעוואָנע, ווי א וויגנדיק קינד. דאָרט איז געשטאַנען מארינא, נאָך בלאסער, ווי די בלאַסקײַט פון דער לעוואָנע. אירע ליפּן האָבן ניט געשעפּ-טשעט. אירע פינגער זיינען ניט געווען צונויפגעפלאָכטן.

די אלטע האָט געזאָגט:

— וואָלסט געגאנגען, מאַרינע, צו אנדרייען און וואָלסט אים דערציילט, וואָס עס איז געשען.

---

דער הויף איז געלעגן אין צווייטן עק דאָרף. א סטעזשקע האָט זיך פארנומען צווישן צעגראָבענע בערגלעך, גערטנער, הײַזלעך — א ליימיקע און א גראָזיקע סטעזשקע. זי איז ארוף אף אַ וועג. דער וועג — א געשטיינערטער, האָט זיך געצויגן ווי א געווײַסט וואסער.

וואָס איז געשען מיט דער לעוואָנע?

זי האָט באוויַיסט די גערטנער, די היַיזלעך, דאָס פעלד, דעם וועג. זי האָט געשטאָכן אין די אויגן מיט איר וויַיסקיַיט.

ס'איז געווען האַלב כוידעש.

אַריבער איבערן פעלד האָט זיך געבאָדן יונגער וואלד אין דער באַלויכטענער נאכט און נעבן וואלד איז געשטאנען אין א רעדל א טאבון פערד, די פאָדערשטע פיס געגארטלט, די מאָרדעס שטום אויסגעצויגן צו דער לעוואָנע. דמיטראָ און האנדזיא האָבן געהיט די פערד. זיי האָבן זיך אויסגעוואלגערט אין די פיַיכטלעכע גראָזן, זיך צעקראַצט די געזעסן, און איצט האָבן זיי זיך אנידערגעזעצט אוןביידע האָבן זיי געזונגען א ליד. האָבן צונגען געגלעט די נאכט, ווי די פארביקע סטענגעס האָבן געגלעט האנדזיאס האלדז אין אן אויסגעפוצטן זונטיק.

מארינע איז געגאנגען אפן וויַיס־געשטיינערטן וועג: זי האָט אויך זיך אמאָל געוואלגערט מיט אנדרייען אין פיַיכטלעכע גראָזן און דערנאָך צוזאמען געזונגען א ליד.

דמיטראָ און האנדזיא זיַינען נאָך יונג. אין א זונטיקדיקן נאָכמיטיק קומט ער צוגיין און זי ווארט שוין אף אים פאר דער שוועל. איר טונקל קלייד איז אויסגעוואשן און לייגט זיך אין הונדערט שמאָלינקע פאלדן. שיין איז אויסגעהאפטן איר וויַיס העמד מיט געלער, רויטער, שווארצער און גרינער וולִיטשקע. אירע יונגע האָר זיַינען פארפלאָכטן מיט שריַיענדיקע סטענגעס.

נאָר זי שמייכלט, די פארפירערקע. און דמיטראָ שטייט פאר איר, ווי א שטאָלצער פאן זיַין קליין שטרויען היטעלע איז ארומגענומען מיט א שיינעם באנד און מיט שיינע בלימעלעך, וואָס זי האָט אים געשענקט. פון זיַין פיַין אויסגעארבעטן פעלצל שמעקט אראָפּ, ווי פון אַ לעבעדיקן באראן.

מארינע און אנדריי האָבן זיך אויך אמאָל אזוי פיַין אויסגעפוצט אין א זונטיק נאָכמיטיק. איצט גייט זי אים דערציילן, אז זייער פּאוולאָ איז געשטאָרבן.

מיכיַילאָ דער היטער האָט איר געוויזן, ווו אנדריי איז געשלאָפן. ער האָט זיך אויסגעבעט א געלעגער אין א זשלויב און געשלאָפן געשמאק. אין שטאל איז געווען ווארעם. די רייכעס האָבן איַינגעשלעפערט א שטיין. מארינע האָט אים געצויגן באם רעקל:

— א־אנדריי... א־אנדריי...

ס'האָט געדויערט. אנדריי איז געלעגן מיטן פּאָנעם צו דער וואנט. ער האָט זיך איבערגעדרייט מיטן „דאָס" ארויף. און דערנאָך ווידער צו דער וואנט.

— א־אנדריי... אנדריי...

אנדריי האָט זיך געוועקט און געוואָרטשעט:

— דו ביסט עפּעס מעשוגע געוואָרן, מיכיַילאָ, וואָס דו וועקסט אינמיטן דער נאכט?

— אנדריי... דאָס בין איך. מארינע.

אנדריי האָט זיך געטאָן א וואָרף, געבליבן ליגן מיטן פּאָנעם ארויף און געווישט מיטן ארבל דעם שטערן.

— אנאָ—היַינט... הע? האָט זיך דיר פארגלוסט מארינע?...

— אנדריי... פּאוולאָ איז געשטאָרבן.

— הע?..

— פּאוולאָ...

— פּאוולאָ?...

— פּאוולאָ איז געשטאָרבן, אנדריי.

מארינע האָט זיך צעקאָפּגעלאָזט אף די קני און געוויינט אינדערשטיל. די פערד אין שטאל האָבן אופגעהערט צו גריזשען פון די זשלויבן. זיי האָבן געפּאָכעט מיט די אויערן, געוואָרפן מיט די ווידלען, מיט די גריוועס—ווי זיי וואָלטן פארטריבן פליגן...

— מארינע, ווײן ניט. ביסט ניט קײן קעלבל.

אנדריי האָט זיך אויסגעצויגן אינעם זשלויב, די הענט אריבערגעוואָרפן איבערן קאָפּ. ער איז געוואָרן צוויי מאָל לענגער.

— אנו, קום אהער, מארינע, ווײן ניט. ביסט ניט קײן קעלבל. קום אהער.

זײַן האנט האָט זי ארומגענומען, צוגעדריקט צום זשלויב. מארינע האָט באהאלטן א געשריי צווישן די ציין. די ארומגענומענע האנט, ווי א שטאָלענע צוואנג, האָט זי א הויב געטאָן און זי ארײַנגעלייגט צו זיך אין געלעגער.

— מארינע, דו הער אויף צו ווײנען. דו ביסט ניט קיין קעלבל. פּאוולאָ האָט באדארפט אסאך צו עסן. ס'איז ניט געווען גענוג ברויט פאר זײַנטוועגן.

אנדריי האָט מארינען ארומגענומען—ער האָט זי געוואָלט טרייסטן:

— דאָרט, זאָגט מען, זײַנען ניטאָ מער קײַן פּאראָבקעס. יעדער איז דאָרט זײַן אייגענער באלעבאָס, זאָגט מען.

אין שטאל איז שטיל געוואָרן. דערנאָך האָט אנדריי געקרעכצט, און די פערד האָבן געגריזשעט פון די זשלויבן.

---

אינדערפרי האָט זיך ארײַנגעשטופּט אין די פיר שטיקלעך שײַבלעך פון קליינעם פּענצטער—א בלאסע, א קאלטע—די לעצטע הארבסטיקע זון.

אף אַן אויסגעבעטן געשטעל איז געלעגן פּאוולאָ מיט אַן אָפּגעוואשן פּאָנעם, מיט געציילעמטע הענט אף דער ברוסט. דערבײַ זײַנען געשטאנען די פינפיאָריקע ווארקא און דער זעקסיאָריקער יורקאַ—און געקוקט מיט אויגעלעך מעקאנעדיקע אף זייער אָפּגעוואשענעם און צוגעקעמטן ברודערל.

שפּעטער האָט זיך געמאכט, אז מארינע איז געבליבן איינע אליין מיט איר פּאוולאָ. זי האָט זיך צו אים נענטער צוגעבויגן און אים געזאָגט:

— ווי, פּאוולושא, זאָלסט ניט זײַן בייז אף אונדז. ניט פיל מאָל איז אויסגעקומען, אז דײַן פאָטער זאָל דיך קאטעווען, ווײַל ער איז דאָך ניט געווען אינדערהיים, נאָר אין זונטיק. און איך, פּאוולושא, איך האָב דיר דאָך ליב געהאט. אז כ'האָב דיר ניט געגעבן קײַן ברויט טאָמיד, ווען דו האָסט געוואָלט, אַן אָפּגעקאָכטן קארטאָפל, א שטיקל קאלטן מאלייי—דאָס פּאוולושא, דאָס, ווי אזוי זאָל איך עס דיר זאָגן?—ס'איז ניט געווען, פּאוולושא... אָבער דו, פּאוולושא, דו האָסט ניט באדארפט שטארבן. דו האָסט שוין געפּאשעט דעם זומער בא שקרומעלאקן די קו. און עפּשער אין נאָך א יאָר ארום, עפּשער וואָלסטו שוין געקאָנט גיין דינען אפּן הויף. עך פּאוולא, פּאוולא... דאָס וואָלט געהייסן נאָך א האלבן קארץ קאָרן איבערן יאָר. עך פּאוולאָ, פּאוולאָ... פארוואָס ביסטו געשטאָרבן?

---

אין מיטיקצײַט איז אנדריי געקומען אף א שפּרונג, ער איז צוגעגאנגען צו זײַן זון, איבערגעציילעמט זיך און צוריקגעגאנגען צו דער ארבעט.

די באָבע אוודאָכע איז דערנאָך אריבער צום פּאָפּ. זי האָט זיך איבערגעציילעמט, געקושט דעם זוים פון זײַן כאלאט, זיך נאָכאמאָל איבערגעציילעמט און געציטערט מיט די ליפּן, געציטערט און דערציילט: אזוי און אזוי.

— אָבער טײַערע אוודאָכע, וועגן צוויי ברויטן קאָן ניט זײַן גאָר קײַן רייד. דו קומסט ווי א געלעכטער. און דו ביסט דאָך א פרומע. צי האָסטו גאָר ניט קיין מוירע פאר גאָט?

די באָבע אוודאָכע האָט געציטערט און געשעפּטשעט מיט די ליפּן און געבעבעט——

— אָבער טײַערע אוודאָכע, צוויי ברויטן! צוויי ברויטן! ניין. ניין, ניין, דו קומסט ווי א געלעכטער. אוודאָכע דו פרומע, צי האָסטו ניט קײַן מוירע גאָר פאר גאָט? פאר צוויי ברויטן ווילסטו זאָל איך באגראָבן א מענטשן? א קינד זאָגסטו? און א קינד איז ניט קײַן

מענטש? בא גאָט, מײַן טײַערע, זײַנען קינדער און דערוואַקסענע גלײַך. גאָט פרעגט ניט אף קײַן יאָרן. גאָט פרעגט, וויפל האָסטו באַצאָלט?

דער פּאָפּ האָט געשמעקט טאַבעק, באַגלײט די אַלטע אוודאָכע צו דער טיר, און געכי־קעט מיטן גײדער:

— ניין, ניין, אוודאָכע, דו פרומע. פאַר א פאַרשטאָרבענעם מוז מען עפּעס מער טאָן...

מען איז געזעסן אין שטוב און געטראַכט. און באַנאַכט האָט מען געבאַקן פּיר ברויטן, גרויסע, ווי די האַלבע טישן. מאַרינע האָט אויסגעלײדיקט דעם זעקל מעל און אַרײַנגע־קנאָטן שפּאָרעוודיקע טרערן אין טײג. אף צומאָרגנס האָט מען געטראָגן די פּיר פרישע, וואַרעמע, פאַרענדיקטע לאַבנס צום פּאָפּ.

בא איוואַן טשאָרני, דעם דאָרפישן סטאָלער, האָט מען באַשטעלט א קעסטל. אוודאָכע די באָבע האָט צו אים געזאָגט:

— איוואַנע, קלאַפּ אָט צונויף, וואָס ס'קומט דיר אונטער דער האַנט, פוילן וועלן מיר סײַווי אַלע.

מען האָט אים געגעבן א ביסל קוקורוזע. ער האָט צוגענומען און געשוויגן. מען האָט פּאַוולאָ באַגראָבן.

א דינינקער רעגן, א שיטערער, האָט מיט לאַנגע דורכזעעוודיקע פעדעם געשטעפּט די פאַרטריקנטע, האַרבסטיקע ברילעס ערד.

וואָס האָט דער פּאָפּ געטאָן מיט די פּיר לאַבנס ברויט? דער פּאָפּ האָט געהאַט אַסאַך לאַבנס ברויט. דער פּאָפּ האָט געהאַט אַסאַך קי, כאַזײרים, שאָף, פערד.

אין יענעם טאָג האָט מען זיך אין קודריניץ גראָד נאָכדערצײלט א וויכטיקע נײַס: דאָרט אף דער „צווייטער זײַט" האָט מען אַרויסגעהאַנגען א רויטע פאָן אפן דאַך פון קלויסטער.

אפן גאַניק פאַר דער פּאָסט איז געשטאַנען דער וויט פּאָלעשטשוק, דער זשאַנדאַר־קאָמענדאַנט וויסטראָווסקי, און די באַלעבאַטים באַבי, ליסי, גרישטשוק און זאַליזשנאַק. דער וויט פּאָלישטשוק איז געוויילט געוואָרן פון „סעלראָב" (א פּויעריש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), אָבער ער האָט שוין אײנמאָל געגעסן א וואַרמעס באַם זשאַנדאַר־קאָמענדאַנט און אײנמאָל נאָך שוין באַם קאָמענדאַנט פון גרענעץ־מיליטער גורעוויטש. ער איז געווען אָנגעטאָן אין א פײַן פעלצל און א קלײן שטרויען היטעלע איז אים געשטאַנען אפן רעכטן אויער. זײַנע קלײנע צעגריזשעטע ציין האָבן געשמײכלט:

— דאָס זאָג איך. מיט גאָט טויג זיך ניט פאַרטשעפּען. עפּע־פּע־פּע... ס'איז א מײַסע אָן אן עק. וועל איך ניט ריידן שוין וועגן לעבעדיקע. מען קאָן זיך מאַדליען בא זיך אין שטוב. מען גיט זיך אן אײצע. פאַר טויטע אָבער, פאַר טויטע פּאַנאָוויע, פאַר טויטע, אז דער מענטש שטאַרבט, מוז שוין זײַן א פּאָפּ. קאָנסט ניט באַגראָבן קײַן טויטן אָן א פּאָפּ. און דאָ וועסטו דיר שוין ניט קאָנען געבן קײַן אײצע. און ווו א פּאָפּ, דאָ מוז זײַן א צערקווע. גײ־זשע פאַרטשעפּע מיט גאָט. און הענג אַרויס א רויטע פאָן אף דער צערקווע. דאָס זאָג איך... עפּע־פּע־פּע?

זײַנע צעגריזשעטע ציין האָבן געשמײכלט. און דער זשאַנדאַר־קאָמענדאַנט האָט אײנמאָל מיט דער רעכטער האַנט און אײנמאָל מיט דער לינקער האַנט געצויגן בא דער וואָנץ ביז צום לעצטן שפּיצל.

## א נ ד ר י י.

אין יענער נאַכט איז אַנדריי אַרויסגעקראָכן פון זשלויב און אַרויסגעגאַנגען פון הויף. אז מיכײַלאָ דער היטער האָט אים געפרעגט, וווהין גייט ער, האָט ער געענטפערט, אז אין דער כאַטע צום ווײַב גייט ער. אַנדרייס שטיוואַלעס האָבן געקלאַפּט אפן געשטיינערטן וועג־

און דאָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער אויסגעצויגענער נאכט, ווי דאָס באמקען אין אַן אויסגעצויגענער פעל פון א פויק. ער איז ניט געגאנגען צום ווײַב.

— אנדריי כאם, דו גייסט ווי א בער און ניט ווי א מענטש, ווי א מענטש אזא, וואָס האָט אין זינען עפּעס צו טאָן אינדערשטיל...

געטראכט און געבליבן שטיין. דערנאָך האָבן די שווערע שטיוואלעס זיך גענומען שארן, ווי זיי וואָלטן געטראָטן אין געדיכטע ראָשטשינע. דער רעגן פון באטאָג איז געווען א צײַטווייליקער. די דינע, דורכזעעוודיקע שנירלעך פּאָדעם האָבן געשטעפּט, געשטעפּט און פלוצים האָבן זיי זיך איבערגעריסן. באַנאכט האָט די ערד געשמעקט מיט פרישן, אויסגעוויקטן רייעך. די שטיבלעך זײַנען געשלאָפן. די האלבאָפּגעבלעטערטע בוימער האָבן געטראכט וועגן פארגאנגענעם זומער. די לעוואָנע איז געהאנגען צווישן צעריסענעם, בלאסבלויען געוואנט, און אויסגעזען, ווי א צו הויך אָפּגעלאָזטער קינדישער באלאָן.

אינמיטן דאָרף, רעכטס פון געשטיינערטן וועג, איז געשטאנען דער קליינער, אין צוויי־אונצוואנציקסטן יאָר אופגעשטעלטער נײַער קלויסטער. פונפאָרנט א הילצערנער פלויט. און הינטערן פלויט א הייליקער פון שטיין מיט אן אויסגעקרומטן קאָפּ און א קליין היטעלע אפן קאָפּ. דער הייליקער האָט געהאלטן אין די הענט א קליינעם ציילעם און אים שטארק צוגעדריקט צום הארץ.

אנדריי האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט און ארופגעלייגט די הענט אף דעם פלויט. מיט זיינע בעטנדיקע אויגן האָט ער אדורכגענומען דעם הייליקנס פּאָנעם. ער האָט צו אים געזאָגט:

— דו ביסט, גאָט, אַ באשיצער פון די אָרעמע, דו ביסט א פּאָטער פון די לײַדנדיקע און דו האָסט ליב גערעכטיקײַט. בעט איך בא דיר, גאָט געהייליקטער, אז זאָלסט מיך פירן אפן גערעכטן וועג און אז זאָלסט מיך באגלייטן און באשירעמען אין מײַנע געגנג.

געזאָגט און געגאנגען ווײַטער. ער האָט זיך גערוקט הארט באם פלויט מיט געוויגענע טריט. אין שכיינעס פון קלויסטער איז געשטאנען דער הויף פון פּאָס. א גרויסער הויף. געשטאנען דאָרט סטאדאָלעס און שטאלן און שײַערן. און ס'זײַנען געשטאנען דאָרט פיל וועגענער, פלוגעס, בראָנעס, און אַ גרויסע, עלעפאנטישע דרעשמאשין. ווײַטער לינקס—אן אָפּגעזונדערטער קליינער גאָרטן מיט גרעזלדיקע בערגלעך, בלומענבייטלעך, צוגעשניטענע, צירלעכע סטעזשקעס, א הויז מיט א בלעכענעם דאך און מיט א ווערצנדע.

אנדריי האָט זיך דאָ גוט אויסגעקענט. באָכערווײַז האָט ער געדינט א צײַטלאנג באם פּאָס. און איצט האָט זײַן מארינע געארבעט אפן פּאָפּס פעלדער „פּארן דריטל‟. ער איז אריבער איבערן פלויט שטיל, ווי א קאץ וואָלט זיך געדראפעט, געבליבן שטיין, געהאָרכט, געשארט זיך ווײַטער, רעכטס הינטער דער סטאדאָלע. א גרויסן ראָד ארום דער שטאל. דאָרט שלאָפט איוואן. צום קליינעם טירל פונעם שײַער־צו. אפן טירל הענגט א שווערער הענגשלאָס. איינמאָל א דריי מיט דער האנט. נאָכאמאָל. פעסטער. די טיר האָט געטאָן א שטילן קרעכץ. אנדריי איז געשטאנען אינעווייניק אין שײַער. ער איז צו צו דער קופּע קאָרן. א גרויסע קופּע. פריש געדראָשן.

ס'איז טונקל. שטיל. אנדריי נעמט אפיר א ליידיקן זאק פון אונטערן פעלצל, קניט אנידער. די לינקע האנט שפרייט אוף דאָס גרויסע מויל פון זאק. די רעכטע האנט שיט ארײַן. שנעל. שטיל. א גאָרשטש—ארײַן. א גאָרשטש—ארײַן.

— פאר מיר. פאר מארינע. פאר יורקא. פאר ווארקא. פאר די אלטע.

— פאר מיר. פאר מארינע...

— פאר מיר...

א האלבער זאק אָנגעפילט. מיט א שטריקל צוגעבונדן דעם האלדז. ארויס. א גרויס ראָד ארום דער שטאל. רעכטס הינטער דער סטאדאָלע. אריבער איבערן פלויט. הארט באם פלויט פארבײַ דעם הייליקן מיט דעם קרומען קאָפּ. דער הייליקער שמייכלט. אנדריי בלײַבט שטיין. שעפּטשעט:

— אדאנק דיר געהייליקטער. דו ביסט א באשיצער פון די אָרעמע, דו ביסט א פּאָטער פון די ליַידנדיקע און דו האָסט ליב גערעכטיקייַט. אדאנק דיר געהייליקטער.

דער געהייליקטער שמייכלט. אנדריי שארט זיך וויַיטער.

— פאר מיר. פאר מארינע. פאר יורקאָ...

— פאר מיר...

— פאר...

— הע? ווי? יאָ... יאָ. שריט. שריט. שריט... שנעלער! שנעלער... שריט. שנעלער... שנעל— —

— שטיי! שטיי!

— ער איז געבליבן שטיין. זיך אומגעקוקט. דריַי שריט הינטער אים, צוויי גרענעץ־זעלנער.

— א, טי? פונוואנען עס אינמיטן דער נאכט?

אנדריי האָט געלעקט מיט דער צונג צווישן די גראָבע ליפּן.

— פונוואנען, פרעגט מען דיר!

הע?

מירן דיר געבן א „הע"! מע נטפערט, אז מע פרעגט! פונוואנען בייסטו איצט?

— הע?

א סטארק אין דער ריפּ...

כאָטש ער, אנדריי, וואָלט זיך געקאָנט פארמעסטן זייביידן צו פּאָסטאָרקען אזוי, אז ס'זאָל זיך זיי פארגלוסטן סקוקן. נאָר זיי זיַינען זעלנער. און אנדריי איז בעדערעך א היציקער מענטש.

איז ענטפער! דו דוראק...

אנדריי האָט געלעקט מיט דער צונג צווישן די ליפּן און זיך דערלעקט:

— וואָס הייסט ענטפערן? וואָס איז פאראן צו ענטפערן? הייסט עס, אז פּאוולאָ מיינער איז געשטאָרבן. פּאוולאָ... אָט א יינגל. האָט מען געבאקן פיר ברויטן. און—גרויסע—ווי זאָל איך זאָגן?— —

— זאָג ניט! כאמסקי סראק דו איינער... וואָס טראָגסטו אין זאק?

— וואָס הייסט וואָס איך טראָג? וואָס זאָל איך טראָגן? קאָרן טראָג איך. נו, קאָרן... וואָס דען זאָל איך טראָגן? הע?..

— און פונוואנען איז דער וועג?

— וואָס הייסט פונוואנען? פונוואנען זאָל ער זיַין? א שיַילע דאָס איז... פונוואנען? פון מיר—נו...

— און וווהין?

— וואָס הייסט וווהין? ווי קאָן ער דאָס זאָגן? פראגעס אזעלכע... וווהין? צום פּאָפּ גיי איך—נו...

— פארקערעווע! כאמסקי סראק דו איינער...

אנדריי האָט פארקערעוועט. אָנשטאָט צו לעקן מיט דער צונג צווישן די גראָבע ליפּן, האָט ער געלאָזט זי איצט א שטיק אינדרויסן און צוגעביסן מיט די ציין.

— דו ביסט א כאם, אנדריי, א כאמולע. א כאמולע. אָט ווי דו גייסט. ווי א בער גייסטו. און ניט ווי א מענטש אזא, וואָס וויל עפּעס טאָן אינדערשטיל.

נו—פארפאלן... אפן צווייטן מאָל וועסטו וויכן אנדריי, אז מע דארף גיין מיט אן אנדערן וועג. הינטנארום...

פונהינטן זיַינען אים נאָכגעגאנגען די צוויי פּוילישע גרענעצזעלנער און געשמועסט צווישן זיך אינדערשטיל. בא דער גרענעץ זיַינען זיי געהאט געווען ערשט אן אָנדערהאלבן שאָ—טאָ איז נאָך געווען ציַיט א האלבע שאָ אף דורכצוגיין זיך. אן אנדערש מאָל שטעלן

זיי זיך הינטער א פויערישער סטאדאָלע און ווארטן צו די פולע צײַט. איצט האָט זיך זיי געמאכט א ספּעקטאקל.

אנדריי האָט געביסן די צונג און עפּעס פאר זיך געוואָרטשעט. די צוויי שווערע הענט זײַנע האָבן געהאלטן דעם האלדז פונעם זאק, וואָס אף זײַן רעכטן אקסל. די גראָבע פינגער האָבן זיך אײַנגעביסן אין צוגעבונדענעם שטריקל. דער נאָכהענגענדיקער שלייף האָט אים געקיצלט אין דער דלאָניע. די גראָבע פינגער האָבן געצופּט, געצופּט, געצופּט. דער שלייף האָט זיך אויסגעקניפּט. די שווערע הענט האָבן געהאלטן באם האלדז. דער קאָרן האָט זיך געשיט אַפן פעלצל. פון פעלצל אראָפּ אף דער ערד. דער זאק איז געוואָרן מאָגערער. אלץ מאָגערער.

זעקס שווערע שטיװל האָבן געקלאפּט אפן געשטיינערטן וועג.

דער טויער פונעם פּאָפּס הויף איז א הויכער. מיט ברייטע ארבעטער. בא דער זײַט הענגט א דראָט מיט א פּאָטקאָווע. איינער פון די זעלנער האָט געצויגן בא דער פּאָטקאָווע.

איוואן האָט זיך צוגעוואקלט מיט פארשלאָפענע, דערשראָקענע אויגן, מיט נאָכשלעפנדיקע באָרוועסע פיס. ער האָט געקײַקלט די ווערטער צו זיך אין בויך ארײַן:

— א-נאָ, א־נאָ, א־נאָ... אינמיטן דער נאכט... וואָס פאר א טײַוול טראָגט אײַך הע?.

— ניט געוואָרטשעט. מאך אוף. א וויכטיקער אינטערעס.

דער הויכער טויער האָט געסקריפּעט. אנדריי האָט צונויפגעלייגט דעם ליידיקן זאק און אים אַרונטערגעשטופּט אונטערן פעלצל. איוואן האָט געקוקט און ניט פארשטאנען. און וואָס האָט ער דאָ געזאָלט פארשטיין? אנדריי און צוויי זעלנער... גיי פארשטיי...

— פיר אונדז צום פּאָפּ. האָט געזאָגט דער מער בארעדעוודיקער זעלנער.

— דער פּאָפּ שלאָפט. און אז מע וועקט אים אוף, בייזערט ער זיך—האָט געענטפערט איוואַן און געקראצט זיך אין די פּאטלעס.

— דו זײַ ניט קײַן כאָכעם, נאָר פיר אונדז צום פּאָפּ.

מען איז געגאנגען איבערן צווייטן בלומענדיקן גאָרטן. איוואַן האָט געקלאפּט אין פענצטער. צוגעווארט אביסל און אָנגעקלאפּט פונסנײַ. אינעווייניק אין שטוב האָט זיך געצונדן א ליכט. פאמעלעך האָט זיך דאָס ליכט צוגענענט צום פענצטער. פון הינטער גרויסע שויבנראמען האָט מען געזען: צוויי ברייטע הענט מיט קורצע, גריבלדיקע פינגער האלטן א מעשענע לײַכטערל; א גראָבשפּיציקן בויך ארומגעהילט מיט אַ וואטענעם כאלאט; און א קײַלעכיק פּאָנעם מיט לויזע הויטן פוןביידע זײַטן באקן—הויטן, וואָס ציִען זיך, ווי גומי, לויט ווי דער קאָפּ הויבט זיך אוף אָדער לאָזט זיך אראָפּ. אָט דאָס האָט מען געזען אין פלוג. דאָס איבעריקע האָט זיך ערשט דערנאָך ארויסגעשטעלט צו ביסלעך.

דער פּאָפּ האָט געעפנט די פענצטער. צוויי צעשויבערסטע בערשטלעך איבער די אויגנגריבלעך האָבן פארשלאָפן געציטערט. די זעלנער האָבן צונויפגעקלאפּט די אײַזערנע פּאָטקאָוועס פון די שטיוול, קלינגענדיק, הויך. דער בארעדעוודיקער האָט אָפּגעזאָגט א פּיזמען, דערציילט, וואָס אים דאכט זיך. דערנאָך האָט ער נאָכאמאָל צונויפגעקלאפּט די פּאָטקאָוועס און א צי געטאָן מיט דער רעכטער האנט באם רימען פון דער ביקס.

— צססס, צססס, צססס... אזוי, אזוי, אזוי... האָט געזאָגט דער פּאָפּ, און ניט פארשטאנען, וואָס מען האָט צו אים גערעדט. און ווײַטער האָט ער געזאָגט:

— וואָס האָט איר געטאָן? קינדער פון הייליקן גאָט. איר האָט אופגעוועקט א מענטשן אינמיטן דער נאכט? צו ווייסט איר ניט, קינדערלעך, אז א מענטש, ווען ער שלאָפט, איז ער געגליכן צו א מאלעך? איר האָט דאָס ניט געוווּסט, קינדערלעך?

— אָבער, אָבער—עס האנדלט זיך וועגן, וועגן—א גאנעוו... האָט געשטאמלט דער זעלנער.

— ער, ער—ער האָט געגאנוועט א זאק קאָרן.

— געגאַנוועט—ניט געגאַנוועט. האָט זיך אנדריי א מונטער געטאָן, אפּירגעשלעפּט דעם זאק פון אונטערן פעלצל און אים אונטערגעטראָגן נענטער צום פענצטער־צו:

— דער זאק—אָט איז מײַנער. צו געהערט ער דעם הייליקן פאָטער?

איך זאָג, אז מײַנער—און ער האָט אים צוריק ארונטערגעשטופּט, דעם ליידיקן זאק אונטערן פעלצל.

די צוויי פּוילישע זעלנער האָבן אין וואקלדיקן שײַן פון דעם ליכט אָנגעקוקט אנדרייס ברייטביינערדיקן פּאָנעם און דאָס פעטקײַלעכיקע פּאָנעם פונעם פּאָפּ.ביידע זעלנער האָבן איצט געשריגן אף איינמאָל:

— א גאנעוו אזא, א פארשאָלטענער, א סקורווע אין אזא, א באמאכטער, א פארשטונקענער, א... א... א...

זיי האָבן געשריגן ביידע, גלײַך עמיצער וואָלט זיי געביסן אין גאָרגל.

דער פּאָפּ האָט געלאָזט שטיין דעם מעשענעם לײַכטער אפן פענצטער־ברעטל און אופגעהויבן די הענט ווי צום דוכענען. זײַן באסאָווער קאָל האָט געקרעכצט, ווי א הייזעריקער אָרגל:

— קינדער, קינדער! וואָס האָט זיך דען פארלאָפן? באם פאן יעזוס דעם הייליקן! קינדער! וואָס האָט זיך דען פארלאָפן? רעדט דאָך... רעדט דאָך...

אונטער זײַן קליינעם, געפּאָלדעוועטן און פֿרומען שטערן האָבן זיך די צעשויבערטע בערשטעלעך אונטערגעהויבן און ארויסגעוויזן צוויי פעטע אויגעלעך, קײַלעכיקע און שווארצע, ווי בא א דערשראָקענעם באראן.

— נו, דאָס קאָן איך דאָך זאָגן, וואָס ס'איז זיך פארלאָפן—האָט אנדריי געמיינט, אז ער דערציילט א מײַסע אין שטאל צווישן די פאראָבקעס—פארלאָפן... הע! געהערט? פארלאָפן... וואָס האָט זיך געקאָנט אזוינס פארלויפן? די קו האָט זיך באקאקט און איז געקראָכן צום בוהײַ. און ניט מען האָט עמיצן געשאָסן און ניט מען האָט עמיצן געהארגעט. וואָס זאָל געשען זײַן? פּאוולאָ איז געשטאָרבן. נו, פּאוולאָ, דער קליינער. און מארינע האָט מיטן לעצטן מעל אויסגעבאקן פיר גרויסע ברויטן. און די פיר גרויסע ברויטן...

— ניט גלויב אים! ער זאָגט א ליגן... האָט א געשריי געטאָן איינער פון די זעלנער.

— און די פיר גרויסע ברויטן האָט מען אהערגעברענגט פאר די כאזיירימס וועגן... האָט זיך אנדריי ניט געלאָזט שטערן.

— ניט גלויבן!—ער האָט געגאַנוועט א זאק קאָרן...

— און די כאזיירים האָבן געהאט וואָס צו זשעכן אָן די פיר ברויטן אויכעט. און אין שטוב...

— און דאָס, וואָס דער זאק איז איצט א ליידיקער, איז ניט אנדערש, נאָר אז ער האָט פארשיט דעם קאָרן אפן וועג, דאָס כאזער...

— און אין שטוב איז ניט פארבליבן קײַן שטויבל מעל... און פינף מענטשן...

— האלט ס'מויל! דו כאזער איינער... האָסט געגאַנוועט! האלט ס'מויל!

וואָס איז דאָס געווען? גערעכטיקײַט בא די פּוילישע זעלנער? ניט קײַן גערעכטיקײַט. אָבער זיי האָבן געוווסט, אז דער קאָמענדאנט זייערער כאוועַרט זיך שטארק מיטן פּאָפּ. און נאָך מער ווי מיטן פּאָפּ כאוועַרט ער זיך מיטן פּאָפּס טאָכטער און אָט דער אנדריי—וואָס איז ער שוין? אן אוקראַיִניש כאזער...

דער בארעדעוודיקער זעלנער האָט נאָכאמאָל הויך צונויפגעקלאפּט די אײַזערנע פּאָטקאָוועס, און נאָכאמאָל הויך דערציילט די גאנצע מײַסע. און דאָסמאָל איז שוין אויך דער פּאָפּ צו זיך געקומען און געכאפּט פינקטלעך, וואָס דאָ טוט זיך. די גומי־זעקלעך אף ביידע זײַטן באקן האָבן זיך בא אים אויסגעצויגן, ערנסט און שטײַף, און הויך איבער זײַן קאָפּ האָבן זיך געהויבן צוויי פינגער, און זיך געוויגט, ווי א פארקערטער רודער פון א גרויסן וואנטזייגער.

— אוהו! הוהוהוהו... עעך! גאָט דער הייליקער וועט שטראָפן. עעך! עך־עך־עך! וועט ער שטראָפן, אנדריי. גאָט דער הייליקער איז א גוטער און א בייזער, אנדריי. גאָט דער הייליקער לאָזט ניט צו קיין אומגערעכטיקייט. גאָט דער הייליקער... עעך, גאָט דער הייליקער... אָ, דו לעצטער מענטש... ניט פון א מאמען ביסטו געבאָרן, און ניט פון א טאטן. הינט האָבן געוויעט דעמלט אין וואלד, ווייל צו זיי געהערסטו. זאָג, וועלכער טייוול האָט דיר געגעבן א מענטשלעכן פּאָנעם? וועלכער הימלישער צאָרן האָט דיך אראָפּגעלאָזט אף דער מענטשלעכער ערד, א סקאָרפּיאָן ביסטו... און עקלדיקע שפּין ביסטו און דיין גלייכן... פול איז מיט אייך די ערד. און דורך אייך ווערן געפּייניקט די מענטשן...

ער האָט זיך אָנגעכאפּט פארן קאָפּ מיט ביידע הענט.

— א־א־א־... ווייס איך שוין! ווייס איך... דו באָלשעוויק!

און באלד ווידער אויסשטרעקנדיק ווייט פון זיך די רעכטע האנט:

— פירט אים צום קאָמענדאנט! פירט אים, דעם באָלשעוויק! פירט אים... פּפּפּייירט איים...

די רייד פונעם פּאָפּ האָבן געפלאקערט, ווי דער סנע אפן באַרג סיניי אין מוישע־ראביינעס צייטן. פייערדיקע בליצן פון אָנגעצונדענעם צאָרן האָבן זיך געשפּרייט איבערן גרויסן, טונקעלן הויף—און דערציטערט זיינען געוואָרן די צוויי פּוילישע גרענעצזעלנער, און אנדריי, און איוואן, און די וועגענער, און די פלוגעס, און די בראָנעס, און די עלעפּאנטישע דרעשמאשין. א יונג קעלבל האָט זיך צעמעקעט, א מאמע־קו האָט איר אָפּגעענטפערט, א פערד האָט געהירזשעט, א האָן האָט געקרייעט.

מען האָט אוועקגעפירט אנדרייען.

דער פּאָפּ האָט זיך צוריקגעלייגט שלאָפן. ס'האָט געדויערט לאנג, ביז ער איז ווידער אנטשלאָפן געוואָרן.

אפן געשטיינערטן וועג איז אנדריי געגאנגען פריַער־אויס, די צוויי ·גרעניק־ביקסן אים נאָך.

א שווערער אָקס, דאכט זיך, גייט אזוי, ווי אנדריי איז דעמלט געגאנגען. דער קאָפּ אראָפּ. די פּלייצע הויך און קיילעכיק. די הענט אף הינטן.

געדיכט, גרוי, פראָסטיק איז געשטאנען דער באגינעדיקער דרויסן—א וואנט פונפאָרנט, א וואנט פונהינטן—ווי א לייוונטענער שלייער. רעכטס און לינקס האָבן זיך ארויסגעשיילט, באם אָנקומען נעענטער, קליינע, איינגעקאָרטשעטע הייזלעך, איינגעבעט אין פּוכקער וואטע; ראכמאָנעסדיקע שטרויענע דעכלעך, מיט פלאטשיקע, איינגעפאלענע, שווארצלעכע קוימענס—ווי די קליינע כיכיקענדיקע לייצימלעך...

— קודריניק, בא דיר איז עק וועלט—און בא דיר איז אָנהויב וועלט...

## דער ווייסער טויט.

דרויסן איז געלעגן דער ווייסער טויט: ווי א קינד פאר דער שוועל פון א שטוב, ווי א מאמע מיט פארטריקנטע ליפּן, ווי א באָבע מיט אן איינגעשרומפּן פּאָנעם.

דער ווייסער טויט האָט זיך געצויגן העט ווייט, בארג־אראָפּ, איבערן זברוטש אריבער און דאָרט, אף דער אנדערער זייט, ווידער בארג ארוף.

נאקעטע בוימער מיט קאלטע, געפרוירענע הענט, מיט באשווערטע, מיט אייז באהאנגענע קעפּ, האָבן שווייגנדיק געטראָגן דעם טויט פון שטעטך צו שטעטך. האלבמעטערדיקע גראָבע, ווייסע קאפּלען זיינען געווען אָנגעטאָן אף הייזלעך און אויסגעזען ווי אָפּגעדעקטע גרויסע קוואָרים־גריבער.

בארג־אראָפּ, ווו אין זומער פארנעמט זיך פון וועג די גראָזיקע סטעזשקע, האָט זיך געשליטלט דער קאָמענדאנט פון דער גרעניצוואך, גורעוויטש און טאמארא, די געליבטע טאָכטער פונעם פּאָפּ.

ווי א שמאָל, ווייך בעט איז געלאָפן די סטעזשקע צווישן נאקעטע גערטנער, איבער דער ליידיקער לאָנקע, ווידער צווישן הײַזלעך און אָפּגעשניטן געוואָרן באַם זברוטש. דאָס שליטל איז געפלויגן שנעל, ווי א שווארצער פונק איבער ווײַסן שוים. אונטן, באם זברוטש, איז עס געבליבן שטיין מיט א קוויטש—א הויכן, א ווייכן, א גערדריידלטן, א פיל־אָנזאָגעדיקן.

דער פעלזיקער בארג האָט אים א כאפּ געטאָן און אים צוריקגעשלײַדערט. דער בארג איז געשטאנען ערנסט און טרויעריק, באלאָדן מיט ווײַס־הויקערדיקע רוקנס און אראָפּגע־קוקט אף טאָל, אף דאָרף מיט גרויע, שטיינערדיקע, מיט קאלטע, הונדערט־יאָריקע אויגן. דער זברוטש איז געלעגן צוגעדושעט אונטער הארטן, פאראקשנטן אײַז, ווי א קינד אונטער א שווערן איבערבעט.

---

געקומען צו גיין פון וואלד איז מארינע מיט די צוויי קינדער. איטלעכס מיט א מאָגער בינטל געטריקנטע צווײַגלעך אף דער פּלייצע: מארינע האָט אונטערגעלייגט פּײַער און זיך אוועקגעזעצט צום פענצטער. זי האָט ארײַנגעקנעטן די הענט אין בויך. אירע גרויע אויגן האָבן געגעסן די שויבן. ווארקא און יורקאָ, די צוויי פויגעלעך, האָבן זיך געהאלטן ארום פּײַער, ווי די פליגן ארום ליכט אין א זומערדיקן פארנאכט. אפן געלעגער איז געלעגן די אלטע אוודאָכע מיט אויסגעלאָשענע אויגן.

— אנדריי... אנדריי וועט ניט קומען אזוי באלד, אנדריי... אָדער וועט ער קומען באלד אנדריי?..

ס׳האָט איר קיינער ניט געענטפערט. דאָס לעמפּל איבערן בילד פון דער הייליקער מוטער מיט איר שטראלנדיקן קינד איז געווען אויסגעלאָשן, דער הונגער האָט געדזשובעט אין די פוסטע ווינקעלעך, ווי הונגעריקע פויגל קלײַבן אמאָל זשעדנע זשארקעס אין פוסטן פעלד. בא מארינען זײַנען ארויסגעשפּרונגען די אויגן פון הוילן מויעך, פון ניט קאָנען געבן זיך קיין אייצע. איר מויעך איז ניט געווען געשאַפן אף צו קענען זיך ארויסצושפּעקולירן פון אזא פלוצימדיקער לאגע. זי איז געבאָרן געוואָרן אף שטרוי אין די סטאדאָלעס פון יענעם הויף, ווו אנדריי איז ביז איצט געווען באשעפטיקט. צען מאמעס האָבן זי געקאָר־מעט—פּאר ראכמאָנעס. און צען טאטעס האָבן פון איר ניט געוואָלט וויסן. אז זי איז אונ־טערגעוואָקסן, האָט זי געפּאשעט שאָף, געפּאשעט קי, געארבעט אין שטאל, אין פעלד—געווען יאָרנלאנג פארדונגען אפן הויף, ביז אנדריי האָט מיט איר כאסענע געהאט. זי איז אין דעם הײַנטיקן ווינטער געגאנגען צו שכיינים, געוואָלט זיך בעראטן וואָס צו טאָן, געוואָר ווערן, ווו מע קאָן עפּשער פארדינען—און קיין איינציק מאָל האָט זי ניט געקאָנט ארויסדערציילן וועגן אלץ, וואָס ס׳טוט זיך בא איר אין שטוב. צוויי מאָל האָט זי באקומען ארבעט אפן הויף—איינמאָל דרײַ וואָכן לאנג, דאָס צווייטע מאָל בלויז צוועלף טעג. פּאַ־ראסקע די אלמאָנע האָט ארײַנגעברענגט אמאָל אן אויסגעבאקן שטיקל מאלייַ, אמאָל האָט זי אריבערגענומען די קינדער צו זיך.

עטלעכע מאָל איבערן טאָג האָט אלץ די אלטע איבערגעכאזערט:

— אנדריי... אנדריי וועט ניט קומען אזוי באלד, אנדריי... אָדער וועט ער קומען באלד?...

די נעזלעך פון די קינדער זײַנען אלץ געוואָרן שמעלער און שפּיציקער. אז זיי זײַנען געקומען פון וואלד, זײַנען די נעזלעך בא זיי געווען ווײַס—ווי די אויסגעפּראָרענע דזשובעס בא סויטע וואָראָנעס.

---

אין באביס „קאָאָפּעראַטיװו" קאָן מען אויך טרינקען בראַנפן. פאַרנאַכט־צײַט הענגט דאָרט אין דער גרויסער שטוב אַ לאָמפּ אויף דראָט. פון אויוון סמאַליעט אַ היץ. באַם אויוון שטייט אַ לאַנגער טיש און אַרום טיש זיצן שכינים.

באבי איז אַ געלונגענער מענטש, ער פאָרט אַרום איבער שטעט און ער קאָן האַלטן אַ רעדע.

— דאָרט, אויף דער אַנדער זײַט, דאָס פאָלק, גייט ניט מער אין צערקווע, דערציילט מען נאָך.

— מען לאָזט ניט...

— מען וויל ניט...

— אַזוי? מען וויל ניט? דו וואָלסט עפּשער אויך ניט געוואָלט גיין מער אין צערקווע?

— מען קאָן נישט וויסן... ווען ס׳וואָלטן געווען אַנדערע צײַטן — —

— אַנאָ, אַנאָ, רייד ניט... האָסט נאָך ניט געטרונקען אַזוי פיל...

— און אַפילע אַז מע לאָזט ניט? הע? וואָס הייסט מע לאָזט ניט? הינט, איינער ווי דער אַנדערער... נאָר די שטראָף, טשאַלאָוויטשע, די שטראָף, וועט קומען. זי וועט קומען — אײַ וועט זי קומען... וועט איר זען: די ערד וועט זיך בונטעווען... זי וועט זיך ניט אָנעמען מיט קיין זייונג. ס׳וועט זײַן אַ טריקעניש. דאָס פי וועט אויספּייגערן. און דאָס פאָלק — דאָס פאָלק, טשאַלאָוויטשע, דאָס פאָלק וועט אויך קיין גוטן סאָף ניט האָבן...

אַזוי האָט געזאָגט באבי.

(סאָף קומט).

רוּווע רײזין.

# אין צעך.

רײַסט זיך מיט א פײַף אויס פון סירען א רויכל.
טוען אָן מאליארעס די פארטעכער אין צעך,
שפאנט צו מיר מײַן כאווער מיט זײַן שטילן שמייכל,
בויגנדיק דעם רוקן אונטער קאסטן בלעך.

— א גוטמאָרגן, בלעכער!
— א גוטמאָרגן, מאליער,
א נאריאד א נײַעם האָב איך דיר געבראכט!
נאָר פלוצים אף זײַן פּאָנים שווימט אָנעט ווי א כוואליע
אזא כמורנער אומעט,
און ער קוקט פארטראכט.

— אוי, ביז איך האָב אויסגעגלײַכט די בלעכן די צעבויגטע,
האָט געדאכט, די אויגן קריכן מיר פון קאָפּ.
ער לאָזט אראָפּ דעם קאסטן פון אקסלען שווער־פארנויגטע,
ס'שיט זיך רויט דער זשאווער אף דער ערד אראָפּ.

און בלעכן הילכן קלינגען אין פאלנדיקן פלאטער,
און ס'לאכט צו מיר מײַן כאווער, פארלאָזנדיק דעם צעך:
— לעבן זאָל דער לייטײַזן, וואָס מאכט פון בלעך—פון שמאטע
א האנטפאס גלאט און קאנטיק!״
איך נעם אין האנט דעם בלעך.

שוין מיד די האנט פון שלײַפן און ס'איז מיט זשאווער־זאמדן,
שוין גראָב פארשטויבט דער פארטעך, און כ'שלײַף, און כ'שלייף און שאָב,
א שווייס צעמישט מיט זשאווער אף פּאָנים שווארץ־צעפלאמטן
עסט די הויט, ווי עסיק און רינט אף בלעך אראָפּ.

קלעפּט זיך האנט צום האנטפאס, נאָך נאס פון פארב גרונטאָווער,
ס'טריקנט, כ'ווארט, פארמיש איך אן עמאליעוון קאָליר.
כ'פארב, נאָר אוי, דער זשאווער דורך פארבן־שיכט לאקאווער.
ער גייט דורך, ווי פּליאמעס פון סאלע דורך פאפיר.

שוין גראָב, געדיכט און טרוקן די פארב אונטערן פענזל
און דער פענזל ציט זיך, ציט זיך, ווי פון פעך.
קלעפּט זיך דלאניע קלייִק צום נאסן פענזל־הענטל,
ביז—ניטאָ קײַן פלעקן אף דעם גלאטן בלעך.

און א דריי דעם האנטפאס—א שווינדל פון א קאָסע,
מיט עמאל מיט נאסן א האַנטפאס בליצט און בלענדט,
און כ׳בויג זיך צו א קוק טאָן, נאָר ס׳טוט א קאָל א גאָס זיך
און כ׳ציטער אוף אינצווייען פון פרייד און פון סירען.—

רײַסט זיך מיט א פײַף אויס פון סירען א רויכל,
טוען אויס מאליארעס די פארטעכער אין צעך,
גייט צו מיר מײַן כאווער מיט זײַן שטילן שמייכל
ציִענדיק פון פארטעך פארקלעמטע סטרוזשקעס בלעך.

— א גוטמאָרגן, בלעכער!
— א גוטמאָרגן, מאליער!
וואָס מאכט די בלעך בראקאָווגע, וואָס כ׳האָב פארטאָג געבראכט,
נאָר פלוצים אף זײַן פּאָנים שווימט אָנעט ווי א כוואליע
אזא פרייד א העלע און ער שײַנט און לאַכט.

— און יענע בלעך?
— דאָס איז עס!
— ניין! דו נארסט מיך, בלאטער.
אוי, עס גלויבט זיך גאָרניט, אז דאָס איז יענע בלעך.

— לעבן זאָל דער פענזל, וואָס מאכט פון בלעך פון שמאטע
א האנטפאס שיין און גלאנציק!
הילכט מיט פרייד אין צעך!

---

מוישע קולבאַק.

# זעלמעניאַנער.

.9

## צאַלקע און טאָנקע.

פונקט 12 אזייגער באַטאָג איז צאַלקע דעם פעטער יודעס אריבער דעם הויף צו טאָנקען. פעטער זישע איז געזעסן אײַנגעבויגן, ווי שטענדיק, מיט דער שפּאַקטיוו אין אויג און געטרייבערט אַלץ זייגערישע געדערים. דער אײַנגעבויגענער קאַרק איז געווען שטאַרק אָנגעברויגעזט אַפן מענטשן.

צאַלקע מאַכט ניט קײַן לאַנגע מאַכזאָקעס מיט פעטער זישען. ער דאַרף בלויז האָבן צו טאָנקען אינעם צווייטן צימער.

ביים טאָנקע זעצט זיך אוועק אף דער אַלטער סאָפע, צווישן די ארויסגעקראָכענע שרויפן, און פאַרויכערט א פּאַפּיראָס—כאַפּט ער די סמײַע. פאַרוואָס? מע ווייס ניט פאַרוואָס. ער לײַדט, זאָגט מען, אף א ראָזער קראַנקײַט, וואָס איר ווייטיק איז ענלעך צו צאָן־ווייטיק.

פעטער זישע קוקט אף אזויגע זאַכן פון אן אייגענעם זייגערמאַכערישן שטאַנדפּונקט, האָט ער זיך טאַקע טכילעס געקווענקלט אין דער דייע, נאָר איצטער, נאָך סאָניעס גאַסט, וואָלט מען שוין בא אים געפּויעלט אויסגעבן טאָנקען אפילע פאַר אָט דעם שלימאַזל, האַגאַם דאָ איז מען קיינמאָל ניט זיכער, אז טאָנקע וועט ניט בלײַבן אינמיטן דערינען א יונגע אַלמאָנע.

צאַלקע איז פון די נײַע געלערנטע. ער איז געזעסן די נאַכט איבער אן אַלטער „צענע־אורענע", מיזדאַוועג געווען זיך מיט פאַרצײַטיקע יידענעס און אזוי אַרום פאַרהוליעט די נאַכט. ער איז דערפאַר אביסל מיד, אביסל פאַרשלאָפן, און זײַנע ראַיוינעס שוועבן אַרום פון ריווקע באַס שמועל ביז טאָנקע באַס זישע, וואָס זיי זײַנען אים אַלע ליב. ער וויל דאָ איצט זיצן אָנגעלייגט אף א שטול, אויסגעצויגן די פיס, און אָפּרוען פון די געדאַנקען.

טאָנקע טוט אָבער פלוצלונג א שפּרונג פון דער סאָפע און נעמט אים אָן פאַר דער גראָבער פּייע:

— קום, קערטשענער הערינג, מירן זיך א לאָף טאָן באָדן!

---

דער טײַך ליגט א פּאָר וויאָרסט הינטערן שטאָט. ניטאָ קײַן פּיצל שאָטן. עס איז יולקים, וואָס זיי זיינען דערגאַנגען אין דער היץ צו די ערשטע קילע פעלדער קאַרטאָפל, אָפּגעפּרישט זיך אביסל אָן די קאַלטע שטעכן גרין.

צאַלקע איז געגאַנגען פון הינטן און גערעדט פאַרכאַלעשטערהייט:

— הערסט דאָך, הײַנט באַנאַכט האָב איך עפּעס אופגעטאָן. מעגסט הערן. באַקומען אן אַלטע „צענע־אורענע" אָן א שאַרבלאַט, און אויסגעפונען, אז זי שטאַמט פון 17־טן יאָרהונדערט, געדרוקט געוואָרן בא שימשן זימלע אין מעץ.

שפּעטער צו האָט טאָנקע געפרעגט.

— הערינג, וואָס פאר א ווערט האָט דײַן אנטדעקונג פאר דער סאָצ. בויונג?

— המ...

— אויב אזוי,—האָט זי זיך פלוצלונג אויסגעקירעוועט,—אויב אזוי, קענסטו גיין שלאָפן!

זי האָט אים אונטערגעשטעלט א פוס, ווי עס טוען גרויסע שלעגער, און ארײַנגעשטויסן דעם געלערנטן אין די קאָרן.

— אידיאָטקע!—האָט ער געשריען, זוכנדיק די ברילן אף דער ערד,—צען מאָל אידיאָטקע!

טאָנקע איז שוין געווען בא דער צווייטער זײַט פעלד, געשטאנען אײַנגעבויגן מיט די הענט אף די קני און געמאכט דעם אָנשטעל, אז זי לאכט. זעלמעניאנער לאכן ניט. זעל-מעניאנער שמייכלען ברייט און די ניט באהאוונטע נעמען עס אמאָל אָן פאר א געלעכטער.

---

דער טראקט האָט זיך אוועקגעשפּרייט ווײַט ביזן סאָסנאָוון האָריזאָנט. צווישן די שאָטנ-דיקע, קורצע קארטאָפל-פעלדער האָט דער הייסער קאָרן געפלייצט אין ברייטע פירקאנטיקע פורעמס פון מעש. א זודיקער, גרינער אָטעם האָט געשלאָגן פון די סאנעזונצן. די פאר-שיידענע העלקײַטן פון דער זון זײַנען אומגעשווומען איבער דער גאנצער געגנט, אָפּגע-גאָסן פלוצלונג ערגעץ א פעלד מיט ליכט, אז ס'האָט פארשיקערט די אויגן.

ווײַט, באם סאמע שטריך פון האָריזאָנט, האָט געקנוילט א רויכל — א טראקטער האָט קורץ געסאָפּעט, געפויזעט פאמעלעך איבער דעם ברעג פון דער ערד און איז אלץ ניט פארשוונדן פון אויג.

צאלקע האָט געזאָגט א וויך:

— באָרוכאטאָאדוינויעלויהיינומעלעכהאָוילאָמהאמויצעלעכעמינהאָרעץ!

---

זי האָט אראָפּגעכאפּט די בלוזקע און דאָס לעצטע שטיקל וועג דערלאָפן העמדום-פענדום ביז צום טײַך.

פונדערווײַטנס נאָך האָט צאלקע דערזען א פינקלענדיקן שנור וואסער, בייס זי איז אראָפּגעשפּרונגען פון ברעג. פאר זײַנע אויגן האָט א בלענד געטאָן — און מיט א ציטער אין הארצן—טאָנקעס פארברוינטער קערפּער; ער האָט דערהערט איר אויסגעשריי, און דאָס אלץ האָט זיך עפּעס א מיש געטאָן מיט א שארפן ווייטיק. צאלקע האָט זיך אויסגעצויגן אין גראָז, אביסל פונדערווײַטנס, געקײַט א שטרויעלע, און אופגערעגט געטראכט און ניט געטראכט.

זי האָט זיך דאָרטן געוואלגערט אין וואסער, ארויסגעשפּריצט, אונטער דער גליִענדיקער זון קאלטע וואסער-ראקעטן; פלוצלונג האָט זי זיך ארויסגעהויבן, גלאנצנדיק מיט דעם נאכן לײַב און אויסגעשריען:

— צאלקע, זע, א שיינער קערפּער, צי ניט?

---

צוריקוועגס זײַנען זיי געגאנגען מיט די פעלדער. עס איז שוין געשטאנען אָנגעגאָסן דער קאָרן. ניטאָ קיין שאָרך. גאָרנישט. הייסע שוועלבעלעך האָבן זיך געשופּט אין לאנגע פליִען נידעריק איבער די פעלדער, און איבער זיי האָט די זון געפלאקערט, ווי א הוילער פײַער. זיי זײַנען פארפאלן געוואָרן צווישן די קאָרן. טאָנקעס רויט טיכל אפן קאָפּ האָט

זיך פון צײַט צו צײַט ארויסגערוקט איבער דעם טליענדיקן גאָלד, ווי אַ גרויסער טראָפּן בלוט. זי האָט געזונגען:

Ох-ці мне, ох!
На балоце мох,
Хлопец па дзяўчынцы
Сем гадоў сох.
Сох-та ён, сох,
Высох як гарох...
Ох-ці мне, ох!

זי האָט געזונגען, און צאלקע האָט זיך נאָכגעשלעפּט, בימכילע, אָנשטאָט א שאָטן אינעם דאָזיקן הייסן טאָג.

ער האָט געטראַכט אזוי:

— טאָנקע, דו באַציסט זיך עפּעס גלײַכגילטיק צו מיר. מען קען זאָגן, אז דו באַציסט זיך אפילע קאלט צו מיר, און דאָס געפעלט מיר ניט, וואָרעם איך בין עפּשער אביסל פארליבט אויך...

ער האָט געטאָן א שטיל פארטײַעט זיפצעלע, וואָס איז, ווי באַקאַנט, דער ערגסטער צייכן פון דערדאָזיקער ראָזער כאלאעס.

---

אין שטאָט זײַנען זיי ארײַן דורך אן אנדער זייט. די היץ, וואָס האָט זיך דאָ אראָפּגעגאָסן פון די פארטריקנטע בלעכענע דעכער, איז געווען א טעמפּערע און גערדיכטערע.

---

די נ־ער צעגראָבענע גאס האָט אויסגעזען, ווי א פאבריק. אין דער גאנצער לענג פון גאס זײַנען געשטאנען ארבעטער, נאקעט ביז העלפט, מיט רידלען און אײַזנס אין די הענט. מע האָט אויסגעלייגט רעלסן פאר א טראמווײַ. די קרומע זון האָט זיך אָפּגעשלאָגן אָן זייערע הוילע פּלייצעס, ווי אָן געשליפענע שפּיגלען. א פּאָר הונדערט ברוינע קערפּערס מיט אָפּגעברענטע פּלייצעס, ווי מיט טונקעלע שילדן, האָבן זיך רויִק באוועגט אין אימפּעט פון דער ארבעט. די מוסקלען האָבן זיך ארומגעגליטשט אף די לײַבער, ווי לעבעדיקע, און אין גאנג פון דער ארבעט האָבן זיי זיך געכוואליעט איבער דער פולער גאס קערפּערס, ווי ברוינע כוואליעס איבער א מאָדנעם מענטשלעכן טײַך. מ׳האָט צונויפגעקאָכט די רעלסן מיט אצעטילען. די אויוועלעך, פארקלעפּטע מיט ליים, האָבן בלוטיק געטליִעט אין דער בלאנקער לופט. פון צײַט צו צײַט האָט ערגעץ, צווישן א גרופּע נאקעטע לײַבער, אופגעריסן דער אצעטילען מיט א זשיפּערײַ; דער בלויער פײַער טוט א קנאל, צעשיט זיך אי פּאָספּאָר־שטערנדלעך און א דינער רויך שלאָגט נאָכדעם אָפּ פון די פארשוויצטע נאסע קערפּערס, ווי זיי וואָלטן ערשט אַרויס פון א שוויץ־באָד. מע האָט געארבעט שווײַגנדיק און פון אונטער אָט דעם גליִענדיקן שווײַגן האָבן זיך אוועקגעצויגן ווײַט דאָרטן ארויף גאס צוויי רייען לאנגע, שווארצע, הארטע רעלסן, ארום וועלכע עס האָבן ווידער געשוויבלט נאקעטע קערפּערס און געפײַלט די שטאָלענע געשווילעכצן ארום די צונויפגעשמאָלצענע רעלסן.

— שיין, וואָס?—האָט טאָנקע געפרעגט.

— יאָ,—האָט געענטפערט צאלקע, ווי פון א ביכל ארויס,—די שיינקײַט פון מענטשלעכער ארבעט.

טאָנקע האָט געזאָגט:

— פאראנען א ליד פון א ייִדישן זעלמעניאנישן פּאָעט קולבאַק, וואָס פּלאָנטערט זיך מיר שטענדיק אין קאָפּ:

און בראָנזענע יונגען
באַפאלן
איז דעמלט
א ווילן
צו שטילן
דעם צאָרן
פון יאָרן,
וואָס זיינען פארלאָרן.

— יאָ,—האָט מאסקים געווען אויך צאלקע פּעטער יודעס,—א שיין ליד.

נאָכדעם זײַנען זיי שוין געגאנגען מיד און אפילע אָנגעבלאָזן, טאָנקע האָט זיך מיט אים אָפּן גערייצט, געפרעגט שאלקהאפטיק, צי ער, צאלקע, געהערט אויך צו די מאנסבילן מיט די שיינע קערפּערס. ער האָט זיך פארענטפערט:

— איך האלט זיך נאָך בא דעם געדאנק, אז דער גײַסט בויט דעם קערפּער.

— א ברײַרע האָסטו, צאלקע, א ברײַרע האָסטו?

עס האָט אים עפּעס פּלוצלונג אָנגענומען א פארדראָס, אלעמײַ ער האָט זיך פארדרייט מיט אָט דעם פלאכן מיידל, וואָס איז אזוי גײַוועדיק־פאריסן און איז אזוי אײַנגעטרויט אין איר ניכטערן וועלט־קוק, אז זי קען פּאָשעט ניט אופנעמען קײַן טיפערן וואָרט. ער האָט שוין אָנגעהויבן טראכטן, אז אין זײַן ליבע צו טאָנקען איז ער באגאנגען א ייִנגלשן טאָעס, ניט לויט זײַנע זעקס און צוואנציק יאָר. אף אזוי ווײַט האָט ער שוין אפילע געטראכט.

אז צאלקע האָט זיך שוין געקליבן ארײַן אין שטוב, האָט זי אים פּלוצלונג צארט אזוי אָנגענומען פאר דעם ניט געגאָלטן קין:

— דו ביסט אין מיר פארליבט, קעצעלע?

.10

## ווײַטער וועגן צאלקען.

צאלקע האָט זיך ארומגעדרייט איבערן הויף. ער איז ארומגעגאנגען צעכושט, ווי א לעוואָנע גייער, דאָס שניפּסל פארדרייט אָן א זײַט.

פּעטער איטשע, וואָס פון זײַן פענצטער טוט ער אכטונג געבן אף דער רו אין רעבזע הויף, האָט אָפּגעשטעלט די ניי־מאשין. פּעטער איטשע האָט לאנג געלויערט מיט כשאד אף צאלקעס אופירעכץ, און באלד, ווי ער האָט פעסטגעשטעלט וועגן וואָס סע האנדלט זיך, איז ער ארויס אין הויף וואָרענען א געפאר.

קוידעמקאָל האָט ער זיך א לאָז געטאָן צו פּעטער יודען. עס האָט אָבער גראָד פּאסירט, אז פּעטער יודע איז געווען ניט ווי געהעריק איז אופגעראמט, האָט ער געכאפּט א שטעקן, פּעטער יודע, און גענומען טרײַבן דעם איבערגעגעבענעם ברודער זײַנעם פון שטוב:

— וואָס זאָגסטו צו איטשקע דעם באָק,—האָט ער [illegible]ריען,—ער קריכט דאָך שוין אויסן הויט!

פּעטער איטשע האָט קוים באוויזן ארויסשפּרינגען און פארהאלטן די טיר פון דרויסן— דער מאָרעשכוירע זאָל אים ניט נאָכלויפן, און פארשוואָרן האָט ער זיך דאָרטן הינטערן טיר:

— מײַן באָבעס דײַגע. הענגט זיך און טרינקט זיך אלע!

פעטער איטשע האָט זיך דעמלט אוועקגעוועצט צוריק צום מאשין און שוין מער ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט.
פעטער איטשע האָט זיך שוין מער ניט געמישט.

---

עס איז פארגאנגען שטיל דער וומערדיקער טאָג אף אלע פיר זייטן, און רעב זעלמע־לעס הויף איז געשטאנען בוילעט מיט אלע זיינע ווינקלען אין די טונקל־ברוינע פייערן. זעלמעניאנער זיינען געזעסן צעשפילעט אף די שוועלן און קיינער, קיינער האָט ניט געוווסט וואָס סע קלייבט זיך באהאלטענערהייט אָט בא זיי אונטערן נאָז.
ארום האלבער נאכט האָט מען פלוצלונג דערהערט ווילדע, פינצטערע געשרייען. דאָס האָט געשריען פעטער איטשע. דער רעבזעהויף איז פארשטארט געוואָרן פון שרעק. מ איז געלאָפן נאקעטע פון די שטיבער. אינדערפינצטער האָבן זיך געבלייכט לאנגע ווייַבערשע העמדער און צעפאטלטע מאנסבילן. די געוואלדן האָבן זיך געטראָגן ערגעץ פונדערהויך, דאכט זיך פון פעטער יודעס בוידעם.
דעמלט האָט די קליינע טרויעריקע ווייבל געטומען שטורכען פעטער פאָליען אין זייט
— שטיי אוף, מע קוילעט מענטשן אין הויף!
— פאָליע, האָב ראכמאָנעס, שטיי אופעט!
פעטער פאָליע האָט זיך בייז א קער געטאָן אפן זייט און געטומען בורטשען אין וואַנט:
— ברעכט דעם קאָפּ אלע, כ׳דארף ראניצע אופשטיין צו דער ארבעט!
די ווייבל האָט אים אָבער ניט אָפּגעלאָזן, געשלעפּט די קישן פון צוקאָפּנס, איז ער אראָפּ א פארשלאָפענער אין הויף און גלייך ארוף איבערן לייטער צו פעטער יודען אפן בוידעם, געמענדיק עטלעכע טרעפּלעך פאראמאָל.
די געשרייען האָבן באלד אופגעהערט.
מע איז געשטאנען צעגויפגעטוליעטע און פארהעשעטע מיט פאריסענע קעפּ צום בוידעם־לאָך.
— זעט, מע מוז לויפן נאָך בערען,— האָבן זעלמעניאנער געקלאפט א צאָן אָן א צאָן,— אָן אים וועסטו גאָרנישט מאכן!
פאלקע פעטער איטשעס איז אָנגעפלויגן מיט אן עלעקטריש לעמפל אפן ברוסט, מיט א רעוואָלווער אין האנט, באוואָפנט, ווי סע דארף צו זיין, און ער האָט זיך אויך געלאָז צום בוידעם.
— ענטפערט וואָסי דאָרטן, גאזלאָנים!
באלד האָט זיך פאלקעס שיטערע עלעקטרע ארויסגעגאָסן צוריק פון דעם בוידעם־טירל און עס האָט זיך דערטראָגן זיין שלינגענדיקע שטים:
— סי גאָרנישט, סי גאָרנישט—צאלקע האָט זיך אופגעהאנגען!
— וואָס?
— אף טויט?
— ניין, ווי אלעמאָל, ווי אלעמאָל.

---

פעטער איטשע האָט זיך טאקע ניט געמישט. ער איז געבליבן בלויז זיצן אפן שוועל אינדערפינצטער, קעדיי צוקוקן זיך, וואָס דאָ וועט זיין. שפעט באנאכט האָט ער דערזען, ווי צאלקע איז אָן א רעקל ארויסגעלאָפן פון שטוב, געכאפּט דעם לייטער באם שטאל, און עפּעס גאָרניט לויט זיינע קויכעס א הויב געטאָן אים צום דאך: צאלקע איז; ווי א באנר־מענער ארופגעלאָפן צום בוידעם.
פרעגט זיך: דער פעטער איטשע האָט אים דעמלט געדארפט נאָכגיין, צי ניט?

— ער האָט געדאַרפט!—אזוי זאָגן אלע.

און ער האָט אים טאקע אונטערגעכאפּט אין דער סאמע ריכטיקער מינוט.

צאלקע איז אָבער געווען אזוי פאַרביטערט אף דער וועלט, אז ער האָט ארויסגעשלעפּט א פוס און גענומען שלאָגן דעם פּעטער איבערן קאָפּ, איז אים, דעם פּעטער איטשען, באַפאלן דעמלט די גרויסע שרעק: וויבאלד דעם געהאנגענעם האלט ער אף זיך, טאָ ווער קען עס אים דאָ שלאָגן מיט א פוס אין קאָפּ? פּעטער איטשע האָט געמאכט א געוואלד.

דעמלט האָט צאלקע זיך שוין ניט געוועוּרט, געהאנגען ווי א הערינג אף א שטריקל.

---

פּעטער פּאָליע האָט ארופּגעוואָרפן צאלקען אפן קארק און אים אראָפּגעטראָגן אין שטוב, פאָרזיכטיק געטראָגן, ווי ער וואָלט געווען פון פּאיאנס. מע האָט אופגעשלאָגן פאר דעם געהאנגענעם א ריינעם געלעגער, אויסגעטאָן אים, און די זעלמעניאנער האָבן זיך נייַגעריק ארומגעשטעלט באטראכטן, ווי אזוי ער ציט דעם אָטעם, טוט אן עפן פאמעלעך די קאלטע אויגן און מאכט זיי ווידער צו.

— מע דארף האָבן ווארעניע!

— זעט, מע דארף האָבן אביסל ווארעניע, מאכמעס ער איז פארשמאכט!

צאלקע האָט זיך אויסגעקירעוועט צום וואנט. די מומע מאלקעלע, וואָס האָט בלויז אף דעם געוואַרט, האָט זיך דעמלט א כאפּ געטאָן צו זייַנע בגאָדים אויסקערן די קעשענעס, טאפּן די נעט, צי געפינט מען ניט דאָרטן סוידע־סוידעס. מע האָט געפונען אין דער הויזן־קעשענע א זאך, וואָס לויט אלע סימאָנים איז עס אמאָל געווען א נאָז־טיכל, צוויי ביי־נערנע קנעפּלעך. און אין וועסטל־קעשענע—א קליין צעקנייטשט צעטעלע.

פּעטער איטשע איז אוועקגעלאָפן נאָך דער מומע מאלקעלעס שפּאקולן.

אינעם צווייטן צימער האָבן זיך נאָכדעם די אלטע זעלמעניאנער געקליבן שווייַגנדיק ארום דער מומען מיט דעם צעטעלע. זי האָט געלייענט שווער, געלייענט מיט מאטערניש, און ערשט סאמע אונטן איז זי אומגעריכט דערגאנגען צו א פּאָר שורעס, וואָס האָבן קימאט, ווי צעטומלט דעם אוילעם.

אָט איז דאָס צעטעלע:

> אומע—דער גרויסער לעבער (קאצעור־לאָשן)
> גודעגארדע (?)
> סערכעלע—סרחן, סרח (שטינקען)
> פּידלדעמאָניע—געלט (אין פארשיידענע זשארגאָנען)
> טשעוועכטש (?)
> ליב—האָלט, פאראן א ניואנס.
> ווי איז בעסער צו זאָגן: איך האָב ליב טאָנקען, צי
> איך האָב האָלט טאָנקען?
> טאָנקע, טאָנקע!

די זעלמעניאנער האָבן זיך לאנג איבערגעקוקט פון ארונטער די שטערנס. פּעטער זישע האָט געפונען פאר נויטיק אָפּנעמען דאָס צעטעלע צו זיך, און שטילערהייט איז מען צוריק אריין צום געהאנגענעם.

נאָך דער ווארעניע האָט זיך דער נויטע לאמוס דערפילט בעסער, אפילע א שמייכל געטאָן צו דער מישפּאָכע מיט אזא מין באטייַט:

— וואָס זאָגט איר דערצו? געגאנגען דאכט זיך, גאָר קעשורע, מיטאמאָל נעם איך און טו אָפּ אזא רעציכע?

פעטער יודע האָט זיך ארומגעדרייט צווישן אוילעם ווייך און שטיל און גרינג, ווי אין זאָקן. ער איז געווען, זעט אויס, צופרידן, וואָס זײַן צאלקע לעבט פאָרט, האגאם פון פאָנעם האָט מען עס ניט אראָפּגעזוען—געקוקט רוגזעדיק מיט די קליינע הייסע אויגעלעך, ווי טאָמיד.

די געמיטער האָבן זיך בארויִקט. אויב מע האָט איצט געזאָרגט, איז עס גאָר געווען פאר עפּעס אנדערש; מע האָט זיך איצט באומרויִקט פאר כײַעלען, וואָס, לויט דער מומע מאלקעלעס כעשבן, טאָר זי זיך שוין פון לאנג ניט איבערשרעקן.

כײַעלע האָט אָבער א זאָג געטאָן:

— עסט זיך ניט אָפּ ס׳הארץ. איכ׳ל זיך ניט איבערשרעקן. מײַן קינד איז מיר טײַערער פון אים!

---

די זעלמעניאנער האָבן באם פעטער יודען אין שטוב געטרונקען טיי, געדרייט די וואָנצן און אָפּגערוט פון דער צערודערונג. בלויז פעטער פאָליע, וואָס האָט מיט די זעלמעניאנער קײַן מאגעומאסע ניט, בלויז ער האָט זיך ארומגעדרייט אין הוילע טאכטוינים איבערן הויף. סארא זומערדיקע נאכט!

ווען פעטער פאָליע האָט וואָס צו טראכטן, וואָלט ער שוין איצטער זיכער געטראכט, ווײַל די נאכט איז געווען אזא, פול מיט געדאנקען סאָפּזומערדיקע.

---

שפעט באנאכט איז בערע אָנגעקומען פון דער מיליציע. ער איז געגאנגען פאמעלעך צופרידן, מײַסע באלעבאָס, געקײַט קערלעך און געשפיגן צום הימל. ער האָט דערזען פעטער פאָליען אין זײַן מאָדנעם הילעך, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט כשאד.

— געמאכט א קייסע?—האָט ער געפרעגט.

פעטער פאָליע האָט ארויסגערוקט דעם קאָפּ:

— און אז געמאכט, איז וואָס? כ׳בין נאָך אזא באָלשעוויק, ווי דו!

בערע איז צוגעגאנגען נענטער:

— ארײַנגעגאָסן אין לאָמפּ?

— און אז ארײַנגעגאָסן, איז וואָס? איך האָרעווע, און דו דרייסט זיך ארום מיט דײַן קוקארדע.

בערע האָט אים שוין געשמעקט פון מויל:

— אראָפּגעטראָגן ס׳ביסעלע נאפט אין קעלער?

— און אז אראָפּגעטראָגן, איז וואָס—האָט פעטער פאָליע צונויפגענומען די פויסטן,— בערקע, דו וועסט נאָך בא מיר פליִען פון דער פארטיי ארויכעט!

פאָליע האָט אים אָפּגעזידלט מוטער־נאקעט. דאָסמאָל האָט בערע געפונען פאר נויטיק צו פארשווײַגן. ער איז אוועק.

אין הויף האָבן געברענט אלע לאָמפּן. מאָדנע. באם פעטער יודען אין שטוב זײַנען געשטאנען די טירן אָפן. ער איז ארײַן און באלד דערזען, אין וואָס די סימכע שטעקט די זעלמעניאנער האָבן דעמלט אראָפּגעלאָזן די קעפּ, פונקט זיי טראָגן די אכרײַעס פאר צאלקעס מעשוגענע גענג.

בערע האָט זיך אָנגעשפּארט צופוסנס פון צאלקעס בעט, געשיילט לאנג און פארטראכטערהייט די קערלעך און אלץ געקוקט אפן באלסימכע. צום סאָף האָט ער ארויסגעלאָזן דעם שטילן זעלמעניאנישן הירזשע פון טיפן הארצן און א זאָג געטאָן:

— שמינטעלעגענצל!

די מומע מאלקעלע האָט צוגעשאָקלט טיף באדויערנדיק מיטן קאָפּ, אלס א צייכן, אז זי איז מאסקים.

---

דער רעבזעהויף האָט שוין געשמאַק געשלאָפן. מאכמעס פאלקע דעם פעטער איטשעס שרײַט פון שלאָף, האָט מען אים דאָסמאָל אויך גענומען איבערנעכטיקן צום טאטן, זאָל ער ניט איבערשרעקן דעם כוילע.

די לעוואָנע איז שטיל ארומגעגאנגען איבערן דאך.

צאלקע איז געלעגן מיט אָפענע אויגן. עס איז אים געווען דאָפּלט פינצטער. עס איז אים געווען, לעמאָשל, ווי ער וואָלט געלעגן אפן וואסער טויזנט מײַל פון א ברעג. און ער איז געווען וואך, פײַנלעך אוף, אז ער האָט אויך געהערט דעם ציטער פון לעוואָנע־ליכט אף די לאָדן.

מיטאמאָל הערט ער, ווי עמיצער שטופּט אָפּ פאמעלעך די טיר אין צימער.

דעם פעטער יודעס קאָל:

— צאלעל, דו שלאָפסט?

— ניין נאָך.

פעטער יודע לאָזט זיך ארײַן מיט א זײַט, זעצט זיך צו שטילערהייט צו אים אפן בעט. ער זיצט לאנג אזוי, צופּט דאָס בערדל און קלײַבט זיך עפּעס זאָגן, וואָס עס איז אים, קענטיק, גרײַלעך וויכטיק. סאָפקאָלסאָף טוט ער א שטיל הוסטל און הויבט אָן מיט א מו־סער־קאָל:

— צאלעל, נעם זיך אראָפּ א מוסער פון זיי. סי דאָך פאר זיי ענג די וועלט. וואָס זיצטו אלץ בא דײַנע ביכלעך? קענסט דאָך אויך ווערן א באָלשעוויק, ווי זיי, נאר אײ־נער... נעם, טו א טראכט און ווער א באָלשעוויק... און איכ׳ל דיר זאָגן דעם עמעס, סי דאָך א ראכמאָנעס אף א טאטן אויכעט. אייביק לעבט מען ניט און סע ווילט זיך האָבן א קאדעש, ווי אלע ייִדן... אן אוילע, וואָס? כ׳פארשטיי, מע נעמט זיך אמאָל ס׳לעבן, פאר־וואָס ניט? כ׳פארשטיי איינמאָל, א צווייטן מאָל, בא דיר איז דאָך עס אלע ווײַלע... און זעסטאָך, אז סי דיר פאָרט ניט באשערט, ראכמאָנע ליצלאן, צו שטארבן. פרעגט זיך דאָך טאקע, צאלעל, נאכסאָל זאָלסטו גיין אי קעגן גאָט, אי קעגן לײַטן?..

פעטער יודע איז אנטשוויגן געוואָרן. ער האָט געקוקט אף דעם שנירעלע לעוואָנע־ליכט, וואָס האָט זיך ארײַנגעגאָסן דורכן לאָד. באלד האָט ער ווידער אָנגעהויבן אביסל שטילער. ווי ער וואָלט אים וועלן פארטרויען א סאָד:

— און דו מיינסט, אז איך האלט ניט פון זיי? איך, זעסטו, האלט דאפקע פון זיי... אראָפּוואָרפן דעם קייסער האָט מען גענדארפט, ווי גאָר דעם לעבן, געווען א גאָרנישט שעבע־נישט, ניט קיין קייסער... אָבער, זעסטו, אָט דאָס, וואָס מע האָט זיך אָנגעזעצט אף דער שטיקל ייִדישקײַט,—אָט דאָס איז שוין ניט רעכט... גאָרניט רעכט... סי פּראָסט ניט שיין!.. א כאסענע, זעסטו, האָט געדארפט זײַן א כאסענע, א בריס האָט געדארפט זײַן א בריס, און סי רעכט אמאָל אָפּדאוונען אויך. פארוואָס ניט?.. וואָרעם וואָס איז שוין די האמצאָע, אז מען דאוונט ניט?.. ווּעמען טוט מען דאָ ארײַן?.. הער, צאַלעל, ווען מע לאָזט מיר צו צו זייערע קעפּ דורכטײַנען זיך, וואָלט אנדערש געוואָרן... טאקע הײַנטוועלטיקע מענטשן, קענען לעשוינעס, אָבער מע דארף האָבן אָטאָ דאָ אויך עפּעס... וואָס, ניט?.. און אָט דאָס, וואָס זיי טשעפּען זיך צו די געווירים איז, צווישן אונדז ריידנדיק, אויך א נארעשקײַט... די געווירים האָבן סאָפקאָלסאָף געגעבן צו פארדינען א רובל... פון דעם שוסטער און דעם שנײַדער האָט מען געהאט קיינמאָל גאָרנישט... זעסטו, ווען מען פארמאָגט אביסל סייכל, האָט מען, אדעראבע, געדארפט שאָלעם מאכן מיט די באלעבאטים—פאָרט איידעלע מענטשן, אמאָל אן אייצע, אמאָל סטאם א גוט וואָרט... וואָס, ניט?.. צאלעל, דו שלאָפסט?

— ניין נאָך.

— זעסטו, א יונגערמאן דארף זיך אָבער ניט אָפּשיידן פון קלאל. אל טיפרויש מין האציבור... ווערסט א באָלשעוויק, גייסט מיט דער פאָנע, זאָגסט דאָרטן אָפּ, וואָס מע דארף און אמאָל מאכט זיך, טוט מען אויך א ייִדן א טויווע, איז דאָך שוין יעמלט גאָר

אָנגעלייגט, האלט מען שוין פון דיר צווישן אונדזערע מענטשן אויך!.. ביסט א מענטש, באַרעכאַשעם, מיט א פּען אין האנט, דו שרײַבסט, דו גיסט צו פארשטיין, און אַלעמײַ טאקע ניט אופווײַזן, אז זיי האָבן א טאָעס, האַ?..

פעטער יודע האָט אָפּגעזיפצט:

— הערסטאָך, איך קוק אמאָל אף דער עלעקטרע, ווי סע ברענט, און איך טראכט: סי ניטאָ קיין גאָט אף דער וועלט—סי דאָ עלעקטרע. נו, איז ווי לייגט זיך עס דיר אפּן סייכל, אָטאָ דער לעמפּל איז גאָט?.. אָט דער לעמפּל שטראָפט עס די רעשאָים און באַלוינט די צאדיקים?.. ער האָט עס געגעבן מוישע ראבוינען די טוירע אפּן בארג סינײַ, אָט דער לעמפּל?.. פרעג איך, ווו געפינט זיך בא אָט די מענטשן דער קאָפּ?.. און וואָס וועט זײַן, אשטייגער, אז איך צעברעך גאָר דעם לעמפּל, איז שוין אויס גאָט אף דער וועלט?.. העפקער־פּעטרישקע?.. צאלעל, דו שלאָפסט?

— ניין נאָך.

— טאָ זײַ מויכל,—איז שוין פעטער יודע אריַין אין היסלאוועס,—דו ביסט דאָך יאָ א מענטש א בענטוירע, טאָ גיב מיר אף טשיקאוועס צו פארשטיין, וואָס שטעקט דאָ? צי דען זעען זיי ניט, צי הערן זיי ניט?.. דו גיב מיר צו פארשטיין, ווי אזוי נעמען עס ייִדן באַיאָרנטע, ייִדן מיט בערד, און מען איז מעכאלעל שאבעס בעפארהעסיע?.. וואָס שטעקט דאָ?.. וואָס טראכטן זיי זיך?.. כאווער לענין איז א גרויסער מענטש, אוואדע איז ער א גרויסער מענטש, אָבער ווי קומט ער צו עמונע־זאכן?.. און לאָמיר שוין אפילע אָנעמען, אז ער איז מיכסידיי אומויס האוילעם, איז וואָס?.. און מוישע ראביינו איז שוין גאָרנישט? און דאָוויד האמיילעך איז גאָרנישט... און דער ווילנער גאָען איז גאָרנישט?.. דו ווייסט, צאלעל, אמאָל טוט טאקע אָט דאָ א ברען אין קאָפּ, אז סע ווילט זיך אנטלויפן אין בעסמעדרעש אהינטערן אויוון און געעקט אן אייסיק. צאלעל, דו שלאָפסט?

— יאָ, איך שלאָף שוין אביסל.

דער פעטער איז געבליבן זיצן צונויפגעהויקערט אפּן בעט און אויסגעזען האָט ער אויך איצטער, ווי א פארבלאָנדזשעטער גאלעכל, די עטלעכע טראָפּנס לעוואָנע־שײַן האָבן באַשפריצט א גלעזל פון זײַנע שפּאקולן און א שטיקל אײַנגעפאלענע באק. ער האָט זיך אופגעהויבן, געשטאנען א היפּשע ווײַלע מיט דער פלייצע צו צאלקען און געטראכט פון עפּעס, נאָכדעם האָט ער אויסגעקירעוועט צו אים דעם קאָפּ:

— עפּשער אופשפּילן אביסל אפּן פידל? שוין לאנג ניט געהאלטן אין האנט.

— ווי דו ווילסט.

אינדערפינצטער איז ער שפּעטער געשטאנען איבער צאלקעס בעט און געשפּילט אזוי, ווי ער וואָלט געהאט בעדייע ארויסציִען פון אים די נעשאָמע ניט דורך א טליִע, נאָר דורך א זיסן, פארצײַטיקן געיאָמער. עס האָט זיך געהערט אין צימער א גערוך פון א געזאנג אף א בעסוילעם: דעם פעטער יודעס מאָרעשכוירע האָט אופגעבליט און זיך צעעפנט, ווי א קלעפּיקער געוויקס אין טיפן וואסער. די ניגונים זײַנע האָבן זיך געשאָקלט און געשטיקט אָן אן אָטעם, מאָדנע געבראָכן און טויט, ווי א בלינד אויג, וואָס פינטלט שטארק און רײַסט זיך צום זען.

ס'איז געווען פינצטער.

דערנאָך האָט ער געשפּילט וועגן דער הון. דאָס זײַנען שוין געווען גאנץ אנדערע טרערן וועגן דעם ווײַטן, גלײַכגילטיקן גאנג פון די מאזאָלעס, וואָס עס קימערט זיי גאָרנישט.

.11

# ראדיאָ.

אין סענטיאבער כוידעש הערט אוף אין אונדזערע קאנטן דער זומער צו עטעמען. שטיל, פײַן־פײַן, נאָר ס'איז אזוי, ווי מע וואָלט בא אײַנעם ארויסגענומען די לונגען. אין אונדזערע קאנטן איז דער סענטיאבער־מענטש דעריבער אביסל געזעצטער. מען האָט פעסטגעשטעלט, אז הארטע מענטשן, וואָס בא אונדז אין געגנט טרעפט מען זיי אָפטער, ווי ערגעץ אנ־דערשוו, אזײַנע, וואָס ווייסן ניט פון סענטימענטן, שטרעקן אמאָל אויס אין סענטיאבער כוידעש די האנט באם געזעגענען זיך, אז עס טרעפט אפילע, אז זיי טוען שוין דערבײַ א שמייכל אויך.

ס'איז דער קלימאט אזא.

עלטערע מענטשן זיצן דעמלט לענגער אין שטוב, זופן טיי פון גלאָז און טראכטן. אין די פענצטער איז גרוי.

---

שוין לאנג געווען שטיל אין הויף. ס'איז סענטיאבער כוידעש. זעט אויס, אז עפעס וועט שוין באלד ווידער געשען. און פונוואנען דראָט די געפאר? דאפקע פון אן אומגעריכטער זײַט, פון פאלקע פעטער איטשעס. פון אָט דעם נעפעש.

פאלקע דעם פעטער איטשעס האָט זיך צו א האלב יאָר אָנגעשריבן א פופיק, ווי ס'איז שוין באוווסט. דעמלט האָט מען אים געלייגט הארטע צענערס צום בויך, ביז ער (דער פופיק) איז ווי־ניט־איז צוריק ארײַן אף אן אָרט.

קלאָר, אז פון אזא אָנהויב וועט שוין גאָרנישט ארויסקומען.

דאָ ניט לאנג האָט ער גענומען טראָגן אין שטוב האלבע צעבראָכענע ביר־פלעשלעך, וואָס ער פלעגט זיי אָנגיסן מיט עפעס א בלויען וועסערל און ווייקן אין דעם שטיקלעך קופער.

גאנצע טעג פלעגט ער אזוי זיצן דאָרטן, באם פעטער יודען אין נידעריקן צימער, צווישן די פלעשלעך, גומע, דראָט, אײַזנס, און טראכטן א טראכטונג. ער האָט געווישט די נאָז און ארײַנגעקוקט אין א ביכל ארײַן. און אז בא אים אין קאָפ איז, ענדלעך, קלאָר געוואָרן דער גאנצער סאָד פון די דראָטן, איז ער אוועק צו בערען מיט א פלאן מיקויעך ראדיפיצירן דעם רעבזועהויף.

ער האָט פאָרגעלייגט א שארפן בוי־פלאן:

אופהענגען די אנטענעס אף לופט־באלאָנען, הויך אין הימל, קעדיי פאקן די עמעסע רייניע כוואליעס. עלעקטרישע באטארייעס וועט ער שוין מאכן אליין אין זײַנע ביר־פלעשלעך, די באערדיקונגען וועלן פאָרקומען אף ריינעם קופער—א סגולע פאר די בליצן, און ביכלאל וועט זיך זײַן ראדיאָ אויסצייכענען מיט דער ריינסטן קלאנג, און הערן וועט מען קענען אפילע אמעריקע.

בערע איז געזעסן בא א גרויסער קאווענע, געריסן מיט א מעסער דעם קאלטן קאווענע־פלייש און זיך גוט צוגעהאָרכט, נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— ראדיאָ דארף מען אײַנפירן, אָבער אָן לופט־באלאָנען.

— און ארבעטער־דערפינדונג איז בא דיר גאָרנישט?—האָט זיך פאלקע ניט אײַנגעהאלטן.

— מאך פריער א פראָסטן ראדיאָ—האָט בערע געזאָגט, נאָכדעם וועלן מיר זען.

— אָבער ס'טאָך קאָסטן וועלוועלער, ראציאָנאליזאציע איז בא דיר גאָרנישט?

— מאך אָבער אפריער די זאך, וועלן מיר נאָכדעם זען, גוילעם!—האָט זיך שוין אופ־געכאפט בא אים זײַן אלטע סינע צום פארסמײַעטן ברודער.

פאלקע איז דאן ארויס פון בערען אן אופגעלויכטענער. וויבאלד, אז בערע האָט שוין באגיטיקט די זאך, וועט ער אלע כוואליעס איינשפאנען אין זיינע אנטענעס און די שטי־בער אָנגיסן מיט קאָנצערטן, פידלען, שטימען, פול ביז איבער די ברעגן. אָבער סע פעלט אים געלט!

פאלקע האָט דאָ אפן אָרט, גייענדיק איבערן הויף, צונויפגעשטעלט א רעשימע אר באשטייערט מיט אן אָפצאָל די פראָגרעסיווע עלעמענטן פון הויף. באלד איז ער אוועק איבער די זעלמעניאנישע שטיבער אגיטירן פאר דער ראדיאָ.

די מעהומע איז געוואָרן גרויס, און ס'איז פארשטענדלעך אויך: בא עלעקטרע פאר־שפּאָרט מען כאָטש קעראָסין, אָט דאָס איז אָבער זינגעכץ, זינגעכץ סטאם אין דער וועלט אריין, און ס'איז גאָרניט אזוי גוט אפן הארצן! דערביי האָט פאלקע פארשלונגען די רייד און מע האָט ביכלאל ניט גוט באנומען, וואָס ער איז דאָ אויסן.

די מומע גיטע האָט טכילעס פארשטאנען די זאך, אז פאלקע וועט ארופקריכן אפן דאך, זעצן זיך זינגען, און זיי, אונטן, אין די שטיבער, וועלן אים דארפן הערן און צאָל געלט:

— לייכטע פארנאָסעס ווילט זיך אים, דעם שיליוּע!

פאלקע האָט זיך אָבער געקאָכט, אים האָט ווייניק וואָס געקימערט, וואָס פעטער זישע איז געזעסן, געזופט טיי, און געוואָרפן צו אים פון צייט צו צייט בליקן, ווי צו א שפין. פאלקע האָט אלץ געטיינעט:

— עלעקטרע איז די באזע פאר דער אינדוסטריע, ראדיאָ—פאר די מויכעס.

אזוי האָט ער דעמלט אופגערודערט דעם הויף, דער היסלאווערעסדיקער פאלקע.

אין א פּאָר טעג האָט ער צונויפגעקליבן בא א 25 רובל און זיך געזעצט צו דער ארבעט.

---

ס'האָבן אָנגעהויבן גיסן די ערשטע, שיטערע, קרומע רעגנס; אהינטער זיי האָט דער אנטשוויגענער זומער מיט די פארקויטיקטע מיליאָנען קאָלירן זיך געלאָשן אין די סאָפּזור־מערדיקע גערטנער. אומעטיקער גרין פון בוריקעס־בלעטער, מיט לילאָווע הארטע אָדערן, איז געלעגן צעטראָטן צווישן די בייטן. שמוציקער געל, שמוציקער אָראנזש, שמוציקער בראָנז האָט זיך געוואלגערט אן קלאנג אונטער די פיס.

אין אזוינע טעג הערט מען טרויעריקע ווייטע שטימען אָן אנטענעס.

ס'האָט געטריפט א שמוציקער רעגנדל בייס פאלקע איז ארין בעטן דעם טאטן, ער זאָל אים העלפן ארופשטעלן די שטארקסטע אנטענע אפן מויער. דער פעטער איטשע האָט אף זיך אָנגעטאָן עפּעס א צעריסענעם בעגעד, אין וועלכן ס'איז בלויז גוט צו גיין איבער די הייזער, און מען איז דורכן בוידעם ארופגעקראָכן אפן דאך.

פעטער איטשע איז אפן מויער געווען מיט צוויי און פערציק יאָר צוריק, און ס'האָט זיך אים איצט אלץ ניט געגלויבט, אז אָט די הונדערטער מויערן און די רישטאָוואניעס צווישן דעם מאטן מעש פון די הארבסטיקע בוימער איז עס די אייגענע שטאָט, וואָס אמאָל. פאלקע האָט אים אָבער ניט געלאָזן שטיין מיט דער באָרד אין האנט און גאפן איבער דער שטאָט. ער, פאלקע, האָט גבעבעך געשלעפט נאָך זיך א לאנגן דראָנג, די קע־שענעס אָנגעשטאָפּט מיט האמערס, טשוועקעס, וואָס האָבן אים אראָפּגעשלעפּט די הויזן.

ער איז געווען צעהאָצט.

און איצטער האָט פאלקע דאָרטן אפן מויער ארומגעיאָגט דעם טאטן זיינעם פון איין ברעג דאך צו דעם אנדערן. מען קען אָבער אויך ניט זאָגן, אז פעטער איטשען זאָל ניט געפעלן ווערן די שפּיל. ס'איז אים גראָד געפעלן, ווייל פעטער איטשע איז בעטעווע ניט געווען קיין שניידער, און, בעעמעס, ווען קען זיך מאכן נאָך אזא געלעגנהייט—ארומצו־שפּאצירן איבערן דאך און ניט דארפן זיך פארענטפערן פאר קיינעם.

ס'האָט געטריפט א שמוציקער רעגנדל, בייס זיי זייַנען געלעגן צונויפגעקוטשעבורעס אפן נאסן דאך ארום קוימען, און געקלאפט די לעצטע טשוועקעס אין דער אנטענע.

פאלקע האָט געפרעגט:

— דו האלטסט פון דער סאָוועטן־מאַכט, צי ניט?

— ווידען?

— טאָ פארוואָס שערסטו ניט אָפּ די באָרד, ס'קאפעט דאָך פון איר?

— איכל דיר זאָגן דעם עמעס,—האָט זיך פעטער איטשע פארענטפערט—ווען איך נעם אראָפּ די באָרד, וואָלט איך געוואָרן אביסל ייִנגער אויך, נאָר פאר לייַטן איז ניט שיין.

— קליינבירגער בלייַבט קליינבירגער!—האָט פאלקע א זאָג געטאָן צום דאך.

— איכל דיר זאָגן דעם עמעס, אביסל שער איך זי אונטער אויך, אמאָל א כאפ דאָ, אמאָל א כאפּ דאָרטן. מען קען דאָך ניט מיטאמאָל!...

נאָכדעם, אז זיי זייַנען אראָפּ פון דאך, האט דאָרטן געסטארטשעט א פלאָקן אין הימל, געפאנגען די זיסע כוואליעס פון דער וועלט.

איצט, ווען בא פאלקען וועלן זיך אָנגיסן די קאָנדענסאטאָרן מיט עלעקטרע, וועט זיך א גאָס טאָן דער געזאנג אין הויף, ווי א שלאקסרעגן פון אן אָפּגעריסענער כמארע, און מע וועט זיך טרינקען אין געזאנג.

אזוי האָט געטראכט פאלקע.

ס'זייַנען אָבער אוועק היפּשע עטלעכע טעג און אין די טעלעפאָן־רערלעך האָבן יאָמער־לעך געוויינט ווייַטע, הייזעריקע ווינטן. מען האָט געהערט דעם הארבסטיקן וועטער אין די איירָאָפּעיִשע לענדער.

פאר די עטלעכע טעג איז פאלקע אראָפּ פון פּאָנעם. ער האָט געהאלטן אין איין ארומ־לויפן פון די שטיבער אין דרויסן ארויס; דאָ איז ער אפן דאך, און דאָ גראָבט ער א גרוב ערגעץ אונטער א פענצטער, כאפּט די דראָטן און לעקט מיטן צונג.

די לאגע איז געוואָרן נאָך געפערלעכער מיט דעם, וואָס דער סוינע האָט שוין גענומען ארויסרוקן זייַן כאזערשן פיסל.

---

פעטער זישע האָט אנומלטן באם עסן א זאָג געטאָן, אז דער פאלקע מעג זיך אפילע שטעלן אפן קאָפּ, וועט ער ניט אייַנפירן קיין ראדיאָ, ווייַל דערצו מוז מען נאָך אלע מייַסעס אייַנשטעלן א פּאָמפּעדיקל.

— איך בין א זייגערמאכער,—האָט ער געזאָגט,—און וועגן אזוינע זאכן זאָל מען מיך ניט לערנען. דיר דאכט זיך, אז א זייגער גייט אויך אליין, נאָר ניין—מע דארף נאָך אלע מייַסעס אייַנשטעלן א פּאָמפּעדיקל.

מער האָט פעטער זישע ניט גערעדט. זייַנער א וואָרט האָט אָבער שטענדיק איבערגע־לאָזן א רוישעם, און מע האָט דעמלט גענומען מיט פאלקען שטילערהייט אריינטייַנען וועגן א פּאָמפּעדיקל:

— הענג אוף א פּאָמפּעדיקל,—האָט מען זיך בא אים געבעטן,—זייַ ניט קיין אקשן.

— און וואָס קען ער דיר שאטן סאָפּקאָלסאָף, מע דארף אמאָל הערן אן עלטערן מענטשן אויך.

פאלקע איז געווען אויסער זיך. ער האָט אמאָל א שלייַדער געטאָן דעם האמער אָן דער ערד און גענומען שרייַען:

— ווו זאָל איך אייַך אופהענגען א פּאָמפּעדיקל, אין הימל? דער אלטער לאטוטניק גייט מיר לערנען, ווי אזוי מע דארף אייַנשטעלן א ראדיאָ. זאָל ער זיך גיין פריער צולערנען אביסל פיזיק, דער נייַער מארקאָני!

אָט דאָס האָט שוין פעטער איטשען ארויסגעבראכט פון געדולד, האָט ער מיט רעציכע א הויב געטאָן די הויזן און גענומען ריידן צו אים הארבע דיבורים:

— די מינוט זאָלסטו מיר אופהענגען דעם פּאַמפּעדיקל, דו הערסט, וואָס איך רייד צו דיר, אָט די מינוט!

אפּאָנעם, שוין לאנג שטיל געווען אין הויף.

מען קען דרייסט זאָגן, אז ווען ס׳טרעפט אף אן אנדערן, ניט אף פאלקען, וואָלט יענער זיכער אופגעהאנגען א פּאַמפּעדיקל. פאלקע האָט אָבער קיינעם ניט געפאָלגט, און איצטער זעט מען, אז ער איז געווען גערעכט אויכעט.

דער ראדיאָ איז געשטאנען אף מישקולעס. ביכלאל האָט מען שוין גענומען שטארק צווייפלען אין די סאָוועטישע אופטועכצן. ערשט דעמלט, שפּעט באנאכט, איז מאָטעלע דער שווארצער אראָפּגעלאָפן אין הויף מיט א געשריי, אז בא אים אין קעסטעלע האָבן זיך גענומען הערן באלאלייקעס.

דער הויף האָט זיך א ריס געטאָן. מען איז געשפּרונגען פון די פענצטער, און אלע צום פעטער פאָליען אין שטוב. בעעמעס, בא אים, בא דעם שווארצן מאָטעלע אין ראדיאָ, האָבן געצימבלט באלאלייקעס. דערנאָך האָט דאָרטן אלץ אופגעהערט און פון ערגעץ ווייט האָט מען אריינגעזאָגט מיט א מענטשלעכן קאָל:

— האלאָ! האלאָ! האלאָ!

פאלקע איז אראָפּגעלאָפן א צעמישטער צו אלע זיינע זעקס ראדיאָס אין הויף. סאָפּקאָלסאָף האָט ער געפּאקט די זינגענדיקע כוואליע, עמעס, דערווייל א פּראָסטלעכע, אָבער ער האָט עטלעכע אפּאראטן אף קאטאד־לאָמפּן, וואָס ווען, האָפנטלעך, פאנגען אויך פידלכוואליעס און אלע בלאָנדזשענדיקע רעדעס איבער דער וועלט, וואָס זיינען נאָך ניט אָפּגעניצט געוואָרן.

שפּעטער איז געוואָרן שטיל אין רעבזעהויף, ווי אין אן אויער. מען איז געזעסן קופּקעסווייז ארום די ראדיאָ־קעסטלעך, מיט אביסל ארויסגערוקטע אויגן, ווי בא פייגל, און פארכידעשט געהערט א רעדע וועגן די ברויט־פארגרייטונגען אין וו.ס.ס.ר. די טעלעפאָן־רערלעך זיינען געגאנגען פון אויער צו אויער, און איבער אלע שטיבער איז ארומגעלאָפן דער פארסמייעטער פאלקע, געוויזן און אָנגעפירט מיט דער הערעריי.

דער פעטער יודע איז דאָרטן בא זיך אין שטוב צוגעפאלן מיט א מין מעשוגאַעס צו דעם ראדיאָ. ער האָט אָנגעצונדן אלע עלעקטרישע לעמפּלעך אין שטוב, אוועקגעזעצט זיך מיט געשלאָסענע אויגן און געהערט. קיינער האָט שוין צו יענעם ראדיאָ ניט געקענט צוקומען, און אז צאלקע האָט דערזען בא אים טרערן אין די אויגן, איז ער ארויס צום פעטער זישען דערקונדיקן זיך, וואָס דער טאטע זיינער הערט דאָרטן.

עס האָט געשפּילט א וויאָלענטשעל אין מאָסקווע.

דעמלט האָבן זיך שוין אלע געפונען בא פעטער זישען, געקליבן זיך, מיסטאָמע הערן זיין מיינונג וועגן דער זאך.

כייעלע איז אראָפּ זיך נאָכפרעגן, צי מעג זי הערן ראדיאָ און צי דאָס קען ניט אמאָל פארשאטן איר קינד. פאלקע האָט זיך אף איר אָנגעבייזערט און גענומען דערקלערן, לויט דער פיזיק, אז דאָס געזאנג וועט בא איר ניט דערגיין ביז צום בויך, אָבער דאָ האָט די מומע גיטע איבערגעריסן אף א רעגע דעם ראבאָנעשן שוויַגנס און איר טאקע בעייצעט, אז זי מעג מיט דעם ראדיאָ אָפּווארטן ביז נאָכן קימפּעט.

פאלקע האָט געזיגט. אפילע פעטער זישע האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט. קיינע שום אינצידענטן, ווי דעמלט באם איינפירן די עלעקטרע, זיינען ניט פאָרגעקומען.

אף מאָרגן האָט די באָבע באסיע עפּעס יע באמערקט דעם פלאָקן אפן דאך, איז זי אוועקגעקראָכן איבער די שטיבער מאכן אן אויספאָרשונג וועגן דעם איניען, און כוישעד געווען האָט זי פאָלקען, אז ער האנדלט מיט טויבן... טאָנקע, וואָס האָט שטארק ליב געהאט פארנעמען זיך מיט דער באָבען, האָט זי נאָכדעם איינאָוונט אוועקגעזעצט באם ראדיאָ,

אָנגעטאָן אף איר אויסגעסאָכנעטן קעפעלע די רערלעך, אָבער די באָבע האָט, לײדער, גאָרנישט געהערט און גאָרנישט פארשטאנען.

דעם ראדיאָ־אפאראט האָט זי אָנגענומען פאר א וואנטזייגער.

---

סענטיאבער כוידעש. דורכזיכטיקע טעג און קילע ווײַסע נעכט. עס שמעקט מיט נאסע לײדיקע פעלדער. אין די פענצטער איז גרוי. גראָד אין די קילע, געל־דורכזיכטיקע טעג האָט זיך בא פאלקען אָנגעצונדן די פאנטאזיע. ער פארפולקאָמט דעם ראדיאָ און הערט שוין איצט קימאט גאנץ אייראָפּע. ער לערנט מאָרזעס אלעפבייז. ער גרייט זיך פאר א קורץ־כוואלעניק.

און אין די קילע זילבערנע נעכט, בײס בלויז עלעקטרישע שײַנען שאָרכן איבערן ברוק פון רעבזעהויף, עפענען זיך אײַליק די קלײנע פאָרטקעס פון די שטיבער, און צעהאָצטע זעלמעניאנער שרײַען זיך איבער:

— האלאָ! האלאָ! האלאָ!

— בערלין!

— מאָסקווע!

— ווארשע!

— בוקארעסט!

. ווערעמיקין.

# א גרויס דער שטאָט.

פון פרי ביז שפעט עס גייט א הייסע בוויונג,
פון פרי ביז שפעט—געקלאנג פון שטאָל און בלעך,
אצינד איז הארבעט, נאָר ס'רוט אף דיר א פרילינג,
און יעדער ראָג מײַן טיפן נייגיר וועקט.

איך בין אין שטאָט געוועזן ניט לאנג דאָ—
פאר צוויי־יאָר צי פאר דרײַ־יאָר,
פאר רעשטאָוואניעס ט'מען געשטעלט דאן ערשטע שטאנגען.
אצינד דאָ הויכן זיך פארענדיקטע געבײַען,
און ניט קיין קאָנקעס לויפן—עלעקטרישע טראמווײַען
אף רעלסן־ווירעס שטאָלענע און לאנגע.

ניט אומזיסט האָט מיך אהער געצויגן
פון שטעטלדיקער היים...
עס האָט צו דיר געגארט דער בליק פון מײַנע אויגן,
און ס'איז געווען מיר קארג,
וואָס כ'האָב געהערט פון דיר און האָב געלייענט.

שפאן איך שטיל און לאנגזאם איבער טראָטוארן
און ס'איז מײַן קאָפ פארשיקערט און אנטציקט,
און שווער איז אים צו אופנעמען אזויפיל נײַס דאָ.
קאָפ מײַן גליקלעכער!
ס'האָט דיך גערויש פארוויגט
מיט וווּנדער־שיינע מײַסעס...

לעשט זיך ביסלעכווײַז דער יונגער טאָג,
מײַן הייסער קאָפ וועט איצטער ווערן אָפגעקילט און ניכטער.
נאָר ניין!—
ס'האָט זיך נאכט צעבלענדט ווי העלער טאָג,
מיט פרייד אזויפיל, מיט אזויפיל ליכטער...

פון פרי ביז שפעט געקלאנג פון שטאָל און אײַזן,
גערויש פון ציגל, צעמענט און פון שטיין.

מײַן שטעטל, פאר מײַן אָפּפאָר, ט׳מיך געבענטשט:
— האָב א גליקלעך רײַזע.
און איך האָב זיך געזעגנט:
— זײַ געזונט, מײַן היים!..

כ. דונעק.

# אף איינעם פון די סעקטערן פון דער נאצארבעט [1]

(אייניקע סאכאקלען פון דער ארבעט פון דער ק.פ.(ב)וו. צווישן די ייִדישע ארבעטער און ארבעטנדיקע און די אופגאבעס פון קאמף מיט אָפּאָרטוניזם און שאָוויניזם אינעם דאָזיקן געביט)

„... דאָס בילד פון קאמף מיט די אָפּנייגן אין דער פארטיי וועט זײַן ניט פול, אויב מיר זאָלן ניט באריִרן די פאראנענע אין פארטיי אָפּנייגן אין געביט פון די נאציאָנאלע פראגן. איך האָב אין זינען, ערשטנס, דעם אָפּנייג צו דעם גרויסמעלוכישן רוסישן שאָוויניזם און, צווייטנס, דעם אָפּנייג צום אָרטיק נאציאָנאליזם. די דאָזיקע אָפּנייגן זײַנען ניט אזוינע קענטיקע און אַגרעסיווע, ווי דער „לינקער“ און רעכטער אָפּנייג, זיי וואָלט מען געקענט אָנרופן „פויזנדיקע אָפּנייגן“. נאָר דאָס באטײַט נאָך ניט, אז זיי עקזיס־טירן ניט. ניין, זיי עקזיסטירן און — דאָס וויכטיקסטע — וואקסן. אין דעם קען קיין שום צווייפל ניט זײַן. עס קען ניט זײַן קײַן צווייפל דערפאר, ווײַל די אלגעמיינע אטמאָספער פון דער פארשארפונג פון קלאסן־קאמף קען ניט ניט פירן צו א געוויסער פארשארפונג פון די נאציאָנאלע רײַבונגען, וואָס האָבן זייער אָפּ־שפּיגלונג אין פארטיי. דערפאר וואָלט מען געדארפט אנטפּלעקן און ארויסשטעלן אף דער ליכטיקער שײַן דעם פּארצעף פון די דאָזיקע אָפּנייגן“.

(סטאלין).

1

אין ווסס״ר באטרעפט די ייִדישע באפעלקערונג איבער 8 פראָצ. פונעם גאנצן באשטאנד. די גרונט־מאסע פון דער ייִדישער באפעלקערונג לעבט אין די שטעט און שטעטלעך, ווו זי איז דורכשניטלעך פאַרגעשטעלט מיט 45 פראָצ. לעגאבע דער גאנצער באפעלקערונג. דער פראָצענט פון דער ייִדישער באפעלקערונג אין דאָרף איז פארהעלטנימעסיק זייער א קליינער. (16,4 פראָצ. לעגאבע דעם גאנצן באשטאנד פון דער ייִדישער באפעלקערונג), ווײַל ביז דער רעוואָליוציע איז די ייִדן געווען פארבאָטן צו באזעצן זיך אין די דאָרפישע יעשוווים. די איצטיקע מאסע פון די ייִדישע פויערים אין ווסס״ר, וואָס כאפט ארום 50 טויזנט מענטשן, איז, אין גרונט גענומען, א רעזולטאט פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. ביז דער רעוואָ־ליוציע האָבן מיר צווישן דער ייִדישער באפעלקערונג געהאט א באדייטנדיקן פראָצענט פון האנדל־עלעמענט, אפילע די ציילונג פון 1926 יאָר האָט באוויזן צווישן די ייִדן 10,2 פראָצ. הענדלער, — א פראָצענט, וואָס איז באדײַטנדיק העכער, איידער צווישן דער ניט־ייִדישער באפעלקערונג.

דער 10־טער און 12־טער צוזאמענפאָרן פון אל.ק.פ.(ב), וועלכע האָבן אָנגעצייכנט די גרונט־אופגאבעס פון דער נאצפּאָליטיק פון דער פארטיי, האָבן געגעבן באשטימטע דירעק־טיוון אויך אין געביט פון דער ארבעט צווישן די נאצמינדערהייטן. די רעזאָליוציע פון 10־טן צוזאמענפאָר פון אל.ק.פ.(ב) זאָגט בענוגייע די דאָזיקע נאציאָנאליטעטן פאָלגנדיקעס־

[1] דערדאָזיקער ארטיקל איז געשריבן פארן זשורנאל פון צ.ק.ק.פ.(ב)וו. „באָלשעוויק בעלארוסי“, און דער שײַנט גלײַכצײַטיק אין „שטערן“.

‎...„עס עקזיסטירן נאָך באַזונדערע פליסנדיקע נאַציאָנאַלע גרופּעס, נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן, וואָס זײַנען אַרײַנגעטריפט אין די נאַציאָנאַלע קאָמפּאַקטע מערהײטן און האָבן ניט קײן באַשטימטע טעריטאָריע (לאַטוועשן, עסטלענדער, פּױלן, ייִדן און אנד.). דער צאַריזם האָט זיך געסטאַרעט צונישט מאַכן דידאָזיקע מינדערהײַטן מיט אַלע מיטלען, ענדיקנדיק מיט פּאָגראָמען (ייִדישע פּאָגראָמען). איצט זײַנען די נאַציאָנאַלע פּריווילעגיעס פאַרניכטעט. די גלײַכהײַט פון די נאַציאָנאַליטעטן איז דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן, און דאָס רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן אַף פרײַער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג איז געזיכערט מיט דעם כאַראַקטער גופע פון דער סאָוועטישער אָרדענונג. די אופגאַבעס פון דער פּאַרטײ בענעגײע די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דידאָזיקע נאַציאָנאַלע גרופּעס איז העלפן זײ פולשטענדיק אויסנוצן דאָסדאָזיקע רעכט פון פרײַער אַנטוויקלונג, וואָס איז געזיכערט פאַר זײ. (אונדזער קורסיוו—כ. ד.)

ווען דערדאָזיקער אַרבעט ווערט אויך גערעדט אין אַ רײ באַשטימונגען פון דער ק.פּ.(ב)וו.

ווי זשע איז דידאָזיקע אופגאַבע פון דער פּאַרטײ„ אויסגעפילט געוואָרן בענעגײע די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן פון ווסס״ר? ס'איז באַוווּסט, אַז סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד האָט זיך די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע פּעריאָדיש געפונען אונטערן יאָך פון פאַרשײדענע אָקופּאַציעס. איבער אירע דערפער, שטעט און שטעטלעך האָבן זיך דורכגעטראָגן סאַוויגקאָווס און בולאַק־בולאַכאָוויטשעס ווײַסגוואַרדײיִשע באַנדעס, ס'האָט דאָ געווילדעוועט דער טעראָר פון דער ווײַספּױלישער אַרמײ. דער האָרעפּאַשנער טײל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון די ווײַסרוסישע שטעטלעך האָט באַזונדערס שטאַרק געליטן פון דידאָזיקע באַנדעס, וואָס האָבן אונטערגעריסן די אַזוי אויך נעבעכדיקע עקזיסטענץ פון די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס און אָרעמקײט טעראָריזירט זײ מיט ווילקיר און גוואַלדטאַטן.

די סאָוועטן־מאַכט האָט באַפרײַט דידאָזיקע מאַסן און זײ געגעבן אַ מעגלעכקײַט באַשעפטיקן זיך מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט. בײַס דער עקזיסטענץ פון דער סאָוועטן־מאַכט, צווישן אײן אָקופּאַציע און דער אַנדערער, האָט זיך די ייִדישע אָרעמקײַט, צוזאַמען מיט די ווײַסרוסישע אָרעם־פּויערים און באַטראַקעס אײַנגעאָרדנט אַף די געוועזענע פּריצישע נאַכלעס און צוגעפּאַסט זיך צו ערד־אַרבעט. אַזוי זײַנען אַנטשטאַנען די ערשטע ייִדישע אַרטעלן און יעשוווים. שוין אין 1919 יאָר האָבן עקזיסטירט 19 ייִדישע אַרטעלן און קאָמונעס. און צום 25—1924 יאָר האָט שוין ווסס״ר, אָן די געוועזענע האָמלער און רעטשיצער קרײַזן, פאַרמאָגט לויט ניט פולע יעדיעס 8787 ייִדישע פּויערישע געזינדן. לעגאַבע דעם פּאַרעוואָליוציאָנערן פּעריאָד איז דידאָזיקע ציפער אויסגעוואַקסן אַף 311 פּראָצ, און לעגאַבע דעם ערד־שטעטעך, וואָס עס האָבן באַאַרבעט די ייִדישע פּויערים, אַף 305 פּראָצ. (אין 1926 יאָר האָט דערדאָזיקער ערד־שטעטעך באַטראָפן 42216 דעסיאַטין). צום 1926 יאָר, נאָכדעם, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּלאַנמעסיקע ערד־אײַנאָרדענונג פון די אַרבעטנדיקע ייִדן אין ווסס״ר, איז דער ערד־שטעטעך פון די ייִדישע ווירטשאַפטן אומגעהויער אויסגעוואַקסן: בלויז פאַר די 2 יאָר 26—1925 איז איבערגעגעבן געוואָרן די ייִדישע פּויערים אין ערד־באַנוץ—15268 דעסיאַטין: אין פרילינג 1926־טן יאָר האָבן שוין אין ווסס״ר עקזיסטירט 145 ייִדישע קאָלווירטן—פון דער אַלגעמײנער צאָל 400 קאָלווירטן, וואָס ווסס״ר האָט פאַרמאָגט צו יענער צײַט. צוגלײַך מיטן אײַנאָרדענען אַף ערד אין די גרענעצן פון ווסס״ר, זײַנען געשטיצט געוואָרן אויך יענע גרופּעס פון דער ייִדישער האָרעפּאַשנער און אָרעמער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט איבערוואַנדערן אין די אַנדערע רײַאָנען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס זײַנען אויסגעטײלט געוואָרן פאַר דער ייִדישער ערד־אײַנאָרדענונג (קרים און שפּעטער בירא־בידזשאַן).

דער צווײטער וויכטיקער געווער צו פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון די האָרעפּאַשנע ייִדישע מאַסן אין ווסס״ר איז געווען די קוסטגעווערב־קאָאָפּעראַציע. אין דער ייִדי־

שער באפעלקערונג פון ווסס״ר זיינען די קוסטארן לויט די יעדיִעס פון 1926 יאָר געווען פאָרגעשטעלט מיט 26,4 פראָצ. דאָ איז געשטאנען די אופגאבע העלפן עקאָנאָמיש איינאָרדענען זיך דידאָזיקע מאסן, צו באהעפטן די ארבעטנדיקע מאסן פון די קוסטארן ארום דער קאָמפּארטיי, געזעלשאפטלעך דערציִען זיי און אָרגאניזירן פאר קאָלעקטיווער סאָציִאליסטישער ארבעט. דורך די אָרגאניזאציעס פון די האָרעפּאשנע קוסטארן־יעכידים, קוסטארישע געזעלשאפטן, אין דער ערשטער צייט, און באזונדערס דורך דער מעכטיקער סיסטעם פון דער קוסטגעווערב־קאָאָפּעראציע, וואָס איז פאר די לעצטע יאָרן באדייטנדיק שטארק געוואָרן, האָבן זיך די מאסן פון די יידישע ארבעטנדיקע קוסטארן אין זייער גרעסטער מערהייט איינגעשלאָסן אין דער סאָציִאליסטישער בויונג.

צו דעם 1־טן מיי 1930 יאָר האָט די קוסטגעווערב־קאָאָפּעראציִע אין ווסס״ר געהאט 1000 ארטעלן און ארומגעכאפּט מיט איר קאָאָפּערירטער נעץ ארום 26 טויזנט קוסטארן. די קרעדיט־קאָאָפּעראציע האָט אָרגאניזירט העכער 25 טויזנט קוסטארן. די יידישע קוסטארן האָבן באטראָפן מער, ווי א העלפט פון דערדאָזיקער מאסע (פארהעלטנימעסיק שוואך איז דאָ פאָרגעשטעלט דאָס דאָרף, דאָס איז אמערסטן א שוואכער אָרט פון דער קוסטגעווערב־קאָאָפּעראציִע אין ווסס״ר) [1].

די טכילעס קליינע קוסטארישע ארטעלן זיינען סיסטעמאטיש געוואקסן און האָבן זיך שפּעטער פארוואנדלט אין גרויסע אונטערנעמונגען. עס עקזיסטירן איצט ארטעלן מיט 400—500 מענטשן; אין א ריי שטעטלעך זיינען דאָ ארטעלן צו 100 מאן.

פאר די לעצטע יאָרן קומט פאָר א באדייטנדיקער קוואנטיטאטיווער וווקס פון די יידישע ארבעטער. דערדאָזיקער וווקס באזירט זיך אף דעם וווקס פון דער סאָציִאליסטישער אינדוסטריִע אין ווסס״ר. עס גייט אויך א ברייטע איבערוואנדערונג־כוואליע פון די שטעטלעך אין די אינדוסטריִעלע צענטרען פון פארבאנד. די שטרעבונג צו דער אינדוסטריע, באזונדערס פון דער ארבעטנדיקער יוגנט, איז זייער א גרויסע.

עטלעכע ציפערן וועגן וווקס פון דער צאָל יידישע ארבעטער אין וו.ס.ס.ר. אין דער צענז־אינדוסטריע פון וו.ס.ס.ר. זיינען אין 1930 י. געווען 16.014 יידישע ארבעטער, וואָס באטרעפט 36% לעגאבע דעם גאנצן באשטאנד פון די ארבעטער און איז אף 2,5% גרעסער אין פארגלייך מיטן 1926 י. (אבסאָליוטער וווקס אן ערעך 30%). באזונדערס קענטיק איז אויסגעוואקסן די צאָל יידישע ארבעטער אין יענע צווייגן פון דער אינדוסטריע, וווהין די יידישע ארבעטער האָבן ביז דער רעוואָליוציע לאכלוטן ניט געהאט, אָדער קימאט ניט געהאט קיין צוטריט; אף די עלעקטרעסטאנציעס האָבן מיר 10% יידישע ארבעטער, אין דער מעטאל־אינדוסטריע—33,3%, אין דער פאפיר־אינדוסטריע—8%. עס איז אויך פאראן א קענטיקער וווקס פון דער צאָל יידישע ארבעטער אין אזוינע אינדוסטריעלע צווייגן, ווי די קעראמישע, טאָרפישע און גלאָז־אינדוסטריע.

אין דעם אלעמען האָט זיך ארויסגעוויזן די פּאָליטיק פון דער פארטיי, וואָס עס פירט דורך אומקאָמפּראָמיסדיק די ק.פ.(ב)וו. אף אויסצולעבן די שווערע ירושע, וואָס עס האָט געלאָזן דער צאריזם.

עמעס, עס זיינען נאָך פאראן אזוינע געביטן, ווי צ. ב. דער אייזנבאן־טראנספּאָרט און די פארבינדונג, וווּ דער פּראָצענט יידן איז זייער קליין; איגאנצן זיינען אף דער אייזנבאן באשעפטיקט 75 יידן, וואָס עס באטרעפט 2,2% לעגאבע דעם גאנצן ארבעטער־באשטאנד. אומגעפער דיזעלבע לאגע איז אין דער פארבינדונג. דאָ ווערט די דירעקטיוו פון צ.ק. ק.פ.(ב)וו. וועגן ארייִנציִען די יידישע ארבעטער דערווייל אויסגעפילט ניט באפרידיקנדיק.

וואָס איז שייעך דער אָנגעזעטיקטקייט פונעם אפּאראט—סאָוועטישן, פּראָפאריינישן, קאָאָפּעראטיוון א.א.וו.—מיט יידישע אָנגעשטעלטע, האָבן מיר אין די מעלוכע־אנשטאלטן 6,22%

[1]) די ציפער זיינען גענומען געוואָרן אין די מאטעריִאלן פון דעם סטאטיסטישן אָפּטייל פון ב.ק.פּ.ס.

אין אין די קאָאָפּעראַטיווע—44,4%, דערבײַ איז דער פּראָצענט יידן א מער העכערער אין די צענטראַלע און שטאָטישע אָרגאַנען (דער ציפער־מאַטעריאַל איז גענומען געוואָרן פון פאָלגנדיקע אויסגאַבעס פון מעלוכע־פּלאַן וו.ס.ס.ר., מינסק 1930 י. „די אַרבעטער פון דער צענז־אינדוסטריע אין וו.ס.ס.ר.“ און „די אָנגעשטעלטע פון מעלוכישן און קאָאָפּעראַטיוון אַפּאַראַט אין וו.ס.ס.ר.“). דידאָזיקע פאַקטן צעקלאַפּן אף א טײל די נאַציאָנאַליסטישע רעכילעס וועגן דעם, אַז די יידן באַזײַטיקט מען פון די אַפּאַראַטן.

דאָס אַלץ האָט עקאָנאָמיש געזונטער געמאַכט די יידישע מאַסן (עס איז פאַרבעסערט געוואָרן די מאַטעריעלע לאַגע, עס האָט זיך געעפנט דער צוטריט צו דער אינדוסטריע, פאַרקלענערט זיך די אַרבעטלאָזיקײַט, פאַרבעסערט זיך די לאַגע פון די קוסטאַרן, פאַרבעסערט זיך די לאַגע פון די פריערים־קאָלווירטניקעס, געפאַלן דער פּראָצענט הענדלער). האַנט בא האַנט מיט דעם וווּקס פון עקאָנאָמישן וווילשטאַנד וואַקסט אויך די אידעאָלאָגישע דערציִונג פון די יידישע מאַסן אין גײַסט פון דער פּאַרטיי, ס'וואַקסט די קולטור־אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן אף זייער מוטער־שפּראַך. ס'האָט זיך פאַרבעסערט דער אינהאַלט פון דערדאָזיקער אַרבעט, ס'ווערט געפירט א פאַנאַנדערגעוויקלטער קאַמף קעגן דעם יידישן קלעריקאַליזם, קעגן די רעשטלעך פון בונדיזם, ציאָניזם א.ד.גל. [1]

עטלעכע ציפערן, וואָס כאַראַקטעריזירן די קולטור־בויונג. די איוורעדיקײַט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וו.ס.ס.ר. באַטרעפט 70%, דעם וווּקס פון די יידישע קולט־אַנשטאַלטן ווײַזן די פאָלגנדיקע ציפערן: אין 1926/27 י. זײַנען געווען 147 יידישע שולן פון דער ערשטער שטופע און 59 זיבניאָריקע, און אין 1929/30 י. האָבן מיר שוין 174 שולן פון דער ערשטער שטופע און 80 זיבניאָריקע. עס זײַנען פאַראַן 60 פאָרשולאַנשטאַלטן, 35 אָוונטשולן, 2 פעדטעכניקומען, א לאַנדווירטשאַפטלעכער טעכניקום, 5 פּראָפטעכשולן, יידאָפּטיילונגען בא די אַרבפאַקן, בא די אינסטיטוטן, יידאָפּטיילונג באַם פעדפאַק פון מעלוכע־אוניווערסיטעט, א יידסעקטער בא דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, 2 יידישע מעלוכע־טעאַטערן, א מעלוכע־כאָר־סטודיע, 20 יידישע לייען־שטיבלעך, א ריי ביבליאָטעקן א.א.וו. עס וואַקסט דער קאַדער יידישע פּראָלעטאַרישע שרייבער. דער פאַרלאַג־פּלאַן פון די יידישע ביכער איז פאַרן לעצטן יאָר אויסגעוואַקסן אין פאַרגלײַך מיטן 1928/29 י. אין 3 א האַלבע מאָל און באַטרעפט 1000 דרוק־בויגן. אינעם 1930/31 י. עפענען זיך עטלעכע צענדליק נײַע יידישע לערן־אַנשטאַלטן, הויפּטזעכלעך פון פּראָפטעכנישן טיפּ, אָפּטיילונגען בא די אַרבפאַקן, פעדטעכניקומען א.א.וו. עס וואַקסט ס'סיסטעמאַטיש די יידישע פּרעסע. עס דערשײַנען 3 צײַטונגען און איין ליטעראַריש־פּאָליטישער זשורנאַל. דער איינמאָליקער טיראַזש פון דער יידישער פּרעסע אין וו.ס.ס.ר. באַטרעפט 20 טויזנט עקזעמפּליאַרן.

2

דערדאָזיקער קורצער סאַכאַקל, וואָס איז א רעזולטאַט פון דער ריכטיקער ליניע, וואָס עס פירט דורך די ק.פּ.(ב)וו. אין געביט פון דער לענינישער נאַצפּאָליטיק, וואָלט אָבער ניט געווען קיין פולער, אויב מיר זאָלן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אף דעם קאַמף, וואָס דער פּאַרטיי איז אויסגעקומען צו פירן קעגן די קאָלערליי אָפּנויגן פון דער גענעראַלער פּאַרטיי־ליניע אף די פראַגן פון קאַמף מיט די אָפּנויגן פון דער נאַצפּאָליטיק האָט פאַרשאַרפט די אויפמערקזאַמקײַט דער 16־טער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. וועגן דידאָזיקע אויפגאַבעס האָט גערעדט דער כ' סטאַלין אין פּאָליט־באַריכט פון צ.ק.

[1] וועגן דעם קאַמף פון דער ק.פּ.(ב)וו. קעגן בונדיזם וואָלט מען געדאַרפט אָנשרײַבן באַזונדער.

„מען דארף, — זאָגט כ׳ סטאלין אין זייַן פאָרטראג אפן 16־טן צוזאמענפאָר פון אל.ק.פ.(ב). — אנטפלעקן און ארויסשטעלן אף דער ליכטיקער שייַן דעם פארצעף פון דידאָזיקע אָפנויגן" (די אָפנויגן אין געביט פון דער נאציאָנאלער פראגע—כ. ד.). דערפאר איז די אופגאבע פון די טוער אין אָט דעם געביט—אינדערעמעסן באווייַזן דעם פארצעף פון דידאָזיקע אָפנויגן אין זייער קאָנקרעטער אנטפלעקונג, קעדיי צו העלפן דער פארטיי זיי באקעמפן. מיר ווילן דאָ כאָטש אין קורצע שטריכן כאראקטעריזירן דעם אָפנויג צום ייִדישן נאציאָנאליזם און באווייַזן די פאָרמעס, אין וועלכע ער האָט זיך אנטפלעקט פאר דעם לעצטן פעריאָד. מיר וועלן עס פארבינדן מיט דער זאכלאגע אין ו.ס.ס.ר., כאָטש מען דארף דאָ גלייַך באמערקן, אז אונדז וועט אויסקומען בארירן די נאציאָנאל־אָפאָרטוניסטישע פעלערן, וואָס זייַנען געמאכט געוואָרן אויך אויסער די גרענעצן פון ו.ס.ס.ר., ווייַל איינע פון די ספעציפישע באדינגונגען פון דער ארבעט צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע באשטייט דאָך אין דעם, וואָס דידאָזיקע נאציאָנאליטעט איז ארייַנגעטריפט אין די נאציאָנאלע גרופן פון א ריי רעפובליקן פון סאָוועטן־פארבאנד, די ארבעט צווישן דידאָזיקע מאסן ווערט דעריבער געפירט ניט נאָר אין ו.ס.ס.ר., און דערפאר זייַנען די אָפנויגן ניט קיין ריין אָרטיקע.

דער רעכטער אָפאָרטוניזם אין דער ייִדארבעט פון ו.ס.ס.ר. האָט זיך אמבוילעטסטן אנטפלעקט אין געביט פון דער עקאָנאָמישער בויונג. ס׳איז נויטיק אונטערצושטרייַכן, אז דאָ האָבן מיר די אנטפלעקונג פון אָפנויג צום ייִדישן נאציאָנאליזם. לאָמיר זיך פאנאנדערקלייַבן אינעם טאָך פונעם דאָזיקן אָפנויג.

„דער אָפנויג צום אָרטיקן נאציאָנאליזם, — זאָגט כ׳ סטאלין, — שפיגלט אָפ די אומצופרידנקייַט פון די אָפשטארבנדיקע קלאסן פון די פריִער אונטערדריקטע נאציעס מיטן רעזשים פון דער פראָלעטארישער דיקטאטור. זייער שטרעבונג איז אָפזונדערן זיך אין אן אייגענער נאציאָנאלער מעלוכע און אייַנשטעלן דאָרט זייער קלאסן־הערשאפט. די געפאר פונעם דאָזיקן אָפנויג באשטייט אין דעם, וואָס ער קולטיווירט בורזשואזן נאציאָנאליזם, שוואכט אָפ די אייניקייַט פון די ארבעטנדיקע אין פ.ס.ס.ר. און איז צום האנט די אינטערווענטן".

די ייִדישע אָפאָרטוניסטן שטעלן פאר זיך נאציאָנאליסטישע אופגאבעס. אין איינער פון די באשטימונגען פון דער געוועזענער ייִדביוראָ באם צ.ק. איז דאָ א פאָרמולירונג, אז באם קאָמפלעקטירן די ארטעלן פון דער קוסטגעווערב־קאָאָפעראציע איז נויטיק ארייַנציִען די ייִדישע הענדלער, אויסנוצנדיק זייער דערפארונג, איניציאטיוו און קאפיטאל. אין א ריי באשטימונגען פון 1־טן צוזאמענפאָר פון ווייַסרוסישן „געזערד" פעלט די קלאסן־אייַנשטעלונג בענעגייע דער עקאָנאָמישער אייַנאָרדענונג און ס׳ווערט גערעדט וועגן דער „ייִדישער באפעלקערונג" ביכלאל. אין דער ארבעט פון דער קוסטגעווערב־קאָאָפעראציע האָט עקזיסטירט דער שטאנדפונקט, אז דערדאָזיקער מין קאָאָפעראציע איז א ריין „ייִדישע זאך".

ווען דער צ.ק. ק.פ.(ב)ו. האָט א קלאפ געטאָן איבערן דאָזיקן אָפנויג און האָט דורכגענומען מיט דער באָלשעוויסטישער זעלבסטקריטיק די גאנצע ייִדישע ארבעט, איז בוילעט אופגעדעקט געוואָרן, אז דידאָזיקע „קלאסנלאָזע", אין טאָך גענומען נאציאָנאל־אָפאָרטוניסטישע אייַנשטעלונג האָט דערפירט צו אויסקרימען די קלאסן־ליניע אף דער פראקטיק. א ריי ייִדישע קוסטאר־ארטעלן זייַנען פארמיסטיקט געוואָרן מיטן ספעקולאטיוו־נעפמאנישן עלעמענט, אין א ריי ייִדישע קאָלווירטן האָבן זיך צוגעשמירט באלעגופים און קאָנטראבאנדיסטן; באזונדערע ייִדישע קאָלווירטן האָבן זיך פארצאמט אין זייערע דאלעדאמעס און גענומען אנטפלעקן באלעגופישע טענדענצן. די ייִדישע אָפאָרטוניסטן האָבן עס אינגאנצן ניט באמערקט. און ווען די פארטיי האָט גענומען שלאָגן איבער זיי, אופדעקנדיק דעם אינהאלט פון זייער „טעאָריע", האָבן זיי און זייערע אָנהענגער געוואָלט דעמאגאָגיש „פארטיפערן" זייער ליניע, מעלדנדיק, אז מיטן קאמף קעגן דעם קלאסנלאָזן צוגאנג צו דער ייִדישער

באַפעלקערונג זאָגט זיך, קלוימערשט, די פּאַרטײ אײנגאַנצן אָפּ פון דער עקאָנאָמישער אײַנאָרדענונג פון די ייִדישע האָרעפּאַשנע מאַסן און פון דער אָרעמקײַט.

איז דען ניט קלאָר, אַז דידאָזיקע אָפּנויגלער האָבן זיך געזאָרגט ניט פאַר די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן, נאָר טאַקע פאַר די ייִדישע נעפּלײַט, פאַר די ייִדישע ספּעקוליאַנטן און באַלעגופים, פאַר די ייִדישע קלערִיקאַלן, ד. ה. אין דער אונטערשטער שורה לעטויוועס דעם קלאַסן־סוינע? טאַקע דעם ספּעקוליאַנט און באַלעגוף האָבן דידאָזיקע ייִדישע נאַציִאָנאַל־אָפּאָרטוניסטן געוואָלט „אײַנשליסן אין סאָציאַליזם“, „קאָלעקטיוויזירן“ זײ, און מיט דעמדאָזיקן וועג פאַרווירקלעכן זײער „אַרײַנוואַקסן אין סאָציִאַליזם“. איר זעט, ווי אַזוי דאָ ווערט אף אַן אײגנאַרטיקן אופן איבערגעבראָכן בוכאַרינס רעכט־אָפּאָרטוניסטישע אײַנשטעלונג!

אין דערדאָזיקער אײַנשטעלונג האָבן די ייִדישע אָפּנויגלער אָפּגעשפּיגלט די „אומצופרידנקײַט פון די אָפּלעבנדיקע קלאַסן פון די פריִער אונטערדריקטע נאַציעס, מיטן רעזשים פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור“ (סטאַלין). צוהילף די נאַציִאָנאַליסטן פונעם דאָזיקן קאַליר זײַנען געקומען די שרײַער און פּאַניק־טרײַבער, יענע טוער, וועלכע האָבן זיך פּאַקטיש געשטעלט, אונטער דער ווירקונג פון אַ פרעמדער אידעאָלאָגיע, אף דעריזעלבער פּאָזיציע, באַגרינדנדיק זײער שטאַנדפּונקט מיט דעם, וואָס אָט די „שטעטל גײט אונטער“, „די ייִדישע באַפעלקערונג קומט אום“ א. א. וו., אויסמײַדנדיק אײנגאַנצן די קאָלאָסאַלע דערגרײכונגען, וואָס מיר פאַרמאָגן אינעם דאָזיקן געביט. כאַראַקטעריסטיש איז אין דעם זין די אַרויסטרעטונג פון כ׳ שטײנמאַן אף דעם 13־טן צוזאַמענפאָר פון ק.פ.(ב)וו., וועלכער איז פאָרגעקומען ערעוו דעם 16־טן צוזאַמענפאָר פון דער אַל.ק.פּ.(ב). כ׳ שטײנמאַן האָט געמאָלדן אפן צוזאַמענפאָר, אַז אַנשטאָט צו העלפן דער ייִדישער אָרעמקײַט האָבן מיר זײ אַרײַנגעזוצט אין דאָרף! די נאַציִאָנאַליסטן פון דערדאָזיקער שיטע ווילן ניט זען אונדזער פּאָזיטיווע אַרבעט.

אַנדערע, ווידער, פון דעמזעלבן שניט זוכן די לײזונג פון דער „ייִדישער פראַגע“ נאָר אין דער גרינדונג פון אַ ייִדישער אויטאָנאָמער נאַציִאָנאַלער רעפּובליק. פון דידאָזיקע נאַציִאָנאַליסטן הערן מיר אָפט מעלדונגען, אַז „דער ייִדישער באַפעלקערונג פון פ.ס.ס.ר. לעבט זיך שלעכט“, „די ייִדישע קולטור אין וו.ס.ס.ר. האָט ניט קײן מעגלעכקײט צו וואַקסן“, „די ראַדיקאַלע לײזונג פון דער ייִדישער פראַגע איז מעגלעך נאָר אין די גרענעצן פון אַ ייִדישער רעפּובליק“. דערבײַ איז די פאַרמאַסקירטקײַט, אָדער די אָפּנקײַט פון דידאָזיקע פאָרמולירונגען אָפּהענגיק פון דער מאָס פּאָליטישער דערפאַרונג, אָדער בירגערלעכער מוט פון דעם אָדער יענעם אָפּאָרטוניסט...

אף אַזאַ אופן זעען מיר, ווי דאָ שפּיגלען זיך אָפּ די „שטרעבונגען פון די אָפּלעבנדיקע קלאַסן פון די פריִער אונטערדריקטע נאַציעס, אָפּצוזונדערן זיך אין אַן אײגענער נאַציִאָנאַלע מעלוכע און אײַנשטעלן דאָרט זײער עקאָנאָמישע הערשאַפט“ (סטאַלין). אף דערדאָזיקער פאָרמולירונג פון כ׳ סטאַלין דאַרף מען זיך טיף פאַרטראַכטן.

די אויבנאָנגעוויזענע אַנטפּלעקונג פונעם ייִדישן נאַציִאָנאַל־אָפּאָרטוניזם אין געביט פון דער עקאָנאָמישער בויונג האָט ניט קײן רײן־ווײסרוסישע אָפּשטאַמונג. פּונקט אַזוינע פאָרמולירונגען און אײַנשטעלונגען האָבן מיר געהאַט אויסער בא די טוער פון וו.ס.ס.ר. (בײלין, מאַריאַסין און אַנד.), אויך בא אײניקע טוער פון די צענטראַלע אַנשטאַלטן (טשעמעריסקי, מערעזשין).

„ווען מיר רײדן וועגן אַרײַנציִען אין סאָציאַליזם,—האָט געזאָגט כ׳ טשעמעריסקי אין זײַן פאָרטראָג אף דעם אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע קולטור־טוער,—האָבן מיר אין זינען די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג“. דיזעלבע פאָרמולירונג האָט כ׳ טשעמעריסקי איבערגעכאַזערט אין 1929 י. אף אַן אומפּאַרטײִשער קאָנפערענץ פון די ייִדישע אַרבעטער אין מאָסקווע. „צו אַ ייִדיש לאַנד“—אַזוי האָט געהײסן טשעמעריסקיס

אַרטיקל וועגן ביראָ־בידזשאַן, אין וועלכן ער האָט געמאָלדן, אַז מיר שטעלן זיך אָן אויפגאַבע איבערצוגיין „פון קרעמל צום סאָציאַליזם", און דער כ׳ מ ע ר ע ז ש י ן, דער טוער פון „קאָמערד" באַם צענטראַלן אויספירקאָם פון פ.ס.ס.ר., האָט אין זײַן פאָרטראָג אויף דעם 1־טן אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון „געזערד" באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די נויטווענדיקייט איבערצוּוואַנדערן „טויזנט רובלדיקע יִדן", ד. ה. פאַרמעגלעכע עלעמענטן, אויסמאָלנדיק פאַר דידאָזיקע גרופּעס די פּערספּעקטיוו פון אינדיווידועלן וווילשטאַנד. דער כ׳ מ ע ר ע ז ש י ן האָט שוין אין 1929 י. געוואָלט באַשטימען די ס ט י מ ו ל ן פאַר דער איבערוואַנדערונג קיין ביראָ־בידזשאַן, האָט ער זיי געפונען אינעם לאָזונג... „צו אַ יִדיש לאַנד"—אָן דעמדאָזיקן לאָזונג, זאָגט כ׳ מערעזשין, וואָלט די יִדישע יוגנט ניט איבערגעוואַנדערט קיין ביראָ־בידזשאַן. די סטימולן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג זײַנען אָפּגעגאַנגען אין הינטער־פּלאַן. דעם אויבנאָן האָט פאַרנומען דער „נאַציאָנאַליסטישער" אידעאַל, די שאָוויניסטישע נעאָפּאַלעסטינישע אידיי.

אויפן פּאָן פון דידאָזיקע „אײַנשטעלונגען", וואָס עס אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע אָפּאָרטוניסטן אין דער יִדאַרבעט, זײַנען כאַראַקטעריסטיש די לידער פון פּאָעט האַלקין, וואָס זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1930 י. אונטער דער בראָכע פון כ׳ ליטוואַקאָוו—רעדאַקטער פון „עמעס". אין דידאָזיקע לידער פאַרטיידיקט דער פּאָעט דעם „יִדישן פאָלק" פון "די באָלשעוויסטישע באַרבאַרן". אַן אויפגעמונטערטער פון דעם נאַציאָנאַל־אָפּאָרטוניזם, מעלדעט ער:

ניט באַשערט איַך געוועזן ביז הײַנט
זען אונדז אויסגיין אונטער ווילדער יערושע,
און איצטער—מיר גייען אין שפּאַן
און שטאַרבן פון אײַערע קושן.

(פּאָעמע „רוסלאַנד").

וואָס איז דער טאָך פונעם דאָזיקן פּאָעטישן „שעדעווער"? דער טאָך איז אָט אין וואָס: אויב אײַך,—מעלדעט דער פּאָעט,—און אונטער דעמדאָזיקן „אײַך" מיינט ער אַלע ניט־יִדן, וואָס זײַנען, לויט זײַן באַגריף, סאָנים פון יִדישן פאָלק—אויב אײַך איז ניט געווען באַשערט זען אונדז „אויסגיין אונטער ווילדער יערושע", ד. ה. באַם צאַריזם, איז עס דערגרייכט געוואָרן בײַס דער סאָוועטנמאַכט; „און איצטער,—מעלדעט דער פּאָעט (ד. ה. בײַס דער סאָוועטנמאַכט) „מיר גייען אין שפּאַן און שטאַרבן פון אײַערע קושן". אַנדערש געזאָגט: דער פּאָעט האַלט, אַז די יִדן האָבן זיך האַכנאָעדיק אײַנגעשפּאַנט אין וואָגן פון דער רעוואָליוציע און באַקומען פאַר דעם אַ טויט־קוש. ליטוואַקאָוו, וועלכער פּרעטענדירט אויפן טיטל פון אַ מאַרקסיסטישן קריטיקער פון דער יִדישער ליטעראַטור, האָט, פאַרטיידיקנדיק דידאָזיקע בעפּיירעש רעאַקציאָנערע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע לידער, פאַרגלײַכט די מאַסן, וועלכע עס האָבן אין זינען די אויבנגעבראַכטע לידער, מיט די רוימישע גלאַדיאַטאָרן, וואָס ווענדן זיך צו צעזאַרן מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „זײַ באַגריסט, צעזאַר! די, וואָס גייען צום טויט, באַגריסן דיך". מיט דעם האָט ליטוואַקאָוו געוואָלט דערווײַזן, אַז די יִדישע בורזשואַזיע, וואָס ווערט ליקווידירט דורך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציִע, באַגריסט איר קוואָרעס־מאַן און שטאַרבט אַ צופרידנגעשטעלטע, אַ געהאָרכזאַמע איר טויט־סוינע. קורץ געזאָגט, האַלקינס ריין שאָוויניסטישע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונג אין דער ליטעראַטור איז געווען אַ פּאָעטישע אילוסטראַציִע פון דעם, ווי אַזוי דער יִדישער שאָוויניזם אַקטיוויזירט זיך. דערפאַר איז קיין וווּנדער ניט, וואָס דער נאַציאָנאַל־אָפּאָרטוניזם האָט געפונען פאַר נויטיק אַרויסגיין פאַרטיידיקן זײַן אָנהענגער אין דער ליטעראַטור. דער צוזאַמענשלוס פון נאַציאָנאַל־אָפּאָרטוניזם מיטן קריגערישן שאָוויניזם איז פאָרגעקומען לענגאויס דעם גאַנצן פראָנט.

צוגלײַך מיט דעם האָבן מיר פאקטן פון דורכויסיקן ניט דערשאצן די ארבעט צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן. פאקטן פון לייקענען די נויטווענדיקײַט פון דער ייִדישער קולטור־בויונג, פון לייקענען די ספעציפישע אופגאבעס בענעגייע די גרופעס פון דער ייִדישער אָרעמקײַט, וואָס האָבן פריִער געהערט צו דער ניטפּראָדוקטיווער באפעלקערונג. דערדאָזיקער ניהיליזם אין דער ייִדישער ארבעט שפּײַזט דעם רעכטן אָפּנויג, און ער מוז באקומען א צושמעטערנדיקןווידערשטאנד.

דער ייִדישער נאציִאָנאליזם האָט זיך געלאָזט פילן אויך אין קולטור־געביט. אין וו.ס.ס.ר. האָבן מיר א רײ ארויסטרעטונגען פון נאציִאָנאל־דעמאָקראטישן און נאציִאָנאליסטישן מין. אין די פריִערדיקע געדרוקטע אויסגאבעס פון ייִדסעקטער פון דער וויסנשאפט־אקאדעמיִע האָבן אָנטיילגענומען אויסלענדישע ייִדישע בורזשואזע געלערנטע, מיט וועלכע באזונדערע ייִדישע קאָמוניסטן־געלערנטע האָבן געהאלטן א פארבינדונג; אין געדרוקטע אויסגאבעס פון באזונדערע קאָמוניסטן (סאָסים) און אומפארטיייִשע פראָפעסאָרן האָט זיך דורכגעפירט די ליניִע פון סטרוויסטישן אָביעקטיוויזם; אין היסטאָרישע ארבעטן (סאָסים, ראווערבע) איז דער מארקסיסטישער קלאסן־אנאליז אָפטמאָל פארביטן געוואָרן מיט נאציִאָנאליסטיש־דובנאָווישע שיטעס [1]. דער ייִדישער נאציִאָנאל־דעמאָקראטיזם האָט זיך אמערסטן בוילעט אנטפלעקט דאן, ווען די פארטיי האָט פאנאנדערגעוויקלט א ברייטן קאמף קעגן דעם ווײַסרוסישן נאציִאָנאל־דעמאָקראטיזם. דעמלט האָט זיך דער פארמאסקירטער, אויסערלעך פאסיווער ייִדישער נאצדעמאָקראטיזם דעמאסקירט מיט דעם, וואָס זײַנע טרעגער האָבן גענומען פארטיידיקן די... ווײַסרוסישע דעמאָקראטן פון דער... פארטייִשער קריטיק: דער אויבנדערמאָנטער פראָפעסאָר, קאָמוניסט סאָסיס, האָט פארטיידיקט דעם ווײַסרוסישן נאצדעמאָקראט מארוק, בײַם דער פארט־קאָלעקטיוו פון מעלוכע־אוניווערסיטעט האָט געמאכט די געהעריקע אויספירן פון מארוקס נאצדעמאָקראטישע פארדינסטן. סארא הארציקע אייניקײַט פון די נאציִאָנאליסטן פון אלע קאָלירן אין נאָמען... פון קאמף קעגן דער פארטיי.

מיטן קלאפ איבער דעם ייִדישן נאציִאָנאל־דעמאָקראטיזם און נאציִאָנאל־אָפּאָרטוניזם האָט די ק.פ.(ב)וו. ליקווידירט דעם דורכרײַס אף דערדאָזיקער ליניִע, דערצויגן אף דערדאָזיקער דערפארונג די מאסן, צונויפגענומען זיי נאָך ענגער ארום דער גענעראלער פארטיי־ליניִע, אָנגענומען מיטלען צו אויסלעבן די געמאכטע פעלערן און אופהויבן די ארבעט־טעמפּן אין באדינען די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן. די פארטיי האָט זיך דערשלאָגן גרויסע דערפאָלגן אין אלע געביטן פון קאמף קעגן ייִדישן נאציִאָנאל־אָפּאָרטוניזם. אָבער דער קאמף קעגן ייִדישן נאציִאָנאליזם טאָר ניט אָפּגעשוואכט ווערן. פארקערט, ער דארף נאָך מער פארשטארקט ווערן. באזונדערס דארף פארשטארקט ווערן דער קאמף קעגן דעם פארמאסקירטן נאציִאָנאליזם, קעגן שאָלעמאכערישער באציִונג צו דעמדאָזיקן נאציִאָנאליזם אין אלע זײַנע אנטפלעקונגען.

3

קעדיי צו דערווײַזן, ווי טיף עס האָט זיך באפעסטיקט דער ייִדישער נאציִאָנאליזם, קען מען דערמאָנען כאָטש וועגן דעם, אז דער זשורנאל „טריבונא" צ. ב., דער צענטראלער אָרגאן פון „געזערד", האָט די גאנצע צײַט ניט געפונען פאר נויטיק זאָגן גענוג דײַטלעך וועגן דעם רעכטן אָפּנויג אין דער ארבעט פון ווײַסרוסישן „געזערד". ס'איז געשען אקוראט א פארקערטע זאך: די רעזאָליוציעס פון צוזאמענפאָר פון „ווײַסגעזערד" זײַנען

[1] דובנאָוו—א ייִדישער בורזשואזער היסטאָריקער, א טאקעפער נאציִאָנאליסט, א ווײַסער עמיגראנט. ער פּרוווט זיך אָן אופהער דערווײַזן אין דער בורזשואזער אויסלענדישער פרעסע, אז די ייִדן אין פ.ס.ס.ר. קומען אום פון דער באָלשעוויסטישער פּאָליטיק.

סאנקציאָנירט געוואָרן אף דעם אלפאַרבאַנדישן פּלענום פון דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון „געזערד". דערדאָזיקער באשלוס איז נאָך ניט אָפּגעשאַפן ביזן היינטיקן טאָג. אין דערזעלבער צײַט דרוקט דער זשורנאַל אַרטיקלען מיט אַזוינע מעלדונגען, ווי צ. ב., אַז די ייִדישע אָרעמקייַט איז געצוווּנגען אַנטלויפן פון וו.ס.ס.ר. אין אַנדערע רעפּובליקן פון פ.ס.ס.ר. (איידעלמאַנס אַרטיקל) און אַז די אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פון די ייִדישע קאָלווירטן אין וו.ס.ס.ר. האָט געבראַכט צום פאַנאַנדערפאַלן פון 80 פּראָצ. ייִדישע קאָלווירטן (גאָלדעס אַרטיקל). ס'איז אינגאַנצן קלאָר, אַז דידאָזיקע אַרויסטרעטונגען זעצן פאָר, אין אַן אַנדער פאָרם, דעם אָנגריף פון נאַציאָנאַל־אָפּאָרטוניזם קעגן דער ריכטיקער פּאַרטיי־ליניע.

א צווייטער ביישפּיל. אין „עמעס" האָט זיך דעם 8־טן אויגוסט באַוויזן אַן אַרטיקל פון כ' יאַנקל לעווין מיט אַזאַ קעפּל „ס'פאָדערט זיך אַ רעוויזיע". אינעם דאָזיקן אַרטיקל כאַזערט דער מעכאַבער איבער דעם אַלעפּבייז פון די רעכטע אָפּאָרטוניסטן. ער מעלדעט, אַז די „עקאָנאָמישע מאָסמיטלען פון דער קאָמפּאַרטיי און סאָוועטנמאַכט באַשטייען אין טאָך אין איבערבויען אין גרונט דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג"... „אונדז קומט אויס סאָציאַל איבערקאָנסטרויִרן אַזאַ פאָלק, וועלכער האָט הונדערטיאָריקע טראַדיציעס און געוווינהייטן". ווייַטער מעלדעט דער מעכאַבער, אַז „דער גרעסטער טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג איז די גאַנצע צײַט (?!) געווען פאַרנומען מיט האַנדל".

ווי געפעלט אײַך די קאָנצעפּציע — „דאָס ייִדישע פאָלק", וואָס „דער גרעסטער טייל" זײַנער באַשטייט פון הענדלער? די אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי איז — „סאָציאַל רעקאָנסטרויִרן" דידאָזיקע הענדלער.—פונעם מעכאַבערס אויג זײַנען אינגאַנצן אַרויסגעפאַלן די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסן. בײַ אים איז אינגאַנצן אָפּגעפאַלן די אויפגאַבע צו דיפערענצירן לויטן קלאַסן־פּרינציפּ. די אויפגאַבעס פון דער פּאַרטיי בענעגייע די אַרבעטנדיקע מאַסן פון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט, וואָס זײַנען אַזוי דײַטלעך אָנגעצייכנט אין די רעזאָליוציעס פון די פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן, זײַנען בײַ אים אָפּגערוקט געוואָרן אָן אַ זײַט. בײַ אונדז אין וו.ס.ס.ר.,—און צי דען איז וו.ס.ס.ר. אַן אויסנאַם?—זײַנען נאָך פאַראַן גענוג ייִדישע אַרבעטנדיקע אָרעמקייַט: ניט קוואַליפיצירטע קוסטאַרן און זייערע קינדער, אינוואַלידן פון דער ייִדישער אָרעמקייַט, שטאָטישע דעקלאַסירטע אָרעמקייַט פון די אַרבעטנדיקע שיכטן, וועלכע נויטיקן זיך אין עקאָנאָמישער הילף. דידאָזיקע מאַסע דאַרף עקאָנאָמיש איינגעאָרדנט ווערן, און דער מעכאַבער פונעם אויבנציטירטן אַרטיקל איגנאָרירט אינגאַנצן דידאָזיקע מאַסע. ער זעט נאָר די הענדלער, וועלכע זײַנען בײַ אים פּלוצים אין 1930 י. אויסגעוואָקסן ביז אַ „גרויסער טייל" פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. די רעדאַקציע פון „עמעס" איז, קענטיק, אינגאַנצן מאַסקים מיט זײַן „פּרינציפּיעלער אײַנשטעלונג" אף דעם „גרעסטן הענדלערישן טייל" פון דער ייִדישער באַפעלקערונג[1]) ווי עס איז צו זען, האָבן אייניקע טוער „באַרניט געלערנט און גאָרניט פאַרגעסן", ניט געקוקט אף דעם שאַרפן פײַער, וואָס איז געעפנט געוואָרן אף די רעכטע פאָרמולירונגען אין איניאָנים פון דער ייִדאַרבעט אין וו.ס.ס.ר. די באָלשעוויסטישע זעלבסטקריטיק האָט נאָך ניט דורכגענומען גענוג און ווי געהעריק דידאָזיקע אַרבעט. דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם זיצט פעסט אין די שוצגראָבנס. מיר וועלן דאָ צוגעבן, אַז דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם און רעכטער אָפּאָרטוניזם האָבן אַ גינסטיקן באָדן אויך דערפאַר נאָך, וואָס דער קאַדער ייִדישע טוער—„נאַציאָנאַלן" איז זייער אַ קליינער, וואָס צווישן דידאָזיקע טוער איז פאַראַן אַ גרויסער פּראָצענט געוועזענע בונדאָווצעס און אַזוינע, וואָס שטאַמען פון אַנדערע פּאַרטייען.

ווען מיר פּרוּוון זיך דערקלײַבן צו די וואָרצלען פון די רעכט־אָפּאָרטוניסטישע פעלערן אין דער ייִדאַרבעט, שטויסן מיר זיך דאָ אָן צוגלײַך מיט די אַלגעמיינע דערשײַנונגען

[1]) מיר האָבן דאָ ניט קיין מעגלעכקייַט צו ריידן וועגן טאָך פון כ' לעווינס אַרטיקל, מירן נאָר באַמערקן, אַז זי לייגט אָפּן פאָר רעווידירן די פּאַרטיי־ליניע אין דער עקאָנאָמישער אַרבעט צווישן די ייִדישע האָררעפּאַשניקעס.

אויך אף די רעשטלעך פון בונדיזם און ציאָניזם־טעריטאָריאַליזם, אף די רעצידיוון פון דידאָזיקע אידעאָלאָגישע פאָרמעס. אויב דער ציאָניזם און טעריטאָריאַליזם גייען אונטער דער פאָן פון שאפן א „ייִדישע היים", ד.ה. א ייִדישע אָפּגעזונדערטע מעלוכע אף בורזשואזע יעסוידעס, האָבן די ייִדישע שאָוויניסטן אין אונדזער לאנד איבערגעפראזירט דעמדאָזיקן לאָזונג אף א סאָוועטישן נוסעך און רופן צו „א ייִדיש לאנד". אויב די בונדאָווצעס האָבן געטײַנעט, אז די פּראָלעטארישע דיקטאטור קען מיט איר אלגעמיינער סיסטעם ניט זיכערן די אנטוויקלונג פון די קולטורן פון די ארבעטנדיקע מאסן פון אלע נאציאָנאליטעטן, האלטן אויך די נאציאָנאליסטישע עלעמענטן בא אונדז, אז די יידישע קולטור־בויונג דארף זײַן עפּעס א מאָנאָפּאָליע פון די ייִדטוער, פון דער „ייִדסעקציע".

4

די ייִדישע נאציאָנאליסטן, די רעכטע אָפּאָרטוניסטן און די שאָלעמאכער מיט זיי האָבן זיך געפּרוווט דיסקרעדיטירן די ליניע פון דער פּארטיי אין דער קאָלווירטישער בויונג; זיי האָבן געוואָלט דערווײַזן דעם דורכפאל פון דעמדאָזיקן היסטאָרישן קער אף דער פּאקטישער לאגע מיט די ייִדישע קאָלווירטן. זיי האָבן געכויזעקט פון דער פּארטיי־ליניִע אין דער קלאסן־דיפערענציִאציע בײַם קאָמפּלעקטירן די ייִדישע קאָלווירטן. זיי האָבן נעוויעס געזאָגט, אז 1) וועלן אין די ייִדישע קאָלווירטן קיינער, אויסער די וואל־געפּאסלטע, ניט גיין, 2) וועט די אינטערנאציאָנאליזאציע פון די קאָלווירטן זיך שלעכט אָפּשפּיגלען אף דעם צושטאנד פון דידאָזיקע קאָלווירטן, „די קאָלווירטניקעס וועלן זיך צעלויפן", 3) ס'איז ניטאָ וואָס צוווארטן אף א צופלוס אין די ייִדישע קאָלווירטן און 4) ניטאָ וואָס צו לייגן קיין באזונדערע אופמערקזאמקײַט אף די עקזיסטירנדיקע קאָלווירטן.

אינדערעמעסן האָט זיך באקומען קאפויער, און די „נעוויעס" פון די ייִדישע נאציאָנאל־אָפּאָרטוניסטן האָבן געפּלאצט אין אלע נעט.

ערשטנס, האָט זיך ארויסגעוויזן, איז דאָ גענוג אָרעמקײַט און דעקלאסירטע עלעמענטן פון די פּראָלעטארישע שיכטן און אויך פּאראָרעמטע עלעמענטן פון די געוועזענע קליינע הענדלער, וועלכע זײַנען אוועק אין די קאָלווירטן פאר דעם לעצטן יאָר האָבן די ייִדישע קאָלווירטן געהאט אן אומגעהויערן צופלוס. אף דער פראגע פון קאָמפּלעקטירן די קאָלווירטן האָבן זיך נעבעך אזוי געמאטערט די געוועזענע אָנפירער פון דער ייִדארבעט אין ווײַסרוסלאנד און בעשום אויפן ניט געקענט לייזן דידאָזיקע פראגע! און די כוואליע פון דער אָרעם־מיטל־פויערישער באוועגונג אין די קאָלווירטן האָט אראָפּגעשווענקט פון וועג דידאָזיקע אלע שטערונגען און געגעבן דעם בעסטן מוסטער, ווי אזוי דער גאנג פון דער קאָלווירטישער באוועגונג העלפט, באם דיסקאָנט פון די קאָמפּליצירטע נאצבאדינגונגען, לייזן דידאָזיקע פראגע.

אויב מיר זאָלן א קוק טאָן אף דער פאקטישער זאכלאגע און אויסרעכענען די דערפאָלגן פון דער ערשטער כוואליע פון דער מאסאָווער קאָלעקטיוויזאציע אין וו.ס.ס.ר. אין איר ווירקונג אף די יידישע ארבעטנדיקע און אָרעמע מאסן, וועלן די סאכאקלען בעפּייִרעש זיין ניט לעטויוועס די רעכטע אָפּאָרטוניסטן. מיר האָבן דאָ די פאָלגנדיקע ציפערן: צום 1־טן מארט 1929 י., ד. ה. ביז דעם פעריאָד פון דער מאסאָווער קאָלעקטיוויזאציע, זײַנען אין וו.ס.ס.ר. געווען 2357 ייִדישע קאָלווירטישע געזינדן. צו דעם ערשטן מארט 1930 י. האָבן מיר געהאט שוין 4812 ייִדישע געזינדן, ד. ה., אז פאר איין יאָר איז צוגעקומען נאָכאמאָל אזויפיל. דערדאָזיקער קוואליטאטיווער וווּקס שעפּט נאָך ניט אויס דאָס גאנצע בילד, ווײַל צוזאמען מיט דעם האָבן זיך פארגרעסערט די ייִדישע קאָלווירטן, עס איז אויסג עוואקסן די צאָל אלגעמיינע (ווײַסרוסישע) קאָלווירטן אפן כעשבן פון דער ייִדישער אָרעמקײַט, מ'האָט גוויוער געווען די נאציאָנאלע און עקאָנאָמישע אײַנגעשלאָסנ־

קײַט, וואָס איז געווען אין א רײ ייִדישע קאָלווירטן, ד. ה. מיר האָבן דאָ, אין דער אונ־
טערשטער שורע, א קענטיקע קוואנטיטאטיווע פארבעסערונג פון די ייִדישע קאָלווירטן.
צוזאמען מיט דעם האָבן מיר אויך א רײ דערגרייכונגען אין געביט פון איבערוואנדערונג
פון די ייִדישע ארבעטנדיקע און דעקלאסירטער אָרעמקײַט קיין בירא־בידזשאן און קרים.

ניט געקוקט אף א רײ „לינקע" פעלערן, וואָס זײַנען דערלאָזן געוואָרן בײַסן דורכ־
פירן די אינטערנאציאָנאליזאציע פון די ייִדישע קאָלווירטן (שוואכע צוגרייטונג־ארבעט, פאקטן
פון אויוער זײַן אף די פארטײ־דירעקטיוון וועגן פרײַוויליקײַט א. א. וו.), ניט געקוקט אף
דידאָזיקע „לינקע" פעלערן—האָבן מיר געהאט א רײ פאלן, ווען די איניציאַטיוו צו אינ־
טערנאציאָנאליזירן די ייִדישע קאָלווירטן האָט געשטאמט פון ייִדישע קאָלווירטניקעס, וואָס
דאָס איז דער בעסטער באווײַז פון זייער באוווסטזיניקייט און איבערגעגעבנקײַט דער
פארטײ־ליניע. ס'איז איבעריק צו דערווײַזן, אז דער פראָצעס פון אינטערנאציאָנאליזירן און
גויוער זײַן די אײַנגעצאמטקײַט און נאציאָנאלע באגרענעצטקײַט צווישן די ייִדישע קאָל־
ווירטניקעס איז א קלאפּ איבער דעם רעכטן אָפּאָרטוניזם אין ייִדישן נאציאָנאליזם—ניט
אומזיסט האָבן זיך די לעצטע אזוי פארביסן ווידערגעשטעלט דער פארטײ־ליניע אינעם
דאָזיקן געביט.

דער „לינקער" קנייטש איז געקומען צוהילף דעם רעכטן אָפּנויג ניט נאָר אין געביט
פון קאָלעקטיוויזאציע. די „לינקיסטישע" פראזן און טאטן האָבן זיך אנטפּלעקט אויך אין
געביט פון אנטבאלעגופעוען און מוניציפאליזירן. דידאָזיקע „לינקיסטישע" מײַסים האָבן
געדראָט מיט דיזעלבע רעזולטאטן, וואָס דער רעכטער אָפּאָרטוניזם, ווײַל זיי האָבן פאקטיש
געפירט צו דעם, אז דער ארבעטנדיקער קוסטאר און די ארבעטנדיקע אָרעמקײַט זאָל זיך
צעקריגן מיט דער סאָוועטנמאכט. דאָס איז געווען זייער אָביעקטיווער טאָך.

עס זײַנען געווען פאלן, ווען די שטעטלדיקע אָרעמקײַט איז אָן קײַן שום גרונט, אָן
א דיפערענצירטן צוגאנג און טראָץ די אלגעמיינע דירעקטיוון, פארעכנט געוואָרן אין די
צעטלען פון די וואל־געפאסלטע און איז צוליב דעם אויטאָמאטיש ארויסגעוואָרפן געוואָרן
פון די קוסטארטעלן און קאָלווירטן, אָדער אהין ניט דערלאָזן געוואָרן. דאָסזעלבע איז אויך
געווען מיט אָפּנעמען וואל־רעכט.

ווענדיק פארסטראכירן זיך פון די באשולדיקונגען אין רעכטן אָפּנויג, האָבן זיך איי־
ניקע טוער אין א רײ שטעטלעך דערקײַקלט צו דער פארקריפלונג פון דער נאצפּאָליטיק פון
פארטײ בענעגייע דער ייִדישער באפעלקערונג, שטערנדיק ארײַנטרעטן אין די קאָלווירטן,
בײַסן גאנג פון דער קאָלעקטיוויזאציע, דער ייִדישער אָרעמקײַט, וועגן וועלכער עס ווערט
גערעדט אין די דירעקטיוון פון צ. ק. א. א. וו., א. ד. ג.

דידאָזיקע „לינקע" קנייטשן, וואָס זײַנען צום האנט דעם רעכטן אָפּנויג, וועלכע האָבן
אָפּטמאָל געהאט א בוילעט־אויסגעשפּראָכענעם קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן כאראקטער, האָבן
באקומען זייער באשײַמפּערלעכן אויסדרוק אין יענע פארברעכנס, וועלכע זײַנען דערלאָזן
געוואָרן אין באזונדערע אָרגאניזאציעס בײַס דעם אנטבאלעגופעוען. אין א רײ ערטער
האָבן די היציקע „לינקע" קנייטשער אנטבאלעגופעוועט קוסטארן, דערלאָזן א רײ אומגע־
לומפּערטע פארקריפּלונגען בײַסן באשטײַערן, בא דער מוניציפאליזאציע א. א. וו. א מוס־
טער פון אזעלכע מײַסים איז דער פלעשטשעניצער אינײַען. דער פלעשטשעניצער רײַאויס־
פירקאָם (געוועזענער מינסקער קרײַז), האָט מוניציפאליזירט די כאלופּעס פון דער אָרעמקײַט,
ער האָט באשטײַערט מיט גרויסע סומעס די אָרעמע קוסטארן. „בײַזוויליקע ניטצאָלער" פון
דעם מין האָט מען געמישפּעט און ארעסטירט; מען איז באפאלן מיט אונטערזוכונגען די
ניטצאָלער אונטער דער אָנפירונג פון פאָרזיצער פון ריק, יאקובאָוויטשן, אליין. די זאכן
וואָס מען האָט אָפּגענומען בא די ניטצאָלער, האָט מען צונויפגעזאמלט אין א שפּײַכלער,
וווהין מען האָט דערלאָזן בלויז די פרויען פון די פאראנטוואָרטלעכע טוער. אזעלכע פאקטן
זײַנען פאָרגעקומען אויך אין אייניקע אנדערע שטעטלעך פון וו.ס.ס.ר.

פונדאַנען דרינגט אַרויס די אויפגאַבע צו קעמפן אַף צוויי פראָנטן. דאָס ניט דערשאַצן די וויכטיקייט פון דעמדאָזיקן קאַמף איז שוין אַליין פאַר זיך אָפּאָרטוניזם. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרשאַרפונג פון קלאַסן־קאַמף ווערט דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם כוצפּעדיק, ער זוכט זיך אויס גענוג פריינט אויך אַפן „לינקן" פלאַנג. דער קאַמף מיטן דאָזיקן אָפּנויג איז אַן אָרגאַנישער טייל פון קאַמף פאַר דער גענעראַלער פּאַרטיי־ליניע. קעמפנדיק קעגן דעם גרויסמעלוכישן רוסישן שאָוויניזם, ווי קעגן דער הויפּט־געפאַר אין דער נאַצפּאָליטיק אַף דעם געגעבענעם עטאַפּ, דאַרפן מיר מיט אַ ניט־אָפּגעשוואַכטער ענערגיע קעמפן קעגן אָרטיקן שאָוויניזם פון אַלע מינים, וואָס איינער פון זיינע אַנטפּלעקונגען איז דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם, „אַנטפּלעקן און אַרויסשטעלן אַף דער ליכטיקער שיין דעם פּאַרצעף פון די־דאָזיקע אָפּנויגן" (סטאַלין). פאַרשטאַרקנדיק דעם קאַמף קעגן דעם ווייסרוסישן קאָנטררעוואָליוציאָנערן נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיזם, איז נויטיק פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן דעם ייִדישן שאָוויניזם, צוזאַמען מיט דעם, פאַרשטאַרקנדיק דעם קאַמף קעגן דער ווייכלייביקייט אין קאַמף מיטן רעכטן אָפּאָרטוניזם און נאַציאָנאַליזם אין דער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע.

5

וו.ס.ס.ר. געפינט זיך אין אַ נאָענטער שכייניעשאַפט מיט דער פאַשיסטישער פוילן. די ייִדישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע און סאָציאַל־פאַשיסטישע פּרעסע אַף יענער זייט שפּירט נאָך נאָכאַנאַנד נאָך דער אַרבעט, וואָס די פּאַרטיי און די סאָוועטנמאַכט פירט דורך צווישן די ייִדישע מאַסן אין פ.ס.ס.ר. דידאָזיקע פּרעסע, וואָס דינט די אינטערעסן פון פּוילישן פאַשיזם, קריכט פון הויט אַרויס, אַבי נאָר דערווייזן, אַז אין סאָוועטנפאַרבאַנד „שטאַרבן 3 מיליאָן ייִדן פון הונגער," אַז באַזונדערס אין וו.ס.ס.ר. „קומט אום" די שטעטלדיקע באַפעלקערונג. באַזונדערס האָט דידאָזיקע פּרעסע געפּרוווט אייסנוצן דעם קאַמף פון דער ק.פ.(ב)וו. קעגן דעם ייִדישן נאַציאָנאַל־אָפּאָרטוניזם, מאַכנדיק פון דעמדאָזיקן קאַמף דעם דעמאַגאָגישן „אויספיר", אַז די פּאַרטיי און די סאָוועטנמאַכט זאָגן זיך אָפּ צו העלפן דער ייִדישער דעקלאַסירטער אָרעמקייט. דאָסמאָל איז די קאַפּעליע פון דער פאַרקויפטער ייִדישער פּרעסע געווען אַזוי געייניקט, אַז אַפילו יעדן פּאָליטישן אייפעלע איז געוואָרן קלאָר, וואָס פאַר אַ פאַרבינדונג עס עקזיסטירט צווישן דער אינגערלעכער פּאָליטיק פון פּויפּעריזירן די ייִדישע מאַסן, וואָס עס פירט סיסטעמאַטיש דורך פּילסודסקי, און צווישן דידאָזיקע אָנפאַלן פון פּילסודסקיס ייִדישער פּרעסע אַף פ.ס.ס.ר.: „איר זעט דאָך, אַז אין פאַרגלייך מיט דער לאַגע אין פ.ס.ס.ר., געפינען זיך די ייִדישע מאַסן פון פוילן אין אַ גאַן־עדן". דאָס איז געווען און איז זייער טענות. פון דעם איז קלאָר צו זען, אַז די ייִדישע בורזשואַזע פּרעסע אין פוילן אָריענטירט זיך אַף דער אינטערווענץ־פּאָליטיק פון פּילסודסקי און פּואַנקאַרע.

דער אָרגאַן פון פּוילישן „בונד"—„פאָלקסצייטונג"—האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין קאָמענטירן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף די באַשטימונגען פון צ.ק.אַל.ק.פּ.(ב) וועגן ליקווידירן די נאַצסעקציעס. די בונדאָווצעס אין פוילן, זידלענדיק די „יעווסעקן", האָבן שטענדיק אינדערשטיל געכאָלעמט, אַז די ייִדסעקציע וועט זיין יענער אינדזעלע אין דער אַל.ק.פּ.(ב), וועלכער וועט נאָך פאַרהיטן וועלכע ניט איז עלעמענטן פונעם בונדישן סעפּאַראַטיזם און נאַציאָנאַלער איינגעשלאָסנקייט אין דער אַל.ק.פּ.(ב), אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, אַז די בונדישע טראַדיציעס וועלן אַזוי אַרום „איבערבאַוואָפנען" די אַל.ק.פּ.(ב). דרייסט, זייער דרייסט! דידאָזיקע האָפענונג האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס געקענט באַזירן אַפן דאָקומענט, וואָס עס האָבן אָנגעשריבן די לעצטע בונדישע „מאָהיקאַנער" אין פ.ס.ס.ר., ווען זיי זיינען אַריינגעטראָטן אין אַל.ק.פּ.(ב) (1921 י.). זיי האָבן די ייִדישע אַרבעטער געשריבן פאָלגנדיקעס:

„מיר האלטן אויך היינט, אז אויב אין דער איינהייטלעכער צענטראליזירטער קאָמוניסטישער פּארטיי וואָלט בלייבן א „בונד", וואָלט אונדז גרינגער און בעסער געווען צו אָרגאניזירן די יידישע ארבעטער, אריינפירן זיי אין קאָמוניזם, העלפן זיי בויען דאָס יידישע לעבן אף נייע יעסודעס" (אונטערגעשטראָכן דורך אונדז—כ.ד.) [1].

די „פּלענער" פון די בונדאָוצעס אין 1921 י. זיינען דורכגעפאלן פּונקט אזוי, ווי עס זיינען דורכגעפאלן די האָפענונגען פון די פּוילישע בונדאָוצעס, און ניט אומזיסט האָבן די לעצטע אופגעהויבן א יאָמער נאָך דער „געשטאָרבענער יעווסעקציע", קלאָגנדיק, אז איצט, ווען אויך די יעווסעקציע איז שוין ניטאָ, „דראָט דעם יידישן פּראָלעטאריאט" און „דער יידישער קולטור" א פולקאָמע רואינירונג. און באם בונדאָוועק ליטוואק זיינען מאמעש געשטאנען טרערן אין די אויגן, ווען ער האָט אין זיין סאָציאל־פאשיסטישן ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" געשריבן, אז די אל.ק.פ.(ב) גיט, מיט איר באשלוס וועגן אָפשאפן די נאצ־סעקציע, א בייַשפּיל פון אונטערדריקן דאָס יידישע פאָלק, ווייל, זעט איר, אלע נאציעס פון סאָוועטן־פארבאנד וועלן האָבן זייערע באזונדערע פארטייען (ער מיינט דאָ די רעפּוב־ליקאנישע ק. פ.) „נאָר די יידן" פארלירן יעדע זעלבשטענדיקייט. ליטוואק האָט געפונען א געלעגנהייט צו באשולדיקן די אל.ק.פ.(ב) אין... אנטיסעמיטיזם!

צי בלויז די נאצדעמאָקראטן און סאָציאל־פאשיסטן אין אויסלאנד שטעלן אזוי די פראגע? די רעכטע עלעמענטן אין דער פארטיי האָבן אויך פאלש אויסגעטייטשט די ליקווידאציע פון די יידסעקציעס, און דאָ האָבן זיך אנטפלעקט סעקציאָניסטישע (סעפּאראטיסטישע) געוווינ־הייטן און טענדענצן פון אייניקע כאווירים. דער פיינטלעכער עלעמענט, ווידער, אין לאנד האָט וועגן דעם גענומען ריידן אף א „פאָשעטער" שפּראך. אָט איז א כאראקטעריסטישער בריוו, וואָס איז אריינגעשיקט געוואָרן נאָך דער ליקווידאציע פון דער יידביוראָ דעם רע־דאקטער פון „אָקטיאבער".

„געערטער רעדאקטער פון דער צייטונג „אָקטיאבער". האָמאָן איז אין פארגלייך מיט אייער יעווסעקציע א מיילעך־יוישער. איר זייט פּאָגראָמשטשיקעס. ס'וועט קומען א צייט, ווען מיר וועלן טאנצן אין אייער בלוט, און נאָר אין אייער יידישער בלוט, ווייל די רוסן קענען ניט טאָן דאָס, וואָס איר טוט... פורישקעוויטש און זאמיסלאָוו־סקי זיינען אין פארגלייך מיט אייך מאלאָכים. איצט וועט אביסל אראָפּפאלן אייער גייווע. א סאָף צו דער יעווסעקציע. אייער בלוט וועט נאָך פארגאָסן ווערן פאר דאָס בלוט פון די ראבאָנים, מיר וועלן פאר זיי נעקאָמע נעמען".

דאָס איז א מעלדונג פון באלעבאָפיש־קלעריקאלן אונטערהעלפער!

די שטרעבונג פון די פיינטלעכע עלעמענטן צו שטעלן אין שאָטן אבסאָליוט די פאר־גאנגענע טעטיקייט פון דער יידסעקציע און „יידישע קאָמוניסטן" איז א צייכן פון אקטי־וויזאציע פון די קלאסן־פיינטלעכע עלעמענטן.

די יידסעקציע האָט געשפּילט אין איר צייט די ראָל פון א געווער אין די הענט פון דער פארטיי, נאָר דאָס איז שוין א דורכגעמאכטער עטאפּ, און די פארטיי נויטיקט זיך מער ניט אין די נאצסעקציעס. אָבער עס זיינען געווען ניט ווייניק צווישן די יידישע טוער און די יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן אָפּגעשאצט די ליקווידאציע פון דער יידסעקציע ניט ווי א שריט פאָרויס, נאָר ווי א שריט אף צוריק. אין דידאָזיקע קרענקלעכע שטימונגען האָט ניט קיין קליינע ראָל געשפּילט דער שעדלעכער קוק, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן אייניקע כאווירים, אז די יידסעקציע — דאָס איז א „קליינינקער יידישער צ. ק.", און די מוער פון דער יידסעקציע זיינען „באפולמעכטיקטע פון פארטיי אין די יידישע איניאָנים".

[1]) זע ש. אגורסקי „דער יידישער ארבעטער אין דער קאָם. באוועגונג", ז. 167.

דידאָזיקע טענדענצן—רעשטלעך פון בונדיזם—האָבן באקומען נאָך א צעשמעטערנדיקן קלאפ מיט דער ליקווידאציע פון די ייִדסעקציעס. דערפאר טוען ריכטיק יענע כאווירים, וועלכע טרעטן ארויס קעגן דעם „יעווסעקישן" סעפּאראטיזם, אָבער ס'וועט זײַן ניט ריכטיק דערבײַ הינטן ארום אָפּלייקענען די פּאָזיטיווע ראָל פון די נאצסעקציעס, צווישן זיי אויך די ייִדסעקציִעס, אין דער פארגאנגענהײַט. אויב דידאָזיקע סעקציעס וואָלטן פריִער געווען ניט נויטיק, וואָלט די פארטיי לאנג זיי ליקווידירט. די וואָס מעלדן איצט, אז די נאצסעקציעס האָט מען שוין לאנג געדארפט ליקווידירן, באהויפּטן פאקטיש דאָסזעלבע, וואָס די נאציִאָנאליסטן, ווײַל פון דעם דרינגט אומפארמײַדלעך ארויס, אז די פארטיי האָט זיך ניט פארנומען מיט נאצארבעט, אָף וויפל זי האָט אפילע ניט באמערקט די אָנוועזנהײַט פון א ניט נויטיקן אפּאראטישן עקל פון די נאצסעקציִעס. דערפאר טאָר מען ניט צוגיין צו דערדאָזיקער פראגע אזוי, ווי עס טוט עס דער כ׳ אגורסקי אין „באָלשעוויק בעלארוסי". נאָך מער פארטיפערט דער כ׳ אגורסקי זײַן פעלער, ווען ער פארוואנדלט דעם נאציִאָנאל־אָפּאָרטוניזם און די רעשטלעך פון בונדיזם צווישן א גרופּע ייִדטוער אין א קרענק פון דער ייִדסעקציִע, ד.ה. אין א קרענק פונעם אפּאראט פון דער פארטיי. דאָס איז א מוירעדיקער טאָעס.

אָפּווארפנדיק אנטשיידן אזא אָפּשאצונג פון דער ארבעט פון די נאצסעקציעס און בײַפראט פון דער ייִדביוראָ, באהויפּטנדיק—פארקערט, אז אין דער פארגאנגענהײַט האָבן די נאצסעקציעס אָפּגעטאָן א גרויסע ארבעט אין דער זאך פון פארוואָרצלען די באָלשעוויסטישע אידייען צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע און פארווירקלעכן די נאצפּאָליטיק פון דער פארטיי אין דידאָזיקע מאסן—דארף מען פארורטיילן יענע ווירקלעך נאציִאָנאליסטישע שטימונגען ארום דער באשטימונג פון צ. ק. אל. ק. פ. (ב) וועגן ליקווידירן די נאצסעקציעס.

6

די ק.פ.(ב)וו. האָט א רײ דערגרייכונגען אין דער ארבעט צווישן די ייִדישע ארבעטנדיקע. דער צ.ק. ק.פ.(ב)וו. האָט דורכגעפירט א גרויסע ארבעט אין קאמף מיטן ייִדישן נאציִאָנאליזם, נאָר גלײַכצײַטיק מיט דעם דארף מען זאָגן, אז מיר האָבן אין א רײ געביטן א „שערעלע" צווישן די באדערפענישן און זייער באפרידיקונג. דאָס איז א רעזולטאט פון דער שוואכער אָנפירונג מיט דער ארבעט מיצאד אָרטיקע אָרגאניזאציעס. דידאָזיקע ארבעט ווערט איצט, אין צוזאמענהאנג מיט דער ליקווידאציע פון די קרײַזן, קאָמפּליצירט, ווײַל די אָנפירונג מיט דער ייִדארבעט אין ווײַסרוסלאנד איז אין גרונט גענומען געווען קאָנצענטרירט אין די קרײַזן. דערפאר איז נויטיק צו פארשטארקן דעם טעמפּ פון דער גאנצער ארבעט און זיכערן די ווײַטערדיקע דערפאָלגרײַכע לייזונג פון די פראגן פון דער עקאָנאָמישער אײַנאָרדענונג פון די ייִדישע ארבעטנדיקע און אָרעמקײַט און פון דער קולטורעלער בויונג—נאציִאָנאלער לויט דער פאָרם און סאָציִאליסטישער לויטן אינהאלט. א גאנצע רײ פראגן ווערן איצט געשטעלט און געלייזט אף א נײַעם אופן. עס עפענען זיך נײַע מעגלעכקײַטן. עס שטייט די אויפגאבע פון איבערוואנדערן גרויסע מאסן פון די ארבעטנדיקע און אָרעמקײַט קײַן בירא־בידזשאן און קרים—דאָס אלץ פאָדערט ניט א רעוויזיע פון דער ריכטיקער פארטיי־ליניע, נאָר אן אָנגעשטרענגטע ארבעט פון די פארטיי־אָרגאניזאציִעס טאקע אין גײַסט פון די באשלוסן פון דעם 16־טן צוזאמענפאָר אל. ק. פ. (ב) און 13־טן צוזאמענפאָר ק.פ. (ב) וו.

יעדער ניטדערשאצן די ארבעט פון די רעפּובליקאנישע קאָמפּארטייען אף די ערטער, אָדער פון דער איבערוואנדערונג־ארבעט, קען אנדערש ניט אָפּגעשאצט ווערן, ווי רעכטער אָפּאָרטוניזם, ווײַל אָביעקטיוו איז עס צום האנט די אינטערעסן פון קלאסן־סוינע, די אינטערעסן פון באלענוף און נעפּמאן.

דאָסזעלבע איז אויך נעגייע די פראגן פון דער קולטורעלער בויונג, נאציִאָנאלער לויט איר פאָרם, פראָלעטארישער לויטן אינהאלט. מען דארף זאָגן, אז אין געביט פון דער קולטור דארף מען איצטער ווענדן מער אופמערקזאמקײַט, איידער ס'איז געווען ביז איצט, דידאָזיקע אופגאבע ווערט דיקטירט מיט דער נויטווענדיקײַט צו פארשטארקן דעם קאמף פאר דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, קעגן די פײַנטלעכע אידעאָלאָגיעס, קעגן שאָוויניזם.

קעמפנדיק מיטן ייִדישן שאָוויניזם, דארף מען דיסקאָנטירן, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א „קריכנדיקן" מימיקרירנדיקן סוינע.

דער רעכטער אָפּאָרטוניזם, וועלכער באקומט א קלאפּ נאָך א קלאפּ, מאנעווירט און בײַט זײַן טאקטיק און זײַנע לאָזונגען, „אָפּהענגיק פון די אומשטענדן". דאָסזעלבע קומט פאָר מיט די „קריכנדיקע אָפּנויגן". דער ייִדישער שאָוויניזם האָט פאר דער לעצטער צײַט געביטן זײַן טאקטיק. דער קלאסן־סוינע, וועלכער איז געפלעפּט פון דעם אומגעהויערן וווּקס פון סאָציִאליזם, פרוווט געפינען נײַע ארגומענטן קעגן דעם אָנגרײַפנדיקן סאָציִאליזם. ער האָט פארלאָרן די מעגלעכקײַט צו ספּעקולירן אף דער עקאָנאָמישער רוּינירונג פון די ייִדישע מאסן, ווײַל דער לעצטער פעריאָד האָט געגעבן אן אנטשיידענעם קער אפן געביט פון לייזן די פראגע וועגן דער עקאָנאָמישער אײַנאָרדענונג פון די ייִדישע ארבעטנדיקע און דעקלאסירטער אָרעפקײַט. „דיסקאָנטירנדיק" דאָס אלץ, נעמט זיך דער קלאסן־סוינע פאר א געווער, וואָס איז שוין גענוג אויסגעניצט, נאָר איז נאָך גענוג געפערלעך אין די באַדינגונגען פון פארשארפטן קלאסן־קאמף, — דאָס איז דער ארגומענט פון „אסימיליאציע".

די ייִדישע נאצדעמאָקראטן און שאָוויניסטן מעלדן: „איר רעדט וועגן דערגרייכונגען פון דער נאצפּאָליטיק, נאָר אינדערעמעסן פארווירקלעכט איר ניט קיין שום נאצפּאָליטיק און אנטוויקלט ניט די נאציִאָנאלע קולטור, נאָר פארקערט — איר רוּינירט דידאָזיקע קולטור, איר פירט דורך די פּאָליטיק פון אסימיליאציע (צונויפגיסונג) פון די ייִדישע מאסן מיט דער ארומיקער באפעלקערונג, איר נעמט אָפּ בא דידאָזיקע מאסן די מעגלעכקײַט אנטוויקלען זיך און וואקסן אין קולטורעלער הינזיכט". אָט וועגן וואָס עס האָבן גענומעןריידן די ייִדישע שאָוויניסטן פאר דער לעצטער צײַט! זייער מיין איז אינגאנצן א קלאָרער, זיי ווילן זאָגן, אז דאָס מאסאָווע ארײַנדרינגען פון דער ארבעטער־יוגנט אין דער אינדוסטריע, די אינטערנאציִאָנאליזאציע פון די קאָלווירטן, דער שטראָם פון די ייִדישע ארבעטער אין די אינדוסטריִעלע צענטערס פון אונדזער פארבאנד — דידאָזיקע אלע פּראָצעסן, וואָס ציען ארײַן די ייִדישע ארבעטנדיקע אין דער סאָציִאליסטישער בויונג, ווילן זיי קאָמפּראָמעטירן, דערווײַזנדיק, אז דערדאָזיקער פּראָצעס האָט אין זײַן אומפארמײַדלעכן רעזולטאט די אסימיליאציע פון די ייִדישע מאסן. די ייִדישע שאָוויניסטן מונטערן מיט דעם אוף דעם נאציִאָנאליסטישן געפיל און פּרווון מיט דעמדאָזיקן „נײַעם" ארגומענט אָפּקילן דעם ענטוזיאזם צו דער סאָציִאליסטישער בויונג, וואָס כאפּט ארום אלץ מער און מער די ברייטע מאסן פון די ייִדישע ארבעטער און ארבעטנדיקע. אין דער הינזיכט איז זייער כאראקטעריסטיש דער בריוו פון איינעם בערמאן, וואָס איז אדרעסירט אפן נאָמען פון פאָלקאָמבילד אין ווײַסרוסלאַנד. דער בריוו טראָגט דעם נאָמען „די פראגע וועגן דער ייִדישער שפּראך" און איז אָנגעשריבן אין רוסיש. דער מעכאבער מעלדעט: „די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט אונדז געגעבן נאָר ברויט, אָבער זי האָט אונדז ניט געגעבן, ווי עס ווײַזט זיך ארויס, ניט קײַן אידעאלן, ניט קיין אכטונג מיצאד די אנדערע פעלקער, ניט קיין גלײַכבארעכטיקײַט, ניט קיין גלײַכבארעכטיקײַט". וואָס יאָמערט אזוי דער „פאָרשטייער פון ייִדישן פאָלק"? ווײַזט זיך ארויס, אז די זאך איז אָט אין וואָס: „אונדז — זאָגט ער ווייטער — פעלט דאָס, וואָס עס האָבן אנדערע פעלקער... 1) אן אייגענע שפּראך, 2) מעלוכע־געפארלאָזיקײַט". עס קומט פאָר, טײַנעט ער, א קולטורעלע און פּאָליטישע אסימיליאציִע פון די ייִדן, דערפאר — נידער מיט דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע! און אָט איז אײַך די פּראָגראם פונעם דאָזיקן „קאָרעספּאָנדענט": „ס'איז נויטיק, — לייגט ער פאָר — אריבערפירן אלע ייִדפעדטעכניקומען אף דער

העברעיִשער שפּראַך, שאַפן אַ ייִדישע וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, אין וו.ס.ס.ר., ייִדישע מיליטער־שולן, אַ ייִדישע אַרמיי. אַנדערש וועט פון אונדז, ייִדן, אין 10 יאָר אַרום קיין זייכער ניט בלײַבן". אַ פאַנאַנדערגעוויקלטע פּראָגראַם פון ייִדישן נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיזם, ניט עמעס? געבויט איז די דאָזיקע פּראָגראַם אף דער רעוויזיע פון דער סאָוועטן־אָרדענונג פון שטאַנדפּונקט פון דער נאַצפּאָליטיק, זי „באַזירט זיך" אף דעם, אַז סאָוועטנמאַכט פירט די פּאָליטיק פון „אַסימילירן דעם ייִדישן פאָלק".

קאָמענטירן די געבראַכטע ציטאַטן איז ניט נויטיק. זייער מיין איז אַ קלאָרער, נאָר ס'איז אויך קלאָר פונעם דאָזיקן בריוו אַ צווייטער פאַקט, וואָס קען ניט אָפּגעלייקנט ווערן, נעמלעך, אַז דער ייִדישער שאָוויניזם האָט פאַרלאָרן זײַן באַזע און זוכט אַ נײַעם געווער. און אינדערעמעסן: דער שטאַרקסטער קלאַפּ איבערן שאָוויניזם איז דער פאַקט, וואָס די אַרבעטנדיקע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג (קוסטאַרן א.א.וו.) האָבן זיך עקאָנאָמיש און מאַטעריעל אײַנגעאָרדנט און אָרדענען זיך אײַן אף דער באַזע פון אָנגרײַפנדיקן סאָציאַליזם איבערן גאַנצן פראָנט, אַז עס וואַקסט די קולטור־בויונג א.א.וו. מיט דעם, וואָס עס זײַנען קאָמפּליצירטער געוואָרן די אויפגאַבעס פון קולטורעלן באַדינען און פּאָליטישן דערציען די נײַע קאַדרען ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אַפן געגעבענעם עטאַפּ, וויל זיך באַנוצן דער קלאַסן־סוינע; ניט אָפּזאָגנדיק זיך פון זײַן קאַמף בִּכלל, פאַרשטאַרקט ער זײַן אָנגריף אַפן קולטור־פראָנט. דערפאַר איז נויטיק פאַנאַנדערשיפרירן דעם סוינע און געבן אים דעם געהעריקן ווידערשטאַנד, אויפדעקנדיק דעם טאָך פון די דאָזיקע דראָשעס וועגן אַסימיליאַציע א.א.וו. דער בעסטער געווער פון קאַמף איז דאָ אונדזער טעטיקײַט צו פאַרשטאַרקן די קולטורעלע און מאַסן־דערציִערישע אַרבעט פון די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע מאַסן צוגלײַך מיט דער עקאָנאָמישער אַרבעט. דאָ האָבן מיר אַ ריי גלענצנדיקע באַשלוסן פון צק ק.פּ.(ב)וו. קעמפנדיק פאַרן דורכפירן די דאָזיקע דירעקטיוון, קעמפנדיק קעגן דעם ייִדישן שאָוויניזם, איז נויטיק מיט דער גאַנצער אומבאַראַכמאָנעסדיקײַט שלאָגן איבער די, וועלכע נעמען אַפן וואָרט אָן דידאָזיקע רעזאָליוציִעס, נאָר טוען ניט דאָס נויטיקע, קעדיי דורכפירן זיי אין לעבן און פירן אף אַזאַ אויפן אַ צווייפּענעמדיקע פּאָליטיק, וואָס לאָזט איבער אַ שפּאַרונע פאַרן קלאַסן־סוינע.

---

ל. ראָזענהויז.

# דער קריזיס פון ענגלישן אימפעריאליזם און די שלעכטע געשעפטן פון זיינע ציאָניסטישע אגענטן.

די לעצטע צוויי יאָר זיינען געווען יאָרן פון קריזיס פארן ענגלישן אימפעריאליזם, וועלכער קייקלט זיך באַרג־אראָפּ. עס איז ניט רויק אין אינדיע, עס שטרעבן צו אומאָפּהענגיקייט און אָפּצורייסן זיך פון ענגלאנד קאנאדע און דאָרעם־אפריקע; עס וואקסט אָן די רעוואָליוציאָנערע כוואליע אין כינע, און דאָס פארשמעלערט דעם אָפּזאץ־מארק פון דער ענגלישער בורזשואזיע.

די אזויגערופענע ענגלישע „ארבעטער"־רעגירונג זוכט צו ראטעווען דעם ענגלישן אימפעריאליזם. זי האָט דאָס געגלויבט עס צו דערגרייכן אף דעם וועג פון פשאָרעס מיט דער היימישער בורזשואזיע פון די קאָלאָניאלע לענדער.

בייס מאקדאָנאלד איז נאָך געווען אין אָפּאָזיציע, האָט ער ניט געקארגט קיין צוזאָגן פאר קיינעם. ער האָט פארשפּראָכן צו געבן אינדיע דאָס רעכט פון א דאָמיניאָן, אופּצושטעלן דעם עגיפּטישן פארלאמענטאריזם און צו ליקווידירן די ארבעטלאָזיקייט אין ענגלאנד גופא. אפילע פאר די ציאָניסטן האָט ער אויך געהאט א גוטן צוזאָג—ער האָט זיי פארשפּראָכן צו העלפן אופבויען א יידישע מעלוכע אין פאלעסטינע.

איצט איז מאקדאָנאלד בא דער מאכט, און פון אלע זיינע צוזאָגן האָט זיך אויסגעלאָזן א טייך.

די לעצטע קאָנפערענץ פון דער בריטישער אימפעריע איז געווען א דורכפאל פון ענגלישן אימפעריאליזם. קאנאדע און דאָרעם־אפריקע האָבן געגעבן אָנצוהערעניש, אז זיי וועלן זיך רעכענען אין דער ערשטער שורע מיט די אייגענע אינטערעסן און ניט מיט דער אימפעריע. די אונטערהאנדלונגען מיט די עגיפּטישע נאציאָנאליסטן זיינען איבערגעריסן געוואָרן און דער ענגלישער אימפעריאליזם מוז זיך ווייטער שטיצן נאָר אף דעם קעניג פואד און אף א דינעם פעאָדאלן און גרויסבורזשואזן שיכט. צו דער קאָנפערענץ באם רונדן טיש, אף וועלכער עס דארף געלייזט ווערן דער שיקזאל פון אינדיע, זיינען געקומען נאָר די ראדזשעס און די אולטרא־רעאקציאָנערע טיילן פון דער אינדישער גרויסבורזשואזיע.

עס גייען שלעכט די געשעפטן פון אימפעריאליסטישן באלעבאָס און דערפון ליידט נעבעך זיין ציאָניסטישער מעשאָרעס. מאקדאָנאלד האָט פארגעסן זיינע צוזאָגן און, זייענדיק טריי זיין שיטע, זוכט ער צו געפינען א בעשוטפעסע שפּראך מיט די אראבישע עפענדיס און מיט דער אראבישער היימישער בורזשואזיע. דאָס איז אים נויטיק, קעדיי אָפּצוהאלטן די אנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אין פאלעסטינע און קעדיי צו קענען צוווארפן א ביינדל די מוסולמענער אין אינדיען.

אָנגעהויבן האָבן זיך די ציוניסטישע אומגליקן מיט די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע אין אויגוסט 1929 יאָר. די פּאַלעסטינער ענגלישע אדמיניסטראַציע האָט געפּילט און געזען, ווי עס וואַקסט אָן און פאַרשטאַרקט זיך די אומצופרידנקײַט פון די אראַבישע פעלאַכן, וועלכע ווערן פאַרטריבן פון זייער באָדן און ווערן ארבעטלאָז, אדאַנק דער פּאָליטיק פון ענגלישן אימפּעריאַליזם און אדאַנק דער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע. די בלוטיקע אויגוסט־געשעענישן זײַנען געווען אן אויסדרוק פון דידאָזיקע אָנוואַקסנדיקע רעוואָלוציאָנערע שטימונגען פון די אראַבישע ארבעטנדיקע. דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם האָט זיך אָבער אײַנגעגעבן אָפּצווענדן דעם צאָרן פון די אראַבישע מאַסן מער קעגן דעם ציאָניזם, ווי קעגן דער ענגלישער בורזשואַזיע, דאָס איז שוין געווען א גרויסער געווינס פאַר אים.

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האָט דערגרייכט זײַן ציל, ער האָט אָנגערייצט די ייִדן און די אראַבער איינע קעגן די אנדערע און איצט איז געקומען זײַן צײַט ארויסצוטרעטן אין דער דאַנקבאַרער ראָל פון אן אומפּאַרטייִשן דריטן, פון א בוירער, וועלכער זוכט צו ברענגען שאָלעם אין לאַנד. אין פּאַלעסטינע איז געשיקט געוואָרן די באַרימטע שאָו־קאָמיסיע. די מערהײַט פון דערדאָזיקער קאָמיסיע האָט זיך ארויסגעזאָגט אין דעם זין, אז גערעכט זײַנען געווען די אראַבער, ווײַל די ציאָניסטן האָבן זיי פּראָוואָצירט מיט זייער גאַנצער פּאָליטיק.

אַף די ציאָניסטן איז געוואָרפן געוואָרן די גאַנצע שולד פאַר די לײַדן און פּײַן פון אראַבישן פעלאַך, ווען בעעמעס האָט דעם גרעסטן כיילעק אין דעם געהאַט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, און די ציאָניסטן האָבן נאָר אויסגעפירט זײַן שליכעס.

דער ענגלישער אימפּעריאַליזם וואָלט אָבער ניט פאַרבליבן טרײַ זיך אליין, ווען ער וואָלט ניט לאָזן א שטראַל פון האָפענונג אויך פאַר די ציאָניסטן. דער מיטגליד פון דער שאָו־קאָמיסיע און דעפּוטאַט פון דער לייבאָר־פּאַרטיי סנעל האָט דערפאַר געמאַכט זײַנע באַמערקונגען צו דעם באַריכט פון דער קאָמיסיע. אין דידאָזיקע באַמערקונגען האָט ער אָנגעוויזן, אז די ייִדן האָבן געבראַכט גרויס נוצן פּאַלעסטינע און אז מען דאַרף שטיצן דעם אופבוי פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער היים.

אַלץ איז, הייסט דאָס, געווען אין אָרדענונג. די רעגירונג־קאָמיסיע פון זײַן מאַיעסטעט, דעם ענגלישן קעניג, האָט זיך ארויסגעזאָגט פאַר די אראַבער. דער דעפּוטאַט אָבער און פאָרשטייער פון דער רעגירנדיקער אין ענגלאַנד פּאַרטיי האָט זיך ארויסגעזאָגט פאַר די ציאָניסטן!

די ציאָניסטן האָבן פּראָטעסטירט קעגן באַריכט פון דער שאָו־קאָמיסיע און געזוכט יוישער בא דער פעלקער־ליגע.

און ווונדער זײַנען געשען. די מאַנדאַט־קאָמיסיע פון דער פעלקער־ליגע, וועלכע טוט קיינמאָל ניט א ריר מיט א פינגער אָן דעם העסקעם פון אלוועלטלעכן אימפּעריאַליזם, האָט זיך ארויסגעזאָגט גאַנץ שאַרף קעגן דער ענגלישער פּאָליטיק אין פּאַלעסטינע און האָט אָנגעוויזן, אז די ענגלישע רעגירונג איז פאַרפליכטעט אָנצונעמען רעאַלע טריט, קעדיי צו פאַרווירקלעכן דעם מאַנדאַט. די ציאָניסטן האָבן געטרומייטערט און געבלאָזן אין די שויפּרעס: „עס זײַנען נאָך פאַראַן ריכטער אין בערלין און יוישער אין דער פעלקער־ליגע״! בעעמעס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט א פּאָשעטע קאָמעדיע און א קליינע אינטריגעלע פון פראַנקרײַך און איטאַליע קעגן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם.

און אָט איז געקומען דער טאָג פון יון 1930־טן יאָר, ווען דער ענגלישער קאָלאָניאַל־מיניסטעריום האָט אָפּגעשטעלט די סערטיפיקאַטן־עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע. דערדאָזיקער אַקט איז געקרוינט געוואָרן מיצאַד די ציאָניסטן אלס גזיירעס־פּאַסיפילד. מע דאַרף וויסן, אז א סערטיפיקאַט באַדײַט א דערלויבעניש אַף ארײַנצופאָרן אין פּאַלעסטינע פאַר די כאַלוצים. די ציאָניסטן האָבן אופגעהויבן אין אייראָפּע און אמעריקע א גרויסע פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן דערדאָזיקער גזירע. זיי האָבן געדראָט אפילע איבערצורײַסן מיט ענגלאַנד.

אין רעזולטאט איז אין פּאַלעסטינע געשיקט געוואָרן פון דער ענגלישער רעגירונג דער סער סימסאָן, וועלכער איז באַוווּסט אַלס ספּעציאַליסט אין קאָלאָניזאַציע־איניאַנים, ווייל ער האָט אָנגעפירט מיט דער קאָלאָניזאַציע פון די גריכן, וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון טערקיי. דער סער סימסאָן האָט דאָס געדאַרפט אויספאָרשן די לאַגע אין פּאַלעסטינע און ברענגען אַ ריכטיקן ענטפער.

אין אָקטיאַבער 1930־טן יאָר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער אומגעדולדיק־דערוואַרטער באַריכט פון סימסאָנען און דאָס נייע „ווייסע בוך" פון דער ענגלישער רעגירונג.

סיי דער סימסאָן־באַריכט און סיי דאָס „ווייסע בוך" זיינען דאָקומענטן פון אימפּעריאַליסטישער צוויעס און אָפּנאַרעריי.

סער סימסאָן האָט מיטאַמאָל אַנטדעקט דאָס, וואָס איז נאָך פריער אַלעמען געווען באַוווּסט, אַז אין פּאַלעסטינע איז ניטאָ קיין פרייער באָדן. ער האָט אַנטדעקט, אַז 30 פּראָצ. אַראַבישע פעלאַכן זיינען פולשטענדיק באָדנלאָז, און אַז די אינדוסטריע האָט ניט קיין שום אויסזיכט אין לאַנד.

באַזונדערס קאָמיש איז, ווען דער פאָרשטייער פון די ענגלישע הערשנדיקע קלאַסן, דער סער סימסאָן, טרעט אַרויס אין זיין באַריכט קעגן דער נאַציאָנאַליסטישער און שאָוויניסטישער פּאָליטיק פון דער „היסטאַדרוט". דער ענגלישער סער לערנט די כאַווערים פון מאַקדאָנאַלדן פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אַז זיי פירן זיך אויף ניט גאָר „סאָציאַליסטיש", ווען זיי פאָדערן, „אַז די יידישע קאָלאָניסטן זאָלן אָפּזאָגן די אַראַבישע אַרבעטער און באַשעפטיקן נאָר יידישע".

דוכט זיך, עס איז אַזוי גוט, אַז עס קען גאָר בעסער ניט זיין! דער ענגלישער אימפּעריאַליסטישער וואָלף איז געוואָרן אַ באַלטשוווע און פאַרטיידיקט די אָרעמע פעלאַכן קעגן דער יידישער בורזשואַזיע.

דידאָזיקע גוטסקייט דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס, ווי ס'ווייזט אָן ווייטער דער סימסאָן־באַריכט, בילדן די אַראַבער, וואָס פאַרלירן זייער באָדן, אַן אומצופרידענעם עלעמענט, וואָס דראָט דער רויקייט אין לאַנד. די ענגלישע לאָרדן, און סערן, און סאָציאַל־פאַשיסטן ווייסן גאַנץ גוט, אַז קאָלומאַן עס עקזיסטירט דער קאַפּיטאַליזם, אַז קאָלומאַן עס הערשט דער אימפּעריאַליזם, וואַקסט און פאַרגרעסערט זיך די פאַראָרעמטקייט פון די מאַסן, באַזונדערס אין די קאָלאָניאַלע לענדער. דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם לוינט אָבער אָפּצוווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די אַראַבישע מאַסן פון דעם הויפּט־שולדיקן און אַרויסצושטעלן די ציאָניסטן אַלס די איינציק פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר די ליידן און פּיינען פון פעלאַך.

אַן ענגלישער סער קען אָבער לאַנג ניט אויסהאַלטן די צוויעסדיקע ראָל פון אַ פאַרטיידיקער פון דער אָרעמקייט. דער באַריכט גיט זיך אַרויס מיטן קאָפּ, ווען ער קלאָגט זיך אויף דעם, אַז „די יידישע עמיגראַנטן, וואָס קומען אַריין אין לאַנד לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער „היסטאַדרוט", זיינען אָנגעשטעקט, אַ שרעק, מיט באָלשעוויזם!..

אָט דאָ ליגט טאַקע דער הונט באַגראָבן. ס'איז גאַנץ ריכטיק, אַז די אַנטוישטע פעלאַכן און די אָפּגענאַרטע כאַלוצים הויבן אָן צו ווערן אַ סאַקאָנע פאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער ציאָניזם איז ניט קיין גאַראַנטיע קעגן באָלשעוויזם און אַז די כאַלוצים, וואָס אַרבעטן אָפּ עטלעכע יאָר בײַ די יידישע באַלעבאַטים, הויבן אָן צו דערזען דעם עמעס.

דער סימסאָן־באַריכט זאָגט זיך אַרויס דערפאַר צווישן די שורעס פאַר אַ באַלעגופישער קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע, אָדער, ווי ס'דריקן זיך אויס די „היסטאַדרוטניקעס", פאַר אַ בויאַז־קאָלאָניזאַציע. אין פּאַלעסטינע דאַרפן פאָרן נאָר די יידישע געוועזענע באַלעבאַטים, וואָס דאַרפן דאָרטן ווערן שטאַרקע פויערים און באַשעפטיקן אַראַבישע אַרבעטער, און דינען אַלס שטיצע פאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם.

דאָס „ווייסע בוך" פון פּאַסיפילדן גייט אָבער ווייטער פאַרן סימסאָן־באַריכט.

ער

שטרײַכט אונטער אין א געגנוג פּאָפּוליערער פאָרם, אז די אַלע ריידענישן וועגן א נאציאָנאלער היים זײַנען נאָר פלאפלערײַען. פּאַלעסטינע איז א קליין לאנד, אין וועלכן ס'איז ניטאָ קײַן אָרט, אפילע פאר דער אָרטיקער אראבישער באפעלקערונג. ענגלאנד האָט אירע אייגענע זאָרגן און איר לוינט ניט איצט, אין די ביטערע רעוואָליוציאָנערע צײַטן, אײַנצור־רײַסן שטארק מיט די אראבער. דאָס „ווײַסע בוך" זאָגט אָן, אז ענגלאנד גרייט זיך אײַנצופירן אין פּאַלעסטינע א זעלבסטפארוואלטונג. עמעס, דידאָזיקע זעלבסטפארוואלטונג טראָגט א קאריקאטור־כאראקטער. די אזויגערופענע „געזעצגעבערישע" פארזאמלונג, מיט וועלכער דער ענגלישער אימפּעריאַליזם גרייט זיך צו באשענקען פּאַלעסטינע, וועט באשטיין פון צען באשטימטע מיטגלידער און 12 אויסגעווײלטע. פון די 12 אויסגעווײלטע וועלן 3 זײַן מאכמעדאנישע אראבער, 2 קריסטלעכע אראבער און 2 ייִדן. דער צוזאמענשטעל איז אזא, אז די באשטימטע מיטגלידער וועלן שטענדיק קענען בילדן א מערהײַט בעשוטפעס, אָדער מיט די ייִדן, אָדער מיט די אראבער. די ענגלישע אימפּעריאַליסטישע אדמיניסטראציע וועט שוין זאָרגן, און די ציאָניסטן וועלן איר דערין העלפן, אז די אראבער און ייִדן זאָלן זיך ניט פאראייניקן אין אן איינהײַטלעכער אָפּאָזיציע קעגן דעם ענגלישן אימפּעריאַליסטישן רעזשים.

דידאָזיקע „געזעצגעבערישע פארזאמלונג" האָט געוואָרפן א שרעק אף די ציאָניסטן: סטײַטש, ווי קען מען דערלאָזן, אז זי, די ציאָניסטישע הערשנדיקע נאציע, זאָל זײַן א מינדערהײַט אין דער ערשטער „געזעצגעבערישער" אינסטיטוציע פון הייליקן לאנד!

אלס ענטפער האָבן די ציאָניסטן אָרגאניזירט דעמאָנסטראציעס קעגן ענגלאנד, זיי האָבן מאָביליזירט די קליינבירגערלעכע מאסן צו פּראָטעסט־אקציעס קעגן דעם ענגלישן פּאראט. דער ציאָניסטישער אקציאָן־קאָמיטעט דערקלערט, „אז דאָס „ווײַסע בוך" באדראָט די יעסוידעס פון א נאציאָנאלער היים אין ערעץ־ייִסראָעל".

דער פירער פון דער „היסטאדרוט" בען־גוריען שרײַט פארביטערט אויס: „עס איז נאָך קיינמאָל ניט אופגעהויבן געוואָרן אזוי די האק ווי דאָסמאָל, ניט נאָר אף אָפּצוהאקן דעם צווײַג, נאָר קעדיי ארויסצורײַסן דעם בוים מיטן וואָרצל".

פארשטייט זיך, אז דידאָזיקע אלע געשרייען וואָלטן מאכן א קנאפּן אײַנדרוק אפן ענגלישן אימפּעריאַליזם, ווען ער וואָלט זיך ניט נויטיקן אין די ציאָניסטן.

אין דער צײַט, ווען מאקדאָנאלד האָט אזוי ניט געלונגען, לויטן אויסדרוק פון בען־גוריענען „אויסגעריסן דעם בוים מיטן וואָרצל", האָבן די ענגלישע קאָנסערוואטאָרן און ליבעראלן געוואָלט, אז די שפּיל אין קאָך און מויז אין פּאַלעסטינע זאָל ווייטער פאָרגעזעצט ווערן, און האָבן געהאלטן, אז די ציאָניסטן קענען נאָך זײַן נוצלעך.

זייער כאראקטעריסטיש אין דעם זין זײַנען געוועזן די דעבאטן וועגן ציאָניזם, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין ענגלישן פארלאמענט. דער אלטער פוקס לויד־דזשאָרזש האָט אָפּן אָנגעוויזן, אז ניט צוליב די שיינע אויגן פון ווייצמאנען און ניט צוליב הויכע אידעאַלן איז ארויסגעלאָזן געוואָרן די באלפור־דעקלאראציע. אין א שווערער צײַט האָבן די ציאָניסטן, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט לויד־דזשאָרזש, ארויסגעוויזן זייער טרײַשאפט דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם און האָבן געדינט זײַנע אינטערעסן. זייער כאראקטעריסטיש איז געווען אויך, וואָס דעם ציאָניזם האָבן פארטיידיקט מיט פײַער און ברען די פאשיסטישע לידערס פון די קאָנסערוואטאָרן, עמערי און טשערטשיל. דער לעצטער האָט אפילע אָפּגעדרוקט אין אלע ייִדישע צײַטונגען אן ארטיקל קעגן דעם „ווײַסן בוך" פון פּאסיפילדן. מאקדאָנאלד האָט זיך פארטיידיקט בייס דער ציאָניסטישער דעבאטע אין ענגלישן פארלאמענט גאנץ אײנפאך און פּאָשעט. ער האָט אָנגעוויזן, אז דאָס „ווײַסע בוך" פון פּאסיפילדן שיידט זיך פאקטיש ניט אונטער פון דעם „ווײַסן בוך" פון טשערטשילן און סאמועלן, וואָס איז פארעפנטלעכט געוואָרן אין 1922־טן יאָר. ער איז אין דעם אינגאנצן גערעכט. אן אונטערשייד איז אָבער דאָך פאראן, ווײַל דאָס „ווײַסע בוך" פון 1930־טן יאָר זאָגט ארויס אין א פּאָפּוליער־

רער, פאר אלעמען פארשטענדלעכער שפראך דאָס, וואָס דאָס „ווײַסע בוך" פון 1922 י. האָט ארויסגעזאָגט אף א פארשטעלטן דיפּלאָמאטישן לאָשן. דאָס האָט טאקע ארײַנגעבראכט אין צאָרן ווייצמאנען, ווײַל דאָס לעצטע „ווײַסע בוך" האָט באוויזן די ברייטע ייִדישע מאסן, אז ער איז געווען אן אגענט פון ענגלישן אימפּעריאַליזם און ניט קיין „דערלייזער" פון אן אונטערדריקטן פאָלק. דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האָט ארויסגעגעבן, צעשיפּערירט דעם אייגענעם אגענט.

אין ציאָניסטישן לאגער הערשט א קאצן־יאָמער און די פארשיידענע ציאָניסטישע פּראקציעס זוכן פארשיידענע וועגן, ווי צו געפינען אן ארויסגאנג פון דער ביטערער לאגע. קאָנסעקוועטער פאר אלעמען זײַנען די רעוויזיאָניסטן: זשאבאָטינסקי האָט דערקלערט, „אז עס איז ניטאָ קײַן מעגלעכקײַט פון שאָלעם צווישן די ייִדן און אראבער, ווײַל עס קען ניט זיין קײַן שאָלעם צווישן א קאָלאָניזאטאָר און אן אײַנגעבאָרענעם. אין דער גאנצער מענטשלעכער געשיכטע איז ניט באקאנט א פאל, אז עס זאָל געמאכט ווערן קאָלאָניזאציע מיט דער צושטימונג פון די אײַנגעבוירענע".

אף די פאָרוורפן פון סאָציאַל־פאשיסט פאסיפילד, אז עס איז ניט שיין, וואָס די ציאָניסטן אין פאלעסטינע אגיטירן, אז ייִדן זאָלן באנוצן נאָר ייִדישע ארבעט, ענטפערט זשאבאָטינסקי, „אז אין דער ענגלישער קאָלאָניע קיענא אין אפריקע איז פאראן א טאקאָנע, אז יעדער ענגלענדער, וועלכער באקומט ערד, מוז זיך אונטערשרײַבן, אז ער טאָר זי ניט פארקויפן א שווארצן. אין די ענגלישע קאָלאָניעס פון דאָרעם־אפריקע פארווערן די געזעצן אָנצונעמען אף עפנטלעכע שטעלעס שווארצע, געלע און אפילע מולאטן.

די רעוויזיאָניסטן דראָען אויך, אז דאָס „ווײַסע בוך" קען ברענגען דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם מער צאָרעס, ווי פאסיפילד מיינט. דער רעדאקטער פון „דויר האיום" קומט צום אויספיר, אז „עס איז ניט ווײַט די צײַט און דער טאָג, ווען עס וועט קומען צו א מילכאָמע צווישן ענגלאנד און אינדיע, אָדער צווישן ענגלאנד און רוסלאנד, דאן וועט די ציאָניסטישע הילף און אָנטייל קענען האָבן א גרויסע באדײַטונג פאר ענגלאנד".

קלאָר און דייטלעך! פאָן־ווײַזל ווײַזט אָן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, אז בייס א מילכאָמע מיטן סאָוועטן־פארבאנד קענען די ציאָניסטן פון פוילן און אמעריקע שפּילן א גרויסע ראָל. ער ווײַזט אויך אָן, אז די ענגלישע רעגירונג וועט ניט פארלעשן דעם רעוואָליוציאָנערן פײַער מיט פּשאָרעס, און ווען עס וועט נאָר אויסברעכן א שטארקע רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אין אינדיע, וועט זיך אָנצינדן דער נאָענטער מיזרעך. דער איינציקער קויעך, אף וועלכן עס וועט זיך דאן קענען שטיצן דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, וועלן פארבלײַבן די ציאָניסטן, וועלכע מע שפּײַט איצט אין דער קאשע ארײַן.

דאָס אלץ קען מען גרינג אויסלייענען צווישן די שורעס פון זשאבאָטינסקיס און דאָקטער פאָן־ווײַזעלס ארטיקלען.

דער פירער פון דער „היסטאדרוט", בען־גוריען, דראָט ענגלאנד, אז אויב ס'וועט אזוי ווײַטער גיין, וועלן זיך די ייִדן פארייניקן מיט די אראבער קעגן ענגלאנד. עס איז זייער שיין צוצוזען, ווי דידאָזיקע צוויי זײַלן פון צווייטן אינטערנאציאָנאל, די געערטע סאָציאַל־פאשיסטן און טרײַע דינער פון דער אייגענער בורזשואזיע, בען־גוריען און מאקדאָנאלד, לערנען איינער דעם צווייטן אינטערנאציאָנאליזם. יעדערער פון זיי איז אן אינטערנאציאָנאליסט אף יענעמס כעשבן און א שווארצער שעבעשווארצער נאציאָנאליסט, ווען ס'האנדלט זיך וועגן די אינטערעסן פון דער אייגענער בורזשואזיע.

די אלגעמיינע ציאָניסטן זײַנען פיל ניכטערער און מעסיקער פאר די רעוויזיאָניסטן און „היסטאדרוטניקעס". די ייִדישע בורזשואזיע האָט קיינמאָל ניט געגלויבט אין דער אזויגערופענער ייִדישער מעלוכע. די ציאָניסטישע ייִדישע בורזשואזיע האָט נאָר געשטרעבט ארײַנצוכאפּן זיך אפן נאָענטן מיזרעך און ראטעווען זיך דאָרטן פון רעוואָליוציאָנערן שטורעם. די ייִדישע בורזשואזיע טרוימט וועגן די נאפט־רערן, וואָס ווערן געפירט פון מאָסול ביז

כייפע. זי כאָלעמט וועגן די כעמישע אויצרעס פון יאם־האמעלעך און זי גלויבט, אז איר וועט זיך אײַנגעבן צו ווערן א פארמיטלערן צווישן דעם אײראָפעיִשן און אמעריקאנער קאפיטאליזם און די מערק פון סיריען, מעסאָפּאָטאמיע און עגיפּטן. פאר דעמדאָזיקן אידעאל איז זי גרייט צו פארקויפן די אינטערעסן פון די ברייטע ייִדישע קלײנבירגערלעכע מאסן.

אירע טרוימען זײַנען אָבער אויך ניט מער, ווי אן אוטאָפּיע. איינע פון די סיבעס פון ברוגעז צווישן דעם ענגלישן אימפעריאליזם און בורזשואזן ציאָניזם איז טאקע דאָס, וואָס דער ענגלישער בארג־אראָפּ־אימפעריאליזם שרעקט זיך טאקע, אז די ייִדישע בורזשואזיע וועט פארקלענערן זײַנע רעוואָכים אף די מערק פון פאָדער־אזיע.

ווי עס זאָל ניט זײַן, פארשטייען די אלגעמיינע ציאָניסטן, אז זיי קענען זיך שטיצן נאָר אפן ענגלישן אימפעריאליזם. ווייצמאן פאָדערט נאָר איין זאך, אז עס זאָל בלײַבן אין קראפט דאָס „ווײַסע בוך" פון טשערטשילן.

די אלגעמיינע ציאָניסטן האָבן זיך ניט באנוגנט מיט די ריין ייִדישע פּראָטעסטן, נאָר האָבן אויך מאָביליזירט זייערע גוטע פרײַנט אין פוילן און רומעניע. די פוילישע פאשיסטן האָבן זיך אָנגענומען פארן ייִדישן קאָוועד און פּראָטעסטירט קעגן דער באגרענעצונג פון דער ייִדישער עמיגראציע קײַן פאלעסטינע.

עס איז דאָך באוווסט, אז לויט דער ציאָניסטישער טעאָריע זײַנען אין פוילן פאראן 2 מיליאָן איבעריקע ייִדן, און ווו זאָל מען זיי אהינטאָן, אויב ניט אין פאלעסטינע? איי וואָס, אין פאלעסטינע איז ניטאָ קײַן אָרט, איז וועמען ארט עס, אויב די ייִדן אליין ווילן דאָס.

איין זאך איז אָבער קלאָר, אז די ענגלישע סאָציאל־פאשיסטישע רעגירונג איז מיִעס דורכגעפאלן מיט איר „ווײַסן בוך". מאקדאָנאלד האָט געוואָלט אופריכטיק דינען די אינטערעסן פון די ענגלישע הערשנדיקע קלאסן. ער האָט דאָס אָבער געטאָן אזוי ניט געשיקט, אז, ווי מיר האָבן געזען, זײַנען טשערטשיל און לויד־דזשאָרזש געווען גענייט זיך פון אים אָפּצושאָקלען.

בעעמעס, צוליב וואָס איז געווען דער גאנצער טומל, ווען דאָס „ווײַסע בוך" פון 1930־טן יאָר בײַט פאקטיש גאָרנישט ניט און שטויסט נאָר אָפּ א געטרײַען מעשאָרעס, וועלכער קען צוגוץ קומען אין שלעכטע צײַטן, בייס א רעוואָליוציע אין אינדיע אָדער אן אינטערווענץ קעגן סאָוועטן־פארבאנד!

מאקדאָנאלד אקשנט זיך ניט, און האָט זיך געזעצט באם רונדן טיש אויך מיט די ציאָניסטן. צווישן דער רעגירונג פון מאקדאָנאלדן און דעם ציאָניסטישן אקציאָן־קאָמיטעט און ייִדישער אגענץ ווערן איצט געפירט אונטערהאנדלונגען וועגן דער אויסטײַטשונג פון „ווײַסן בוך", כאָמש די ציאָניסטן מאכן אן אָנשטעל, אז וועגן דעמדאָזיקן גזיירע־דאָקומענט ווילן זיי אפילע ניט דיסקוטירן. עס וועט זיך מיסטאָמע ענדיקן מיט דעם, אז אלץ וועט בלײַבן, ווי געווען. דער ענגלישער אימפעריאליזם וועט פאָרזעצן זײַן בלוטיקע שפּיל און אָנרייצן די ייִדן אף די אראבער, און פארקערט.

דאָס „ווײַסע בוך" איז אָבער א דאָקומענט, וואָס קען ניט פארשווינדן אָן א שפּור און אויסגעמעקט ווערן אינגאנצן פון זיקאָרן פון די ברייטע אראבישע און ייִדישע מאסן. ער האָט צופיל אויסגעזאָגט פון כיידער און מען קען ניט אומקערן א וואָרט, וואָס איז ארויסגעפלויגן. די אראבישע פעלאכן וועלן, שטיצנדיק זיך אפן „ווײַסן בוך", פאָדערן ערד. די ברייטע ציאָניסטישע קלײנבירגערלעכע מאסן האָבן זיך איצט דערוווסט, אז פאלעסטינע איז א קליינע לאנד, אין וועלכן עס איז ניטאָ קײַן אָרט פאר א ברייטער עמיגראציע.

דאָס „ווײַסע בוך" האָט באוויזן און אונטערגעשטראָכן די נידערטרעכטיקײַט פון ענגלישן אימפעריאליזם, אוטאָפּישקײַט און קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן כאראקטער פון ציאָניזם. די דעבאטן אין ענגלישן פארלאמענט וועגן ציאָניזם און די פארביטערטע ארויסגעכאפּטע רייד פון דעם רעוויזיאָניסטישן דאָקטער פאָן־ווײַזל האָבן קלאָר באוויזן פאר אלעמען, אז די ציאָניסטן האָבן זיך פארפליכטעט צו העלפן דעם ענגלישן אימ־

פעריאַליזם, אין פאַל פון אַן אינטערווענץ קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד און, אין פאַל פון אַ רעוואָליוציע אפן נאָנטן מיזרעך. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט דעם ענגלישן אימפעריאַליזם צו פאַרשטעלן זיך, ווען עס האָט אים געדראָט אַ סאַקאָנע, מיט די קערפּערס פון די ציִאָניסטישע כאַלוצים און ייִדישע קליינבירגערלעכע מאַסן.

בא אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד האָט די גאַנצע טראַגי־קאָמעדיע און דער טאַראַראַם וואָס איז אופגעהויבן געוואָרן אַרום דעם „ווייַסן בוך“, ניט אַרויסגערופן קיין באַזונדער אינטערעס. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס דער ציאָניזם האָט שוין אופגעהערט צו זייַן אין סאָוועטנפאַרבאַנד אַ באַוועגונג. אין אַ לאַנד, וווּ עס בויט זיך דער סאָציִאַליזם, פאַרבלייַבט ניט קיין אָרט פאַר נאַציִאָנאַל־שאָוויניסטישע אוטאָפּיִעס. דאָך וואָלט זייַן קורצזיכטיק, ווען מיר וואָלטן פאַרבייַגעגאַנגען אַרום דעם קאַמף, וואָס פירט זיך איצט אַרום דעם „ווייַסן בוך“, ווייל דאָס, „ווייַסע בוך“ שפּיגלט מיט זיך אָפּ סיי דעם קריזיס פון ענגלישן אימפעריאַליזם, סיי דעם קריזיס פון ציאָניזם, און מיר קענען, פאַרשטייט זיך, צו דעם ניט זייַן גלייַכגילטיק.

אין פוילן, רומעניע, פּאַלעסטינע און אין די פאַרייניקטע שטאַטן האָט נאָך די ציִאָניסטישע אידעאָלאָגיע אַ גענוג גרויסע האַשפּאָע אף די ייִדישע קליינבירגערלעכע מאַסן. מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז אין פוילן און אין רומעניע, וועלכע גרענעצן זיך מיט אונדז, איז דער ציִאָניזם איינער פון די קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע קרעפטן, אף וועלכע עס רעכנט אויס דער פּוילישער פאַשיזם אין פאַל פון אַן אינטערווענץ קעגן סאָוועטנפאַרבאַנד.

אָט פאַרוואָס דער גאַנצער טאַראַראַם אַרום „ווייסן בוך“ דאַרף ברייט אויסגענוצט ווערן דורך אונדזערע ברידערלעכע קאָמוניסטישע פּאַרטייען, קעדיי אָראָפּצורייַסן די מאַסקע פון ענגלישן אימפעריאַליזם און פון קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערן ציאָניזם. עס דאַרף אָנגעוויזן ווערן אפן בייַשפּיל פון סאָוועטנפאַרבאַנד, אַז נאָר די סאָציִאַלע רעוואָליוציע קען באַפרייַען די אַרבעטנדיקע פון אַלע נאַציִעס.

די ציִאָניסטן שטייען איצט אף די קני פאַרן ענגלישן אימפעריאַליזם און בעטן זיך, ער זאָל זיי צוואַרפן אַ ביינדל, קעדיי זיי זאָלן קענען ווייַטער פאַרפירן די ייִדישע מאַסן. עס דאַרף אופגעדעקט ווערן ביזן סאָף די בלוטיקע שפּיל פון ענגלישן אימפעריאַליזם און דער כאַראַקטער פון קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערן פלירט פון ציִאָניזם מיטן פאַשיזם.

וואָס זייַנען עפּעס געוואָרן טשערטשיל, עמערי און באָלדווין אַזוינע גרויסע גוטע פריינט פון די ייִדישע מאַסן? פאַרוואָס עפּעס שטעלן זיך איין פאַרן ציִאָניזם די געוועזענע פּראַנצויזישע מיניסטאָרן, וואָס האָבן מיט אַ קורצער צייט צוריק געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער אַזוי־גערופענער „פּראָמפּאַרטיי“ פון ראַמזין עט קאָמפּאַניע?

אַ גוטן כוש צו די אינטערעסן פון אימפעריאַליזם האָבן אויך די סאָציִאַל־פאַשיסטן פון „בונד“, וועלכע האָבן דאַפּקע איצט גענומען זיך כיינדלען צום ציִאָניזם. דער הער ציוויען פון „פאָרווערטס“ איז אַרויס מיט אַן עפנטלעכער דערקלערונג, אַז ער איז מאַסקים מיט ווייצמאַנען, און די בונדיסטן האָבן קימאַט ווי אָפּגעשטעלט זייער קאַמף קעגן ציִאָניזם, וואָס האָט ביז איצט געדינט אַלס איינע פון די באַרעכטיקונגען פון זייער עקזיסטענץ. די מענשעוויקעס פון אַלע מינים האָבן דערפילט, אַז אַ צו גרויסער קלאַפּ פאַרן ציִאָניזם איז ניט אין זייערע אינטערעסן, און זיי האָבן דערום אין דידאָזיקע „שלעכטע צייַטן“ מיט זייער שווייַגן און ריידן געזוכט צו פאַרגרינגערן די לאַגע פון ציִאָניזם.

דער ציִאָניזם איז אַ קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערער קויעך, און דער קאַמף מיט אים שטייט דערום אפן טאָג־סיידער פון אונדזערע ברידערלעכע קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין יענע לענדער, ווו ער האָט נאָך אייַנגעהיט זיין האַשפּאָע. דאָס „ווייַסע בוך“ וועט שטאַרק פאַרגרינגערן דעמדאָזיקן קאַמף.

י. נוסינאָוו.

# פּראָבלעם פון ליטעראַרישער יערושע און די גרונט-ליטעראַרישע שולן.

(אַף דיסקוסיע־יעסוידעס).

איצט פירט שוין מער קיינער ניט קיינע וויקוכים, צי ס׳איז מעגלעך אָדער ניט מעגלעך אַ פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור. איצט שטייט שוין די פראַגע בלויז וועגן אירע קאָנקרעטע פאָרמעס, וועגן איר מעטאָד און וועגן אירע פּערספּעקטיוון. און איינע פון די גרונט־פּראָבלעמען, וואָס ווערט דאָ געשטעלט, איז די פּראָבלעם וועגן סטיל פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. נאַטירלעך, אַז ווען מע שטעלט די פּראָבלעם פון סטיל פון פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, מוזן מיר קומען צו דער פראַגע וועגן די גרונט־ליטעראַרישע שולן פון דער פאַרגאַנגענהייט—ראָמאַנטיזם, רעאַליזם און סימוואָליזם. די פראַגע וועגן ליטעראַרישע שולן פון דער פאַרגאַנגענהייט, וועגן די קלאַסיקער פון דידאָזיקע שולן האָט אַ גרויסן באַדייט סײַ אַף צו באַשטימען, וואָס און בײַ וועלכע קלאַסיקער האָבן זיך אונדזערע פּראָלעטאַרישע שרײַבער צו לערנען, סײַ ווען מיר באַטראַכטן די פראַגע, וואָס פון דער פריערדיקער ליטעראַטור דאַרף אַרויסגעגעבן ווערן איצט. אַנדערש גערעדט, דאָס איז די פּראָבלעם פון ליטעראַרישער יערושע, אַלס אַ פאַקטאָר פון שאַפן פון אונדזערע שרײַבער און פון דערציִונג פון אונדזער לעזער. קעדיי ריכטיק לייזן די פּראָבלעם פון ליטעראַרישער יערושע, ווי די פּראָבלעם, בײַ וועלכע קלאַסיקער דאַרפן זיך אונדזערע פּראָלעטאַרישע שרײַבער לערנען, איז נויטיק פריער פון אַלץ, זאָל זײַן אין גאַנץ אַלגעמיינע שטריכן, געבן אַן אָפּשאַצונג פון דערדאָזיקער יערושע.

די גאַנצע ליטעראַרישע יערושע, אַזוי צו זאָגן, אונדזער ליטעראַטור־ביבליאָטעק, וואָס מיר פאַרמאָגן פון דער פאַרגאַנגענהייט, קאָן אין גרונט צעטיילט ווערן אַף צוויי גרופּעס: ליטעראַרישע דענקמעלער,—שרײַבער, אַפילע גאַנצע ליטעראַרישע שולן, וואָס אונדזער ליטעראַטור קאָן זי בלויז קריטיש איבערווינדן, גיווער זײַן, ווי ליטעראַרישע דערשײַנונגען, וואָס זײַנען אונדז פרעמד, פײַנטלעך סײַ לויטן סאָציאַלן טאָך, סײַ לויט זייער סאָציאַלער פונקציע, וואָס זיי האָבן אויסגעפירט. דאָס איז איין גרופּע. די צווייטע גרופּע—ליטעראַרישע דענקמעלער, איינציקע שרײַבער, אָדער גאַנצע ליטעראַרישע שולן, וואָס מיר דאַרפן קריטיש אופנעמען, ווײַל זיי האָבן אין די אינטערעסן פון זייער קלאַס אויסגעפילט יענע סאָציאַלע אופגאַבעס, וואָס זײַנען אַף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אויפן אונדז נאָענט, און וואָס שטייען פאַר אונדז, האַגאַם אין אַ נײַער גרינטלעך פאַרענדערטער פאָרם. אָט די ליטעראַרישע דערשײַנונגען, די אָדער יענע עלעמענטן זייערע קענען אופגענומען און אויסגענוצט ווערן דורך אונדזער ליטעראַטור.

פון די גרונט־ליטעראַרישע שולן, וואָס האָבן זיך אויסגעפאָרמירט אין דער טקופע

צווישן דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע און דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע [1]—גראָד די ליטעראַטור פון דערדאָזיקער טקופע ווירקט אמיינסטן אף אונדזערע לעזער און שרײַבער—געהערן דער ראָמאַנטיזם און רעאַליזם צו דער צווייטער גרופּע, ד. ה. צו דער גרופּע, וועלכע מיר דאַרפן זי קריטיש אופנעמען, און דער סימוואָליזם—צו דער ערשטער גרופּע, וועלכע מיר מוזן גוויזער זײַן, איבערווינדן.

I

## סימוואָליזם.

וועגן סימוואָליזם האָב איך שוין געשריבן אין דער אײַנלייטונג צו ניסטערס בוך „געדאַכט" און איך וועל דערום דאָ בלויז איבערכאַזערן יענע גרונט־האַנאָכעס, וועלכע זײַנען דאָרטן ארויסגעזאָגט געוואָרן.

דער סימוואָליסט האָט אין אלע זײַנע פּאָרמאַציעס אויסגעדריקט מאַכטלאָזיקײַט פון א באַשטימטער גרופּע, לייזן סאָציאַלע פּראָבלעמען אף דעם אויפן, וואָס איז פאַר איר געוווּנטשן, און איז דערום געווען געצוווּנגען פון דעם קאָנקרעטן לעבן זיך אוועקלאָזן צו אַן ערגעץ־לעבן, אפילע אין דעם פאַל, ווען דער סימוואָליסט האָט, ווי איבסען, ווערכאַרן אָדער ווי האופּטמאַן אין זײַן „פאַרזונקענעם גלאָק" אויסגעדריקט סאָציאַלן פּראָטעסט, זײַנען דאָך זײַנע סימוואָליסטישע געשטאַלטן געווען קינסטלערישע פּאָרמולעס פון איינזאַמע אינטעליגענטן, וואָס זוכן סימוואָלישע פאַראַלגעמיינערונגען, ווײַל זיי האָבן ניט קיין קאָנקרעטן אויסוועג, ווײַל די וועגן פון קאָנקרעטן סאָציאַלן קאַמף זײַנען פאַר זיי פאַרבאָרגן. און די איינזאַמע, סאָציאַל־מאַכטלאָזע אינטעליגענטן אָן אַן אויסוועג זײַנען ניט די העלדן פון אונדזער טקופע, זיי האָבן ניט וואָס צו זאָגן די פּראָלעטאַרישע שרײַבער. דערפאַר האָבן מיר באַטאָנט, אז ווען די סימוואָליסטן קומען דאַן, ווען ס'זײַנען פאַראַן מעגלעכקײַטן פאַר קאָנקרעטן קאַמף און זיג, קענען זיי, אין בעסטן פאַל, האָבן א פּראָגרעסיוון באַטײַט פאַר די אַריעגאַרד־קוױכעס, ווי בלאָקס „צוועלף" האָבן געהאַט פאַר דער אינטעליגענץ. אומיטלבאַר פאַר דעם אוואַנגאַרד פון דער רעוואָליוציע, פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס, בלייבט דאָס בלויז די ליטעראַטור, וואָס העלפט אים מיט אין זײַן קאַמף, אף וויפל עס מאָביליזירט פאַר אים די סימפּאַטיעס פון אַנדערע שיכטן. דאָס ווערט אָבער ניט זײַן ליטעראַטור. זײַן ליטעראַטור בלײַבט די, וואָס שטעלט אין קאָנקרעטע געשטאַלטן קאָנקרעטע פּראָבלעמען פון זײַן לעבן און קאַמף, ווײַל קאָנקרעט זײַנען זײַנע קאַמף־אופגאַבן און רעאַל זײַנען זײַנע זיג־מעגלעכקײַטן.

מיר מיינען, אז אפילע פאַר דעם אַריעגאַרד, פאַר דער מיטגייערישער אינטעליגענץ, האָט אזא ווערק, ווי בלאָקס „צוועלף" געקענט האָבן א באַדײַט בלויז אין 1918 י., בלויז דאַן איז מעגלעך געווען, ס'זאָל געשאַפן ווערן אזא ווערק. איצט איז עס שוין א פאַרגאַנגענער עטאַפּ, איצט איז שוין מעגלעך אָרגאַניזירן די סאָציאַלע ענערגיע פון אָט דער אינטעליגענץ בלויז דורך קאָנקרעטע געשטאַלטן. אויך פאַר איר זײַנען פאַרבײַ די טעג, ווען ס'איז מעגלעך געווען מיט די מעטאָדן פון סימוואָליזם שאַפן אזא מוסטער־ווערק, ווי בלאָקס „צוועלף".

דער סימוואָליזם, אין אלע זײַנע פּאָרמאַציעס, איז געווען דער אויסדריקער פון דער גרויסער אומצופרידנקײַט, פון דער אומקומענדיקער פריצישער, בורזשואזער און קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, פון דער אומבאהאָלפנקײַט פון דערדאָזיקער אינטעליגענץ אומצובײַטן איר סאָציאַלן זײַן. מיר דוכט, אז גראָד אין דערדאָזיקער אומצופרידנקײַט פון דער

[1]) מיר מיינען, אז דאָס טראַדיציאָנעלע צעטיילן פון געשיכטע פון ליטעראַטור אף יאָרהונדערטער: ליטעראַטור פון 18־טן 19־טן יאָרהונדערטס א. א. וו. דאַרף פאַרביטן ווערן אף אײַנטיילונג לויט סאָציאַל־היסטאָרישע טקופעס.

אינטעליגענץ מיט דעם בורזשואזן ארום ליגט די דערקלערונג פון דער באַציִונג פון די גרעסטע פאָרשטייער פון רוסישן סימוואָליזם צו דער רעוואָליוציע. בריוסאָוו איז געוואָרן א קאָמוניסט. בלאָק האָט אין זײַנע „צוועלף“ באַרעכטיקט די סטיכיע פון דער רעוואָליוציע, אפילע דער סאַמע אַנטי-רעוואָליוציאָנער—אַנדריי בעלי איז סאָפקאָלסאָף געבליבן פײַנטלעך צו דער עמיגראַציע. דער סימוואָליזם איז אַלעמאָל געווען פאַרבונדן מיט דער קולטור, ריכטיקער געזאָגט, מיט דער קולטורעלער איבערגעזעטיקטײַט, נאָר אין טאָך—סאָציאַל-איבעריקער אידעאָלאָגיש-לײדיקגייערישער אינטעליגענץ. איר שעפערישע ענערגיע איז, אייגנטלעך, דורך דער בורזשואזיע ניט אויסגענוצט געוואָרן. צו אָרעם, צו עוויניש-אָרעם איז געווען דער אינטעלעקטועלער לעבן פון דער בורזשואזיע ערעוו איר אימפּעריאַליסטישן קריזיס. די סימוואָליסטישע אינטעליגענץ איז געווען אומצופרידן מיט דער בורזשואזיע, ווײַל איר קלאַס האָט איבערגעלעבט, אויב ניט קײַן ביינהאַשמאָשעס, איז אַלנפאַלס, יענעם היסטאָרישן „מיטוואָך“, נאָך וועלכן עס קומט שוין ניט קײַן יאָנטעוו, און אויב עס וועט שוין זײַן וועלכע עס איז פײַערונג, איז בלויז די פײַערונג פון א לעווײַע. פון מאַכטלאָזיקײט צו ענדערן דידאָזיקע סאָציאַלע סוויווע און ווירקן אַף איר האָבן זיך באַשטימטע גרופּן פון דער אינטעליגענץ דערווײַטערט פון זייער צײַט, פאַרטיפט אין די איבערלעבונגען פון פערזענלעכקײַט און דאָרט געזוכט יענע אַלגעמײנע פאָרמולעס, וואָס דריקן אויס, לויט דער מיינונג פון דעם סימוואָליסט, דעם „אייביקן טאָך פון לעבן“.

דער סימוואָליסט האָט, אזוי ארום, אין זײַן סאָציִאַלער איינזאַמקײַט און איבעריקײַט געזוכט די לעצטע טרייסט. ער האָט, אזוי ארום, אָפּגעלייקנט יענע קאָנקרעטע וועלט, וואָס האָט אים אָפּגעלייקנט, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר איבעריק, און וואָס ער האָט שוין אין איר גאָרנישט געקענט אומבײַטן.

די רעוואָליוציע האָט באַפרײַט די מערהײַט אינטעליגענץ פון איר סאָציאַלער איבעריקײַט, אידייִשער פוסטקײַט. די רעוואָליוציע האָט געגעבן דערדאָזיקער אינטעליגענץ א מעגלעכקײַט שאַפן א נײַעם לעבן, זיך אַרײַנגיסן אין א קאָלעקטיוו פון בויער פון א נײַעם סאָציִאַליסטישן לעבן. דער סימוואָליזם האָט אָנגעוואָרן יעדן סאָציִאַלן זין און באַדײַט אפילע פאַר יענער אינטעליגענץ, וואָס האָט בעשײַטע געשפײַזט דעם סימוואָליזם. און איבער דעם האָט שוין דער סימוואָליזם ניט וואָס צו זאָגן אפילע די בעסערע מיטגיירער, שוין אָפּגערעדט פון די פּראָלעטאַרישע שרײַבער; אונדזער טקופע איז פאַרנומען ניט מיט קײַן שמועסן וועגן בויען די וועלט ביכלאַל, זי האָט ניט געבראַכט דער וועלט עפּעס אן אַבסטראַקטן עמעס, עפּעס א „מײַסטער“ פון „פאַרזונקענעם גלאָק“ (הויפּטמאַן), נאָר קאָנקרעטע בויער, וואָס זײַנען גויוועד בא גאַנץ קאָנקרעטע באַדינגונגען זייערע קאָנקרעטע שוועריקײַטן. דאָס איז דער העלד פון אונדזער צײַט, דער הויפּט-פּערסאָנאַזש פון אונדזער ליטעראַטור. וועגן אים ריידן מיט די מעטאָדן פון סימוואָליסטן איז אוממעגלעך, ער איז אָרגאַניש פרעמד און פײַנטלעך דעם סימוואָליסט.

פאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור שטייט די אויפגאַבע צו געבן אָט די קאָנקרעטע העלדן אין זייערע רעאַלע באַדינגונגען פון לעבן און קאַמף, אין זייער לעבן-אַרומרינגלונג. באַווײַזן אָט דידאָזיקע העלדן פון אונדזער צײַט אין שײַן פון פּראָלעטאַרישן באַוווסטזײַן, אין שײַן פון לעבעדיקער רעוואָליוציאָנערער דערפאַרונג. דאָ גייען זיך ראַדיקאַל פאַנאַנדער די וועגן פון אונדזער ליטעראַטור מיט די וועגן פון סימוואָליזם. ס'איז אויסגעטריקנט געוואָרן דער סאָציִאַלער קוואַל פון סימוואָליזם, ס'איז אויסגעטריקנט געוואָרן דער סימוואָליזם, קײַן פאַרבײַט וועט ער ניט האָבן. דער גורל פון די סימוואָליסטן, וואָס דערלעבן זייערע טעג, איז ווערן אַרכיוואַריוסן דערפון, וואָס זיי האָבן אמאָל אָנגעשריבן, איז דערמאָנען זיך אָן זייער פאַרגאַנגענהײַט, אָט ווי אַנדריי בעלי אין זײַנע „אַף די שוועלן פון צוויי דוירעס“. ווײַטער שאַפן זײַנען זיי ניט אימשטאַנד, אויב זיי וועלן זיך ניט קענען אײַנשליסן אין דעם איצט. נאָר דאַן וועלן זיי מוזן רעווידירן זייערע מעטאָדן.

ס׳איז קלאָר, אַז אונדזער ליטעראַטור האָט דאַרט ניט וואָס צו זוכן, דערום איז זייער נאַטירלעך, וואָס אַלע שטרײַטן וועגן ליטעראַרישער ירושע, וועגן דעם, בײַ וועלכע קלאַסיקער פון דער פאַרגאַנגענהײַט, בײַ וועלכע שולן האָבן מיר זיך צו לערנען, און וואָס האָבן מיר זיך בײַ זיי צו לערנען, ווערן געפירט, דעריקער, אַרום ראָמאַנטיזם און רעאַליזם.

## II

# ראָמאַנטיזם.

### 1

ס׳איז שווער אָנווײַזן אַ ליטעראַרישן טערמין, וועלכער זאָל אַזוי ברייט אויסגענוצט ווערן און וואָס מען זאָל האָבן אין אים אַרײַנגעלייגט אַזאַ מין פאַרשיידענעם, אין טאָך ווידערשפּרעכלעכן אינהאַלט, וואָס זאָל אָנגעווענדט ווערן צו אַזעלכע פאַרשיידענע, אָפּטמאָל אין טאָך פײַנטלעכע איינער צום צווייטן, ליטעראַרישע דערשײַנונגען, ווי דער ראָמאַנטיזם. אַלס ראָמאַנטיקער האָט מען גערופן סײַ די רעאַקציאָנערע אַריסטאָקראַטישע שרײַבער: לעאָפּאַרדי (איטאַליע), אַלפרעד דע־ווינִי (פראַנקרײַך), אַזוי אויך די רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראַטישע שרײַבער פון פאַרשיידענע עפּאָכעס, ווי פ. שילער, וויקטאָר הוגאָ. פאַר ראָמאַנטיקער האָבן זיך גערעכנט דער ראַדיקאַלער דיכטער פון יוליער רעוואָליוציע זשעראַר־דע־נערוואַל און זײַן צײַט־כאַווער (און אין פיל הינזיכטן ליטעראַרישער מיטגייער) טעאָפיל גאָטיע, וועלכער איז געווען אַן אַפּאָליטישער עסטעט, וואָס איז גרייט געווען אין יעדער רעגע ווערן אַ מעשאָרעס בײַ דער בורזשואַזיע. אָט די אַלע שרײַבער, ווי אַ גאַנצע ריי אַנדערע שרײַבער, וואָס זײַנען געווען ניט ווייניקער ווײַט איינער פון דעם צווייטן, האָבן זיך אַלע אָנגערופן ראָמאַנטיקער. אַלס ראָמאַנטיקער זײַנען זיי אַלע פאַררעכנט געוואָרן דורך די היסטאָריקער פון דער ליטעראַטור און דערבײַ ניט בלויז דורך די בורזשואַזע און אידעאַליסטישע היסטאָריקער פון דער ליטעראַטור, נאָר אויך דורך די ליטעראַטור־פאָרשער מאַרקסיסטן.

וואָס האָט געגעבן די מעגלעכקײַט פאַרייניקן מיט איין טערמין ראָמאַנטיזם אַזעלכע פאַרשיידנאַרטיקע, אָפּטמאָל פּאָשעט פײַנטלעכע איינער צום צווייטן, ליטעראַרישע דערשײַנונגען פון פאַרשיידענע קלאַסן, פון פאַרשיידענע קולטורן?

דאָס, וואָס אין זייער טאָך האָבן זיי אַלע אויסגעדריקט איין און דיזעלבע סאָציאַלע לאַגע קלאַסן־אָנמאַכט. ראָמאַנטיזם איז טאָמיד אַ סאַכאַקל פון סאָציאַלער מאַכטלאָזיקײַט פון אַ קלאַס אָדער פון אַ סאָציאַלער גרופּע אומצופרידן מיט די סאָציאַלע לאַגע. לעהייפּעך דעם סימואָליזם, וועלכער איז דאָסראָוו רײַך מיט סאָציאַלער דערפאַרונג און האָט שוין איבערגעלעבט זייער אַסאַך געשיכטלעכע אַנטוישונגען און אָנגעוואָרן אַפּולע סאָציאַלע אילוזיעס, קומט דער ראָמאַנטיקער דעמלט, ווען די סאָציאַלע אילוזיעס פון דעם מאַכטלאָזן אָדער אומקומענדיקן שיכט זײַנען נאָך שטאַרק און זיינען ווײַט נאָך ניט אויסגעלעבט. דער ראָמאַנטיקער קומט שטענדיק דאַן, ווען זײַן סאָציאַלע גרופּע איז מאַכטלאָז באַהערשן דעם רודער פון דער געשיכטע, ווען זײַן סאָציאַלע גרופּע, אירע אידעאָלאָגן און בעסויכעם אויך ער, דער ראָמאַנטיקער, האָבן נאָך ניט באַגריפן די אומפאַרמײַדלעכע וועגן פון דער געשיכטע און גלויבן נאָך אַלץ, אַז סאָפּכאָלסאָף וועט זיך אַלץ ענדיקן פאַר זיי צום גוטן. אָט אין אַזאַ לאַגע האָבן זיך אין פאַרשיידענע טקופעס געפונען פאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּעס און קלאַסן. דערום האָט דער ראָמאַנטיזם אין פאַרשיידענע און אָפּטמאָל אַפילע אין איינער און דערזעלבער צײַט אויסגעדריקט איבערלעבונגען פון פאַרשיידענע קלאַסן און פון פאַרשיידענע גרופּעס. און ווײַל דער ראָמאַנטיזם האָט אויסגעדריקט פאַרשיידענע סאָציאַלע נויטן פון פאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּן, איז ער געווען אַזוי פאַרשיידנאַרטיק, לויט זײַנע מאָטיוון, לויט זײַן סיוזשעט, לויט זײַן טעמע און אַפילע לויט זײַן סטיל.

2

דרײַ גרונט־סאָציִאַלע גרופּעס שטעלט פאָר געשיכטלעך דער ראָמאַנטיזם.

ערשטע גרופּע—דער ראָמאַנטיזם פון אומקומענדיקע סאָציִאַלע גרופּעס.

צווייטע גרופּע—דער ראָמאַנטיזם פון סאָציאַל־עקאָנאָמישע שוואַכע סאָציִאַלע גרופּעס, וואָס האָבן נאָך ניט אויסגעלעבט זייערע אילוזיעס, זייערע האָפענונגען אַמאָל צו ווערן דער באַלעבאָס פון סאָציִאַלן פּראָצעס, זיך שטעלן אין דעם שפּיץ פון לאַנד, אין שפּיץ פון דער וועלט, נאָר וואָס זײַנען לויט זייער עקאָנאָמישן טאָך געווען טאָמיד פאַרורטײלט בלײַבן אָפּהענגיק פון עקאָנאָמיש הערשנדיקן קלאַס, סאָציִאַל־שטאַרקן קלאַס.

די דריטע גרופּע—דער ראָמאַנטיזם פון אַ יונגן קלאַס מיט אַ גרויסער צוקונפט, אינדערצײַט, ווען ער מאַכט די ערשטע טריט אויף דעם סאָציאַלן לייטער.

לאָמיר אָנהויבן פון דער לעצטער גרופּע. דער ראָמאַנטיזם פון קלאַס, וואָס האַלט אין אופקומען, ווי אַ יונגער אופשטײַגנדיקער קלאַס, שפּילט געוויינלעך אַ רעוואָליוציאָנערע ראָל. אָט דער ראָמאַנטיזם האָט געשאַפן די פאָרשטעלונג וועגן ראָמאַנטיזם ביכלאַל, ווי וועגן אַ סאָציִאַל־רעוואָליוציאָנערער דערשײַנונג, און האָט געשפּײַזט די מיינונג, אַז דעם ראָמאַנטיזם דאַרף מען אין אַסאַך נאָכפאָלגן. אין טאָך אָבער איז דערדאָזיקער ראָמאַנטיזם געווען אַן אויסדרוק, דעריקער, פון יוגנטלעכער שוואַכקײַט, ער איז געווען אַ סאַכאַקל פון דער געשיכטלעכער „שער“ צווישן די נאָך ניט אויסגעפאָרמירטע קרעפטן פון קלאַס מיט די שווערע אופגאַבעס, וואָס אָט דער יונגער קלאַס האָט געהאַט צו לייזן.

בענעגייע דער בורזשואַזיע וועט ריכטיקער זײַן צו זאָגן, אַז אָט דער ראָמאַנטיזם איז געווען אַן אויסדריק פון יענעם טייל פון דריטן שטאַנד, ווי מען האָט אין דער טקופע פון דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע אָנגערופן די ניטפעאָדאַלע קלאַסן, וועלכן עס איז קיינמאָל ניט באַשערט געווען צו ווערן די עקאָנאָמישע באַלעבאַטים פון לעבן, די אָנפירער פון לאַנד און פאָלק. ער איז געווען דער אויסדריק פון די שטימונגען דעריקער פון קליינבירגערלעכע גרופּעס.

די יונגע בורזשואַזיע האָט קימאַט ניט פאַרמאָגט קײַן גרויסע פיגורן פון ראָמאַנטיקער. וואָלטער—די הויפּט־פיגור פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזער ליטעראַטור ערעוו דער רעוואָליוציע—איז געווען פײַנטלעך צום ראָמאַנטיזם. געטע, וואָס האָט אין דער יוגנט געהאַט געוויסע נויגונגען צו דעם ראָמאַנטיזם, האָט אין טאָך געפירט מיט אים אַ פאַרביסענעם קאַמף. שילער—יענער ראָמאַנטיקער, וואָס אַרום זײַן נאָמען ווערן איצט געפירט אַזעלכע ליטעראַרישע שלאַכטן, איז געווען דער אויסדריקער פון דעם מאַכטלאָזן טייל פון דריטן שטאַנד. ער האָט אויסגעדריקט די שטימונגען פון דעם רעוואָליוציאָנערן דײַטשישן קליינבירגערטום. און ס'איז קײַן כידעש ניט, וואָס די יונגע בורזשואַזיע האָט קימאַט ניט געהאַט קײַן ראָמאַנטיקער.

דער ראָמאַנטיזם לייקנט אין דער עקזיסטירנדיקערווירקלעכקײַט. די אידעאַלע געאַרטע וועלט שטעלט ער קעגן דער עקזיסטירנדיקער וועלט. נאָר דער ראָמאַנטיקער, ווי זײַן סאָציִאַלע גרופּע, איז מאַכטלאָז געווען צו פאַרווירקלעכן זײַנע אידעאַלן, פאַרקערט—די בורזשואַזיע,—זי האָט געבויט איר נײַע וועלט צעשטערנדיק די פריִערדיקע וועלט, זי האָט זיך ניט גערעכנט מיט דער עקזיסטירנדיקער וועלט, זי האָט זי איבערגעמאַכט, האָט אַזוי אַרום פאַרווירקלעכט איר ווילן, און דערפאַר האָט זי נאָך ביז דער רעוואָליוציע, נאָך אין 17־טן און 18־טן י. ה., געשאַפן אַ ליטעראַטור, וואָס איז געגאַנגען, אין אַ געוויסער מאָס, אין דעם וועג פון קלאַסיציזם, נאָר וואָס איז געווען דורכגעדרונגען אין טאָך מיט רעאַליסטישע טענדענצן; אַ ליטעראַטור, וואָס האָט געשטרעבט קינסטלעריש אויסדריקן, קינסטלעריש אָפּשפּיגלען די ווירקלעכקײַט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויף וויפל די בורזשואַזיע פון יענער צײַט האָט באַדאַרפט איבערבויען די וועלט אויף נײַע קאַפּיטאַליסטישע יע־

סוידעס, האָט זיך איר שאפן קלאָל ניט באַגרענעצט דערמיט, וואָס זי האָט געגעבן א פאַסיווע אָפּשפּיגלונג פון דער ווירקלעכקייט. די בורזשואזע שרייַבער זייַנען קלאָל ניט געווען קיין פאסאליסטן, קיין גלייַכגילטיקע באַאָבאַכטער. זייער שאפן איז געווען דורכגעדרונגען מיט גאנץ אָפענע פּובליציסטישע טענדענצן, זיי האָבן פארורטיילט אין זייער שאפן, אָדער באַזונגען, זיי האָבן געוועקט די אקטיווקייַט פון לעזער, גערופן צו טאַט, דערום זייַנען אנטשטאַנען אַזעלכע זשאַנרען, ווי דער פילאָסאָפישער ראָמאַן פון וואָלטער, וואָס איז געווען די פראָקלאַמירונג פון דער וועלט־אָנשויונג פון דער בורזשואזיע, ווי די „טרערן־קאָמעדיע", וואָס האָט באַדאַרפט אַרויסרופן דעם מיטגעפיל פון דער באַליידיקטער בורזשואזיע און די סינע פון די אַריסטאָקראַטן־באַליידיקער. נאָר אָט די צווייי זשאַנרען, ווי דער ענגלישער בורזשואזער סענטימענטאַלער ראָמאַן אין זייַן צייַט, האָבן געבויט אַף דער ווירקלעכקייַט, עס זייַנען געגעבן געוואָרן פּערספּעקטיווע רעאַליסטישע בילדער פון דער ווירקלעכקייַט, רעאַליסטישע בילדער, וואָס זייַנען באַאַרבעט מיט די סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס פון דער יונגער בורזשואזיע. און דאָס איז זייער גרויסמעסיק. ער איז ווייַט פון ראָמאַנטישער באַדנגלאָזער טרוימערייַ. זייַן גלויבן איז דער אויסדריק פון דער אָנערקענונג פון די אייגענע קויכעס, פון זייַן טיפן פאָרגעפיל, אַז מאָרגן וועט קומען זייַן שאָ.

און ס'איז דערום קיין כידעש ניט, וואָס האָגאָם אין 18־טן יאָרהונדערט זייַנען געווען שרייַבער, וואָס מיר כאַראַקטעריזירן זיי איצט אַלס ראָמאַנטיקער, האָט זיך דאָך דער ראָמאַנטיזם אַלס א ליטעראַרישע שול אויסגעקריסטאַליזירט ערשט אין אָנהויב פון 19־טן י. ה. ס'איז ניט צופעליק, וואָס רוסאָ און שילער—די צווייי גרעסטע פיגורן, וואָס ווערן געוויינלעך כאַראַקטעריזירט אַלס ראָמאַנטיקער,—זייַנען ביידע געווען אידעאָלאָגן פון קלייַנבירגערטום, דאָס הייסט פון יענעם קלאַס, וועלכער איז אין דייַטשלאַנד קיינמאָל ניט געוואָרן קיין אָנפירנדיקער סאָציאַלער קויעך, און וואָס האָט אין פראַנקרייַך, בא זייַן גאַנצער אויסשליסלעכער וועלט־היסטאָרישער ראָל, דאָך זיך איינגעהאַלטן אַף דער אוואַנסצענע פון דער געשיכטע בלויז אין מעשעך פון איין קורצן, זאָל זייַן אַפילע זייער וויכטיקן, היסטאָרישן אקט.

### 3

דער ראָמאַנטיזם, ווי א שול, האָט פאַרנומען די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון דער ליטעראַטור אין דער ערשטער העלפט פונעם 19־טן י. ה. און אומעטום—אין ענגלאַנד, איטאַליע, פראַנקרייַך, דייַטשלאַנד—האָט ער פאָרגעשטעלט אין גרונט דיזעלבע צווייי סאָציאַלע גרופּעס ראָמאַנטיקער. דאָס זייַנען געווען ראָמאַנטיקער, אָדער פון דער אומקומענדיקער אַריסטאָקראַטיע, אָדער פון דער קלייַנבירגערלעכער דעמאָקראַטיע, וואָס האָט נאָך ניט אויסגעלעבט די אילוזיעס פון דער רעוואָליוציע פון 1793 י. דער ראָמאַנטיזם האָט אויסגעדריקט, אָדער דעם בונט פון דער אומקומענדיקער אַריסטאָקראַטיע, אָדער די סאָציאַלע האָפענונג, אוטאָפּיסטישע אילוזיעס פון קלייַנבירגערטום. אָט־אָ־די פּראָצעסן האָבן אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמעס אין פאַרשיידענע לענדער—אין העסקעם מיט די אָרטיקע קאָנקרעטע סאָציאַל־פּאָליטישע אומשטענדן, מיט יענער קאָנקרעטער פאַרטיילונג פון די סאָציאַלע קרעפטן, וואָס זייַנען געווען אין יענעם לאַנד. דערום איז דער ראָמאַנטיזם פון יענער צייַט אַזוי פאַרשיידנאַרטיק. אין טאָך, אָבער, האָט דער ראָמאַנטיזם אויסגעדריקט איין און דעמזעלבן פּראָצעס אין סאָציאַלן לעבן פון די צווייי סאָציאַלע גרופּעס, די רעשטן פון פּריצימטום און דאָס שטאָטישע קלייַנבירגערטום זייַנען געווען אין אָפּאָזיציע.

דער ראָמאַנטיזם האָט זיך אין אַלע לענדער צעבליט, דעריקער, אין דער טקופע פון רעסטאַווראַציע (1814־1830) און האָט אויפגעהערט שפּילן די ערשטע ראָל אַף דער ליטעראַטור־סצענע, אָן ערעך, אין די יאָרן 1848־1852. שוין פון דערדאָזיקער דאַטע אַליין איז צו זען דעם סאָציאַל־היסטאָרישן כאַראַקטער פון דערדאָזיקער דערשיינונג. דאָס איז געווען די

טקופה, ווען די אריסטאָקראטיע, באזונדערס ביז דער רעוואָליוציע אין 1830, האָט געהאָפט און געוואַרט, אז ס'האַלט זיך באַם אומקערן די פעאָדאַלע פארגאנגענהייט; דאָס איז געווען די טקופה, ווען דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראטיע האָט זיך געדאכט, אז די רעסטאווראציע, וואָס האָט זי באַזייטיקט פון יענער וועלט־היסטאָרישער ראָל, וואָס זי האָט געשפּילט אין 1792־1793 יאָר, ווערט ניט היינט—מאָרגן אומקומען און דאן וועלן די באנקירן אופהערן שפּילן די אָנפירנדיקע ראָל און עס וועלן זיגן אירע אידעאָלאָגן. גראָד אָט דאָס האָט געבראכט דערצו, אז סײַ די אריסטאָקראטישע, סײַ די דעמאָקראטישע ראָמאנטיקער זײַנען געווען אין אָפּאָזיציע. די אריסטאָקראטישע ראָמאנטיקער זײַנען געווען ניט צופרידן מיט דעם, וואָס אזוי פיל דעראָבערונגען פון רעוואָליוציע האָבן זיך דאָך אײַנגעהיט, ניט געקוקט אף דער רעסטאווראציע, ניט געקוקט דערוף, וואָס אין דער שפּיץ פון פראנקרײַך איז ווייטער געווען א קעניג פון דער אַלטער דינאסטיע. די ראדיקאַלע ראָמאנטיקער, פארקערט, זײַנען געווען ניט צופרידן דערפאר, ווײַל די רעוואָליוציע האָט געבראכט ניט דערצו, אף וואָס זיי האָבן געהאָפט. די מאכט איז ניט אין די הענט פון „פאָלק", אנדערש גערעדט, אין די הענט פון זייער סאָציאַלער גרופּע. די מאכט איז אין די הענט פון דער פינאנסיעלער בורזשואזיע. עפּעס דאָ אומבײַטן זײַנען סײַ די אריסטאָקראטן, סײַ די קליינבירגער געווען מאכטלאָז. דער טשארטיזם אין ענגלאנד, די שלאכטן פון 1830, באזונדערס פון 1848 אין פראנקרײַך און אין דײַטשלאנד, האָבן קלאָר באוויזן, אז דער אָדער יענער אויסגאנג פון שלאכט קען מיטהעלפן, עס זאָל זיך פארשטארקן די בורזשואזיע, אָדער דער פּראָלעטאריאט, אָבער ניט, אז די מאכט זאָל איבערגיין צום קליינבירגערטום און אוודאי שוין ניט צו דער אריסטאָקראטיע. דאָס האָט געבראכט דערצו, אז די אידעאָלאָגן פון די צוויי סאָציאַלע גרופּעס זיינען געוואָרן ראָמאנטיקער אין פילאָסאָפיע און האָבן געטרוימט וועגן אומקערן זיך צום מיטלאַלטערלעכן קאטאָליציזם (שאטאָבריאן אין פראנקרײַך), אנדערע זײַנען געוואָרן ראָמאנטיקער אין פּאָליטיק און האָבן געטרוימט וועגן אופשטעלן די אבסאָליוטיסטישע מאָנארכיע (אלפרעד דע־ויני), אָדער וועגן אויסבויען א רעפּובליק פון כאכאָמים, (ווי וויקטאָר הוגאָ, וועלכער איז געווען איינער פון די גרונט־לייגער פון פראנצויזישן ראָמאנטיזם אין פּאָליטיק) און זײַנען שוין, אדאנק דעם, געוואָרן ראָמאנטיקער אין דער ליטעראטור. דעם עמעס פון לעבן האָבן זיי קעגנגעשטעלט דעם עמעס פון דיכטער. זשארזש זאנד, איינע פון די הויפּט־שעפער פון ראָמאנטישן ראָמאן, א „פּאָרעך באַלכאראָטע" (אויסדריקנדיק זיך מיט דער רוסישער טערמינאָלאָגיע), א דעמאָקראטישער ראָמאנטיקער, וואָס האָט אין אירע ווערק פּראָפּאגאנדירט די אידייען פון אוטאָפּישן סאָציאַליזם, האָט דערקלערט, אז איר איז אַלץ איינס, צי ס'עקזיסטירן אין לעבן אזעלכע פרויען, ווי די, וואָס זי גיט אין, אירע ראָמאנען, צי ניט.

ניט זי דארף נאָכפאָלגן דעם לעבן, נאָר דאָס לעבן דארף נאָכפאָלגן אירע געשטאַלטן, די לעבעדיקע פרוי האָט צו גיין אין די וועגן פון אירע דיכטערישע אויסגעטרוימטע פרויען. דאָסזעלבע האָט וויקטאָר הוגאָ מיט פאראכטונג אָפּגעוואָרפן דעם פרינציפּ פון שרײַבער לאגארף, וועלכער האָט דערקלערט, אז א שרײַבער קען קינסטלעריש אויסדריקן בלויז דאָס, וואָס ער קען זיך דערמאָנען פון זײַן לעבן־דערפארונג. הוגאָ האָט זיך אָפּגעזאָגט נאָכפאָלגן די נאטור, דעם לעבן. ער האָט געזען דעם איינציקן קוואַל פון קונסט אין דער פלאמענדיקער באגײַסטערונג, אין טרוים פון דיכטער, פון דאָרט, האָט ער געזאָגט, דארף דער דיכטער שעפּן און ניט פון דער נאטור, ניט פון דער ווירקלעכקײַט. דער טרוים, די פלאמיקע באגײַסטערונג גיט די מעגלעכקײַט דעם קינסטלער „דערגאנצן דעם עמעס מיט דער גרויסקײַט, און די גרויסקײַט מיט דעם עמעס". אין דעם באשטייט די אופגאבע פון דיכטער. ער גיט די ווירקלעכקײַט ניט אזא, ווי זי איז, נאָר אזא, ווי זי דארף זײַן לויט זײַן דיכטערישער פאָרשטעלונג. דאָס לעבן איז דער עמעס פון דער ריכטיקײַט. ריכטיק איז, אז מ'האָט באליידיקט א מענטשן, אָבער קײַן גערעכטיקײַט איז אין דערדאָזיקער

באַליידיקונג ניטאָ; און דער דיכטער ווענדט זיך אָפּ פון עמעס און פון ריכטיקייט, און שטעלט איר קעגן דעם „עמעס פון גערעכטיקייט". פונדאַנען שטאַמט הוגאָס נעגאַטיווע באַציִונג צו וואָכעדיקייט, טאָג־טעגלעכקייט און מיטלמעסיקייט אַלס אָביעקט פון קונסט, זײַן איבערצײַגונג, אַז דער דיכטער דאַרף שענקען זײַן אויפמערקזאַמקייט ניט דעם גרויען און באַנאַלן, נאָר דעם אויסשליסלעכן, פּילפּאַרביקן, אומגעוויינלעכן, דעם אינדיווידועל־אייגנאַרטיקן.

ווי די אַריסטאָקראַטישע ראָמאַנטיקער—בײַראָן, אַלפרעד דע־וויני, נאָוואַליס האָבן זיך לויט זייער סאָציאַלן שוירעש ניט אונטערשיידט פון די ראַדיקאַלע ראָמאַנטיקער, האָבן זיי זיך אין טאָך פונקט אַזוי נעגאַטיוו באַצויגן צו דערווירקלעכקייט, ווי הוגאָ. זיי האָבן אויך קעגנגעשטעלט דעם שרײַבערישן טרוים דער ווירקלעכקייט. די גרויסע דיכטערישע פאַנטאַסטיק האָבן זיי קעגנגעשטעלט דעם נעבעכדיקן פאַקטישן לעבן. פונדאַנען האָט געשטאַמט בײַראָנס פּאַראַדאָקסאַלע, לויט אונדזער איצטיקער מיינונג, באַציִונג צו דאָן־קיכאָטן, ווי צו א פּאָזיטיווער געשטאַלט, ווי צו א פּאָזיטיווער דערשײַנונג. בײַראָן האָט זיך דערום געקלאָגט אַף סערוואַנטעסן, אַז זײַן סאַטירע האָט אומגעבראַכט דעם גײַסט פון ריטערטום אין שפּאַניע, האָט געטויט דעם ראָמאַנטיזם. בײַראָן איז אויך באַשטאַנען, אַז ווי נאָר דער ראָמאַנטיזם האָט אָנגעוואָרן זײַן באַדײַט, האָט שפּאַניע אָנגעוואָרן איר רום און גלאַנץ (דאָן זשואַן, 13 ליד).

בײַראָן איז געווען אַן אַריסטאָקראַטישער בונטאַר, וואָס איז מאַכטלאָז אומקערן די פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט ניט קיין צוקונפט. ער פאַרהאַסט סערוואַנטעסן דערפאַר, וואָס יענער האָט אויסגעלאַכט די ריטערישע איליוזיעס, פאַרקערט, אים איז טײַער דאָן־קיכאָט, ווי דער סימוואָל פון שטרעבן צו קעגנשטעלן דער ווירקלעכקייט דעם אייגענעם גלויבן, דעם אייגענעם טרוים. דער ראָמאַנטישער גלויבן ווערט פאַר אים דער הויפּט לעבן־פאַקטאָר.

אַלע ראָמאַנטיקער האָבן אַזוי מעוואַטל געמאַכט דאָס לעבן, ווײַל דאָס לעבן האָט מעוואַטל געמאַכט זייער קלאַס. זיי האָבן קעגנגעשטעלט דעם אָביעקטיוון עמעס פון דיכטער קעגן דעם סוביעקטיוון עמעס פון לעבן, די פאַקטן פון לעבן האָבן זיי קעגנגעשטעלט דעם גלויבן פון דיכטער, און דאָס אַלץ דערפאַר, ווײַל די אָביעקטיווע היסטאָרישע פּראָצעסן זײַנען זיך ראַדיקאַל פאַנאַנאַנדערגעגאַנגען מיט די לעבן־שטרעבונגען פון זייער סאָציאַלער גרופּע. ריכטיק האָט דערום באַמערקט טאָלסטאָי, ריידנדיק וועגן די ראָמאַנטיקער, אַז דער ראָמאַנטיזם קומט פון מוירע א קוק צו טאָן דעם לעבן אין די אויגן. וואָלטן די קאָנסערוואַטיווע ראָמאַנטיקער א קוק געטאָן דעם רעאַלן לעבן אין די אויגן, וואָלטן זיי דאָרטן איבערגעלייענט זייער נאָענטן און דאָסראָוו שענדלעכן טויט. דאָסזעלבע — די דעמאָקראַטישע ראָמאַנטיקער וואָלטן דאָרט איבערגעלייענט זייער סאָציאַלע דערנידערונג. די אַריסטאָקראַטן איז פאָרגעשטאַנען ניט אויפשטעלן אַפּדאָסנײַ זייערע מיטלאַלטערלעכע פּאַלאַצן, נאָר, פאַרקערט, איבערלאָזן פאַר די אויפגעקומענע באַנקירן די גיטער, וואָס זיי האָבן נאָך אײַנגעהיט.

דעם קליינבירגערטום איז פאָרגעשטאַנען ניט ווערן דער אָנפירער פון דער נאַציע, ווי עס האָבן געטרוימט די ראַדיקאַלע ראָמאַנטיקער (הוגאָ), ניט סאָציאַל באַנײַען די וועלט לויט די רעצעפּטן פון די סאָציאַליסטן־אוטאָפּיסטן, נאָר ווערן מעשאָרסים בא דער בורזשואַזיע.

דאָס פאַרקלענערט ניט לעגאַמרע דעם סאָציאַלן באַטײַט, וואָס עס האָבן געהאַט אין זייער צײַט די ראַדיקאַלע ראָמאַנטיקער, באַזונדערס הוגאָ און זשאָרזש זאַנד; דאָס מינערט אפילע ניט די באַשטימטע פּראָגרעסיווע ראָל, וועלכע ס'האָבן געשפּילט אייניקע ווערק פון די אַריסטאָקראַטישע ראָמאַנטיקער (בײַראָן). דאָס בײַט אָבער ניט דעם גרונט־פאַקט, אַז דער גלויבן פון די ראָמאַנטיקער, אַז דער ראָמאַנטישער פּאַטאָס, פּינקטלעכער געזאָגט, אַז דער ראָמאַנטיזם גופע האָט געשטאַמט פון סאָציאַלער אָנמאַכט, פון דער אָנמאַכט פון א קלאַס צו ענדערן די סאָציאַלע סיטואַציע אין דער ריכטונג, וואָס דער קלאַס וואָלט געוואָלט. דער

ראָמאַנטיזם איז געווען קאָנסערוואַטיוו, אויב ער האָט אויסגעדריקט אַנמאַכט פון אַן אַלטן
אָפּשטאַרבנדיקן קלאַס. ער האָט דאַן דעריקער זיך פאַרנומען מיט דער אַפּאָלאָגעטיק פון
דער פאַרגאַנגענהייט. ער איז געווען פּראָגרעסיוו, ווען ער האָט אויסגעדריקט די מאַכטלאָ־
זיקייט פון דער ראַדיקאַל־בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, אין די באַדינגונגען, ווען דער פּראָ־
לעטאַריאַט איז נאָך געווען צו־שוואַך צו שפּילן אַ זעלבשטענדיקע ראָל, באַזונדערס אַן
אָנפירנדיקע ראָל אין קאַמף מיט דער רעאַקציע. אַזאַ איז געווען דער פראַנצויזישער ראָ־
מאַנטיזם, באַזונדערס אין די יאָרן 1848־1852. אין ביידע פאַלן איז דער ראָמאַנטיזם געווען
אויטאָפּיסטיש, ער האָט אויסגעדריקט די לעצטע אילוזיעס פון אַ קלאַס אין זײַן סאָציִאַל־
היסטאָרישן אויסוועג.

4

דער גלויבן פון די ראָמאַנטיקער איז שטענדיק ווײַט פון ווייען. זאָלן די ראָמאַנטיקער
באַגרײַפן די געזעצן פון סאָציִאַלע פּראָצעסן, זאָלן זיי באַנעמען דעם טאָך פון דער וויר־
קלעכקײַט, פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דער ווירקלעכקײַט, וואָלט דאָס געמאַכט
אומעגלעך זייער גלויבן, וואָלט דאָס געטויט דעם עצם ראָמאַנטיזם. דער גלויבן פון די
ראָמאַנטיקער שפּײַזט זיך מיט אילוזיעס און איז מעגלעך, קאָלזמאַן די ווירקלעכקײַט האָט
נאָך ניט אונטערגעריסן אינגאַנצן די אילוזיעס, קאָלזמאַן די באַדינגונגען פון רעאַקציע
דערלויבן נאָך דער אַריסטאָקראַטיע האָפן, כאָלעמען, אַז ס'וועט זיך נאָך זיי אײַנגעבן
רעסטאַווירן דעם נעכטן, קאָלזמאַן די קריזיסן פון דער בורזשואַזיע און די שוואַכקײַט פון
אַרבעטער־קלאַס דערלויבן נאָך דעם קליינבירגער טרוימען, אַז ער וועט ווערן דער רעטער
פון דער גאַנצער נאַציע און בעסויכעם אויך פון דער בורזשואַזיע און פון אַרבעטער־קלאַס.
אָבער די אילוזיעס זײַנען מעגלעך בלויז, ווען דער טיפער אַנאַליז פון סאָציִאַלער וויר־
קלעכקײַט, דאָס שטודירן די געזעצן פון סאָציִאַל־היסטאָרישע פּראָצעסן ווערט פאַרביטן דורך
גלויבן אין געגאַרטן, פונדאַנען קומט, ווי מיר האָבן שוין געזען, דער דאָמינירנדיקער באַ־
טײַט פון גלויבן בײַ די ראָמאַנטיקער.

מע האָט אַלעמאָל קעגנגעשטעלט דעם גלויבן פון ראָמאַנטיקער, דעם ראַציִאָנאַליזם פון
די קלאַסיקער, פון דער ליטעראַרישער שול, וואָס איז דורך די ראָמאַנטיקער אַזוי באַ־
קעמפט געוואָרן, און וואָס איר הויפּט־סימן איז געווען דער ראַציִאָנאַליזם. אין טאָך,
אָבער, זײַנען די ראָמאַנטיקער אַליין אויך געווען ראַציִאָנאַליסטיש. אין די פולע דעפיני־
ציעס, וואָס זײַנען געגעבן געוואָרן דעם ראָמאַנטיזם און דערבײַ ניט בלויז דורך ליטעראַטור־היס־
טאָריקער, נאָר אויך דורך פילאָסאָפן, דורך קולטור־היסטאָריקער, דורך פּאָעטן און שרײַבער,
האָט מען אַלעמאָל אונטערגעשטראָכן, אַז דער ראָמאַנטיזם איז די אַנטוישונג אין לעבן,
דער אומבאַגרענעצטער גלויבן אין מענטשן, אין אויסשליסלעכן יאָכיד, אַז דער ראָמאַנטיזם
איז די קעניגרײַך פון געפיל, דער ביטל צו ראַציִאָ.

אינדערעמעסן איז דידאָזיקע דעפיניציע אַ פאַלשע בענעגייע צו זייער אַסאַך ראָמאַנ־
טיקער. דאָ פאַרבײַט די אויסערלעכקײַט דעם טאָך, די באַהויפּטונג, אַז דער ראָמאַנטיזם איז
טיף פײַנטלעך און פרעמד צום ראַציִאָנאַליזם, איז אַ סאַכאַקל דערפון, וואָס מע האָט ניט
דיסקאָנטירט יענע סאָציִאַלע קלאַסן־סיבעס, וואָס האָבן פּאָרויסבאַשטימט דאָס קומען פון
ראָמאַנטיזם. דער ראָמאַנטיזם, באַזונדערס דער רעאַקציִאָנערער, איז געווען טיף פײַנטלעך
צום ראַציִאָנאַליזם פון 18-טן יאָרהונדערט. אָט די פײַנטלעכקײַט פון די אַריסטאָקראַטישע
ראָמאַנטיקער צום ראַציִאָנאַליזם פון 18־טן י. ה. האָט געשטאַמט דערפון, וואָס דער ראַ־
ציִאָנאַליזם פון 18־טן י. ה. האָט אידעאָלאָגיש אויפגעריסן די פעאָדאַלע וועלט, האָט גע־
בראַכט צו יענער קאַטאַסטראָפע פון דער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט פּאָרויסבאַשטימט דאָס
קומען פון אַריסטאָקראַטישן ראָמאַנטיזם. די אַריסטאָקראַטישע ראָמאַנטיקער האָבן דערום

געלייקנט אין ראַציאָנאַליזם און געשטריטן פאַר דעם פּרימאַט פון גלויבן, ווייל דער ראַציאָנאַליזם פון 18־טן י. ה. האָט געזען איינע פון זיינע גרונט־אויפגאַבעס אין אויפרייסן דעם גלויבן, אַף וויפל דער גלויבן איז דאַן געווען די קאַטוילישע רעליגיע, וואָס איז ביכלאַל געווען די אידעאָלאָגישע פאָן פון דעם פעאָדאַלן סיידער.

ווייטער, די ראַדיקאַלע ראָמאַנטיקער האָבן איצט געהאַלטן אין רעאַביליטירן דעם גלויבן, דעם געפיל, ווייל די ראַציאָ האָט ניט באַרעכטיקט יענע האָפענונגען, וואָס זיינען אַף אים אַרופגעלייגט געוואָרן אין 18־טן יאָרהונדערט: די ראַציאָנאַליסטישע אידייען האָבן געבראַכט צום זיג פון באַנקיר און ניט פון די פּרינציפּן גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט, ווי מע האָט געגלויבט אינדערצייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע.

די אָפּאָזיציע צום ראַציאָנאַליזם איז, אָבער, אין גרונט גענומען, געווען בלויז אַ פאָרמעלע אָפּאָזיציע, ריכטיקער געזאָגט — דער ראָמאַנטיזם איז געווען פיינטלעך בלויז צום רעוואָליוציאָנערן ראַציאָנאַליזם פון די פראַנצויזישע בורזשואַזע מאַטעריאַליסטן פון 18־טן י. ה. אין טאָך אָבער איז דער ראָמאַנטיזם געווען טיף ראַציאָנאַליסטיש, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס אין זיין אידייִשן אויסקריסטאַליזירן זיך האָט געשפּילט אַזאַ ראָל זיין אָפּשטויסן זיך פון ראַציאָנאַליזם פון 18־טן י. ה. דער אונטערשייד צווישן די פראַנצויזישע בורזשואַזע דענקער פון 18־טן י. ה. מיט די ראָמאַנטיקער פון דער ערשטער העלפט פון 19־טן י. ה. איז געווען אין דעם, וואָס די ערשטע זיינען געווען מאַטעריאַליסטן און די צווייטע אידעאַליסטן. נאָר סיי דער מאַטעריאַליזם פון איינע, סיי דער אידעאַליזם פון די צווייטע איז געווען ראַציאָנאַליסטיש.

דער ראַציאָנאַליזם פון די ראָמאַנטיקער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן דער עקזיסטירנדיקער וועלט קעגנגעשטעלט אַ וועלט אַזאַ, ווי זיי וואָלטן געוואָלט זען, אַן אויסגעטראַכטע וועלט; זיי האָבן באַוויזן דעם מענטשן ניט אַזאַ, ווי ער איז, נאָר אַזאַ, ווי ער וואָלט, לויט זייער פאָרשטעלונג, באַדאַרפט זיין. זיי האָבן סכעמאַטיזירט דעם מענטשן. די פאַנטאַסטישקייט פון די ראָמאַנטיקער, די באַרימטע און פאַרגלויבטע פאַנטאַסטישקייט פון די ראָמאַנטיקער איז געווען אָנגעווענדט דעריקער אַף סכעמאַטיזירן דאָס לעבן. אין דער היינטיקער זיינען באַזונדערס באַלערנדיק די ווערק פון הוגאָ און זשאָרזש זאַנד.

דער ראַציאָנאַליזם פון די ראָמאַנטיקער איז באַשטאַנען דעריקער אין זיין דאָגמאַטיזם. זיי האָבן קעגנגעשטעלט דעם לעבעדיקן לעבן זייערע דאָגמאַטישע באַגריפן פון שיינקייט, גוטסקייט און גערעכטיקייט. דאָס קינסטלערישע דערקענען פון לעבן איז בא דעם ראָמאַנטיקער געווען ניט קיין דיאַלעקטישער, נאָר אַ דאָגמאַטישער, און דערום ניט קיין עמאָציאָנעל אינטואַטיווער, נאָר אַ ראַציאָנעל־סענטימענטאַלער.

פונוואַנען האָט געשטאַמט אָט דער טיפער ווידערשפרוך פון די ראָמאַנטיקער? ער האָט געשטאַמט פון זייער סאָציאַלער מאַכטלאָזיקייט צו לייזן יענע אויפגאַבעס, וואָס זיי האָבן זיך געשטעלט, אָפן יעסאָד פון די רעאַלע קרעפטן־פאַרהעלטענישן; ער האָט געשטאַמט פון זייער סאָציאַלער אומפעיקייט ניט נאָר צו באַהערשן, נאָר אפילע צו באַגרייפן די טענדענצן פון היסטאָרישן פּראָצעס. דיאַלעקטיש פאַרשטיין די היסטאָרישע פּראָצעסן, זיך צוהערן צו דעם לעבעדיקן געפיל פון לעבן, מאַכן פון דעם אַלץ דעם געזונטן לעבן־אויספיר, האָט געהייסן קומען צום אויספיר, אַז די געשיכטע האָט פאַרורטיילט צום טויט אָדער צו טיפער סאָציאַלער דערנידערונג יענע סאָציאַלע גרופּעס, וואָס די ראָמאַנטיקער זיינען זייערע אידעאָלאָגן געווען. און אַף וויפל סיי די רעאַקציאָנערע, סיי די ראַדיקאַלע ראָמאַנטיקער זיינען ניט געווען מאַסקים אַף דעם אורטייל, האָבן זיי זיך אָפּגעקערט פון רעאַלן באַגרייפן, פון רעאַלן אויפאַסן דאָס לעבן. אָנשטאָט דעם לעבעדיקן לעבן האָבן זיי אויסגעבויט סכעמעס. די ראָמאַנטיק האָט פאַרמאַכט פאַר זיך די טויערן פון דער דיאַלעקטיק. דער ראָמאַנטיזם, וואָס איז טאָמיד געווען פול מיט טיפער פאַראַכטונג צום סייכל, צום ראַציאָ, איז געוואָרן ראַציאָנאַליסטיש, דאָגמאַטיש.

5

די סאָציאַלע מאַכטלאָזיקייט, וואָס האָט פּאָרויסבאַשטימט דעם ראָמאַנטיזם אין אַלע זײַנע פאָרמאַציעס, האָט געבראַכט נאָך צו אַ רײ גרונט־אײגנשאַפטן פון ראָמאַנטיזם: צו זײַן אינדיווידואַליזם, אויסער־היסטאָרישקייט, צו זײַן פאַנטאַסטישקייט.

מע דאַרף אונטערשיידן צוויי טיפּן פון אינדיווידואַליזם: עגאָצענטרישן און אַלטרויִסטישן. דער עגאָצענטריסטישער, דער עגאָיִסטישער אינדיווידואַליסט זעט אין דער וועלט נאָר זיך און איז גלײַכגילטיק צו דעם גורל פון דער וועלט. דער אַלטרויִסטישער אידעאַליסט זעט דעם זין פון זײַן לעבן אין ראַטעווען זײַן פאָלק, די געזעלשאַפט, זײַן קלאַס; נאָר ער איז איבערצײַגט, אַז דאָס פאָלק איז מאַכטלאָז זיך צו באַפרײַען, אַז דאָס פאָלק וועט באַפרײַט ווערן דורך די „קריטיש־דענקנדיקע פּערזענלעכקייטן“, דורך דער „אַקטיווער מינדערהייט“.

דער עגאָיִסטישער אינדיווידואַליזם איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יערידישער מאָדערניסטישער ליטעראַטור פון סאָף 19־טן, אָנהויב 20־טן י. ה. (פּשיבישעווסקי, שניצלער א. אנד).

דער אַלטרויִסטישער אינדיווידואַליזם איז געווען טיפּיש פאַר אַ גאַנצער רײ ראַדיקאַלע קליינבירגערלעכע שרײַבער פון סאָף 19־טן י. ה. (הויפּטמאַנס „דער פאַרזונקענער גלאָק“, איבסענס „בראַנד“ א. אנד.). אָט אַזאַ אַרט אַלטרויִסטישער אינדיווידואַליזם איז געווען דער אינדיווידואַליזם פון אַפּילע ראָמאַנטיקער. די ראָמאַנטיקער האָבן דאָ שטענדיק אויסגעדריקט די בענקשאַפט פון איין סאָציאַלער גרופּע נאָך דער אוועקגייענדיקער וועלט, אָדער דעם גלויבן אין אַ שענערער סאָציאַלער צוקונפט פון אַן אַנדער סאָציאַלער גרופּע, דאָס איז שטענדיק געווען אַ טיף סאָציאַלע דערשײַנונג. זײַן אינדיווידואַליזם איז דערום געווען, בעדערעך־קלאַל, ניט קיין עגאָצענטרישער, ניט קיין עגאָיִסטישער, נאָר אַן אַלטרויִסטישער. די ראָמאַנטיקער האָבן אַלעמאָל געגלויבט, אַז אויפשטעלן די פאַרגאַנגענהייט, דורכלייגן אַ וועג צו אַ נײַער סאָציאַלער צוקונפט וועלן די אויסשליסלעכע פּערזענלעכקייטן און ניט די מאַסע, צו וועלכער זײ האָבן זיך באַצויגן פונויבן אַראָפּ, אַפּילע מיט פאַראַכטונג, ווי צו דער „נאָמענלאָזער מענגע“ (אַלפרעד דע־ווינײ). אָט טאַקע פונדאַנען האָט געשטאַמט די נעגאַטיווע באַציִונג פון די ראָמאַנטיקער צום מיטלמעסיקן, געוויינלעכן, און, פאַרקערט, זייער באַזונדערער אינטערעס צום אויסשליסלעכן, אײגנאַרטיק־אינדיווידועלן. דער ראָמאַנטיקער האָט דערום קיינמאָל ניט געשטרעבט שאַפן אַ טיפּ, ער האָט שטענדיק געוויזן אויסשליסלעכע נאַטורן: זײַן אײַנשטעלונג איז געווען ניט צו שאַפן טיפּישע סאָציאַלע כאַראַקטערן, סינטעטישע כאַראַקטערן, נאָר אָף צו געבן אויסשליסלעכע אינדיווידואַליטעטן, און אָט־אָ דער אינדיווידואַליזם פון די ראָמאַנטיקער האָט ווידער אויסגעדריקט די סאָציאַלע אונטערשטעליקייט, די סאָציאַלע מאַכטלאָזיקייט. סאָציאַלע מאַכטלאָזיקייט איז אַלעמאָל זייער אַ פּאַסיקער באָדן אָף קולטיווירן דעם בונטאַר, די בונטאַרישע פּערזענלעכקייט איז זייער אַ פּאַסיקער באָדן פאַר דעם אינדיווידואַליסטישן צאַצקען זיך מיט זיך, שפּיגלען זיך אין זיך.

דער ראָמאַנטיקער בעמט געוויינלעך די אויסשליסלעכע פּערזענלעכקייט אָף אַן אויסער־היסטאָרישן אויפן, אָט די פּערזענלעכקייט פאַרמאָגט ניט קיין טיפּישע קאָנקרעטקייט, זי איז אַבסטראַקט אַפּילע דאַן, ווען זי איז פאָרמעל אוועקגעשטעלט אין אַ באַשטימטער סאָציאַלער היסטאָרישער סוויווע. דאָ האָבן מיר פאַר זיך נאָך איין זייער טשיקאַוון פאָרמעלן ווידערשפּרוך פון די ראָמאַנטיקער; די קלאַסיקער, וועמען די ראָמאַנטיקער האָבן באַקעמפט, האָבן איגנאָרירט דאָס נאַציאָנאַלע, דאָס היסטאָריש־קאָנקרעטע, זײ האָבן געגעבן דעם מענטשן ביכלאַל. די ראָמאַנטיקער, פאַרקערט, האָבן פּראָקלאַמירט דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, דעם היסטאָרישן פּרינציפּ. זײ האָבן אין זייערע ווערק קולטיווירט דעם נאַציאָנאַל־היסטאָרישן סיוזשעט.

אָבער די אזויגערופענע היסטאָרישע ווערק פון די ראָמאַנטיקער זײַנען ווייניקער פון אלץ געווען אָביעקטיווע בילדער פון דער נאַציאָנאַלער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהײַט, ווײַל דאָס פּראָקלאַמירן דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקײַט, פון היסטאָריזם, איז בא די ראָמאַנטיקער געווען אין טאָך ניט קיין קאַמף פאַר רעאַליסטישער אָביעקטיוויטעט בענעגייע צו דער נאַציאָנאַלער פאַרגאַנגענהײַט, נאָר א קאַמף פאַר דעם סוביעקטיוון אינדיווידואליזם, און אָנשטאָט דעם קאָנקרעטן, אָנשטאָט דעם רעאַלן, האָט דער ראָמאַנטיקער געגעבן דאָס היסטאָריש־אויסגעטראַכטע, דאָס לעגענדאַריש־פאַנטאַסטישע, דער אַבסטראַקטער מענטש האָט פאַרנומען דעם אָרט פון דעם קאָנקרעטן מענטשן. דעם קאָנקרעטן קעמפער־ אָדער בונטאַר פאַרבײַט דער סימוואָל פון בונטאַר און קעמפער (בײַראָן: „מאָנפרעד", „קײַען").

אָפּערירן מיט סאָציאַל־היסטאָרישע קאַטעגאָריעס קאָן דער קלאַס, וועלכער שטייט אױף פעסטע פּאָזיציעס, אויסערהיסטאָרישקײַט. דאָס אָפּערירן מיט אַלגעמיינע באַגריפן פון גוטסקײַט, שיינקײַט, גערעכטיקײַט, אָדער מיט אַזעלכע אַלגעמיינע קאַטעגאָריעס, ווי „וועלט שמערץ" איז כאַראַקטעריסטיש פאַר א קלאַס, וואָס איז מאַכטלאָז אין זײַן קאָנקרעטן קאַמף.

6

די אויסגערעכנטע גרונט־שטריכן פון ראָמאַנטיזם: זײַן אידעאַליסטישער גלויבן, זײַן ראַציאָנאַליזם, זײַן אינדיווידואַליזם, זײַן אויסערהיסטאָרישקײַט, זײַן פאַנטאַסטישקײַט — אָט דידאָזיקע אַלע אייגנשאַפטן מאַכן אים טיף פרעמד דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. פאַראַן אָבער אין אים איין אייגנשאַפט, וואָס דערנענטערט אים צו דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור — דאָס איז די אַקטיוויקײַט פון אַפּולע ראָמאַנטיקער. די גרעסטע פיגורן פון ראָמאַנטיזם זײַנען, געוויינלעך, געקומען דעמלט, ווען די סאָציאַלע היסטאָרישע באַדינגונגען האָבן נאָך דערלויבט די סאָציאַל־מאַכטלאָזע גרופּעס ניט באַמערקן זייער מאַכטלאָזיקײַט, ניט אײַנזען, אַז זיי לעבן מיט אילוזיעס, אַנדערש גערעדט, ווען עס זײַנען נאָך געווען געוויסע מעגלעכקײַטן פאַר דידאָזיקע אילוזיעס. דער ראָמאַנטיזם איז געווען פאַרבונדן מיט אַזוינע היסטאָרישע עטאַפּן, ווען אָט די סאָציאַלע גרופּעס האָט זיך נאָך געדאַכט, באַזונדערס אי פראַנקרײַך און אין ענגלאַנד, אַז ס'איז געקומען די שאָ פאַר דער לעצטער פאַרטיידיקונג, אָדער פאַר אַן אַנטשיידענעם אָנגריף, דערום זײַנען די ראָמאַנטיקער געווען דאָסראָוו זייער אַקטיוו, קאַמפּלוסטיק [1], האָגאָם דער כאַראַקטער פון זייער אַקטיוויקײַט און קאַמפּלוסטיקײַט איז געווען א גאַנץ פאַרשיידנאַרטיקער.

מאָנפרעדס „קײַענס" רוף צום בונט האָט אַקטיוויזירט די סאָציאַלע אומצופרידנקײַט. ד געשטאַלטן פון די דעמאָקראַטישע ראָמאַנטיקער זשאָרזש זאַנד און הוגאָ האָבן בא זייער גאַנצן דאָגמאַטישן עטיציזם און אויסערהיסטאָרישן הומאַניזם גערופן צו באַנײַען דעם מענטשן, די געזעלשאַפט, זאָל זײַן אַפּילע דורך אידעאַליסטיש־עטישע, סאָציאַל־אוטאָפּיסטישע מיטלען.

דאָסזעלבע איז שילערס ראָמאַנטיזם, ווי באַוווּסט, געווען אַן אויסרוף „נידער דעם טיראַן", איז געווען די קינסטלערישע פאַרקערפּערונג פון „שטורעם און דראַנג". א געוויסער אַקטיוויזם איז געווען אייגנטימלעך אויך אייניקע טיף רעאַקציאָנערע ראָמאַנטיקער. אַלפרעד דע־וויניס פּאָעמעס, ווו ער האָט באַזונגען דאָס שטאָלצע שטאַרבן, די פעיִקײַט אַוועקגיין פון דער וועלט מיט זעלבסטווירדע, איז ניט געווען קיין רוף צו ענדיקן מיט זעלבסטמאָרד

[1] אין אויסנאַם שטעלט פאָר א גרויסער טייל פון די דײַטשישע ראָמאַנטיקער, וואָס זײַנען געווען טרוימעריש־פּאַסיוו, טיף באַאַבאַכטעריש, וואָס האָט געשטאַמט פון דעם טיפן אומויסוועג פון זייער סאָציאַלער גרופּע, פון־ ער סאָציאַל־עקאָנאָמישער שוואַכקײַט, פּאָליטישער צעשטויבטקייט פון דײַטשלאַנד אין אָנהויב פון 19־טן י. ה.

דאָס איז געווען דער רוף צום לעצטן ווידערשטאַנד, ווײַל, ווען דער מענטש פון „פאָרורטיילטער ראַסע” גייט אַרויסווײַזן דעם לעצטן ווירערשטאַנד, וועט שוין דאַן בלײַבן נאָר איינס: מיט ווירדע שטאַרבן.

אַזוי, אַז ווען מיר שאַצן איצט אָפּ די ראָמאַנטיקער, מוזן מיר געדענקען, אַז האַגאַם די ראָמאַנטיקער האָבן אַלעמאָל אויסגעדריקט די סאָציאַלע מאַכטלאָזיקייט, דאָך האָבן זיי ווײַט ניט אַלעמאָל אויסגעדריקט סאָציאַלע פּאַסיווקייט, אָפּטער פון אַלץ האָבן זיי אויסגעדריקט דעם סאָציאַלן ווילן, זעלבשטענדיקייט, האָבן גערופן צו טאַט, האָבן געוועקט אַקטיווקייט, זײַנען געווען דורכגעדרונגען מיט העלדישקייט און געפיל פון זעלבסטאָפּפערונג.

7

מיר האָבן ביז איצט אָפּערירט מיט מאַטעריאַלן פון דער עפּאָכע, ווען דער ראָמאַנטיזם האָט זיך אויסגעפאָרמירט, ווי א ליטעראַרישע שול. אין דעם באַוווסטזײַן פון יענער צײַט איז דאָס געווען אן איינהײַטלעכע ליטעראַרישע שול. און אויב מען האָט אונטערשיידט איינע פון דאָס אַנדערע, איז דאָס בלויז, ווי בא די דײַטשישע ראָמאַנטיקער, לויט די דורות: די ראָמאַנטיקער פון עלטערן דאָר און די ראָמאַנטיקער פון ייִנגערן דאָר, אין טאָך, אָבער, האָבן זיך אונטערשיידט ניט דערמיט, וואָס זיי האָבן געהערט צו פאַרשיידענע דורות. די אײַנטיילונג האָט מען באַדאַרפט מאַכן ניט לויטן צײַט־פּרינציפּ, נאָר לויטן קלאַסן־פּרינציפּ. זיי האָבן, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, געהערט צו פאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּעס, מע האָט ניט געקענט ריידן וועגן ראָמאַנטיקער, וועגן ראָמאַנטיזם, ווי וועגן אן איינהײַטלעכער און אינערלעך גאַנצער ליטעראַרישער שול. דאָס איז געווען פאַלש, נאָר מע האָט געקענט ריידן וועגן ראָמאַנטיזם אַלס די הערשנדיקע, אין מעשעך פון א באַשטימטער צײַט, ליטעראַרישע שול, דערבײַ איז דער ראָמאַנטיזם געווען א הערשנדיקע שול, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט אויסגעדריקט די פּסיכאָ־אידעאָלאָגיע ניט פון דעם הערשנדיקן קלאַס. ער איז אין מעשעך פון א באַשטימטער צײַט געווען די הערשנדיקע ליטעראַרישע שול, ווײַל ער איז געווען די שול פון יענע צוויי סאָציאַלע גרופּעס, וואָס זײַנען געווען די איקער שעפער פון ליטעראַטור און קולטור פון יענער צײַט. אָבער אויך דאַן זײַנען די ראָמאַנטיקער בלויז די הערשנדיקע שול, און ניט די איינציקע. ס'זײַנען שוין אין יענער צײַט געווען גרויסע שרײַבער רעאַליסטן, נאָר דער רעאַליזם האָט אַנטשפּרעכט גאַנץ אַנדערע סאָציאַלע באַדערפעניש, מיר וועלן ריידן וועגן דעם געניי אין צווייטן אַרטיקל.

די פאַרשיידענע סאָציאַלע יעסוידעס פון ראָמאַנטיזם האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער אַריסטאָקראַטישער און קליינבירגערלעכער ראָמאַנטיזם האָט זיך אונטערשיידט איינער פון דעם צווייטן ניט בלויז לויט זײַן אידייִשער אײַנשטעלונג, נאָר אויך לויט זײַן סיוזשעט, טיילווײַז אַפילע לויט זײַנע פאָרמעלע אייגנשאַפטן, לויט די ליטעראַרישע טראַדיציעס, וואָס זיי האָבן פאָרגעזעצט.

און אויב גופע אין דער טקופע, ווען דער ראָמאַנטיזם איז געשאַפן געוואָרן, האָט מען דעם באַגריף „ראָמאַנטיזם” אָנגעווענדט צו ליטעראַרישע דערשײַנונגען, וואָס זײַנען געווען זייער פאַרשיידנאַרטיק צווישן זיך, איז שוין קיין כידעש ניט, וואָס שפּעטער האָט מען מיט אָט דעם טערמין כאַראַקטעריזירט שרײַבער, וואָס האָבן אויסגעדריקט פּרינציפּיעל גאַנץ נײַע טענדענצן, וואָס זייער ליטעראַרישע אָנגעווענדקייט איז געווען זייער ווײַט פון די שעפער און גרונטלייגער פון ראָמאַנטיזם.

נאָר דאָס שאַפן פון די אַלע שפּעטערדיקע, אַזוי־גערופענע ראָמאַנטיקער האָט זיך בא זײַן גאַנצער פאַרשיידנאַרטיקייט דאָך כאַראַקטעריזירט דורך א גאַנצער ריי שטריכן, וואָס זײַנען געווען אייגנטימלעך די ראָמאַנטיקער פון דער ערשטער העלפט פון 19־טן י. ה.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף צוויי בײַשפּילן: אויף דעם רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיקער מאַקסים גאָרקי און אויף דעם רעאַקציאָנערן ראָמאַנטיקער שאָלעם אַש.

א ראָמאַנטיקער איז גאָרקי געווען דעריקער אין מעשך פון די ערשטע 10־15 יאָר פון זײַן שאַפן, אַנדערש געריידט, ביז נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 י., וואָס כאַראַקטעריזירט דעם שאַפן פון יונגן גאָרקי?

די העלדן פון יענע גאָרקיס יונגע דערציילונגען האָבן פײַנט באַלעבאַטישע ווילנלאָזיקײַט, אינטעליגענטישע פּאַסיווקײַט, קרעמערישע אויסגערעכנטקײַט. זיי זײַנען די פאַרקערפּערונג פון ווילן, פון פרײַען געפיל, פון אַקטיווקײַט.

פון אַלע זייערע טאַטן רײַסט זיך דער שטורעם, זיי זײַנען אין ליבגעזאַנג פון אָפּפערווילִיקײַט, פון דרייסטקײַט, זיי זײַנען איין רוף: „זאָל שטאַרקער אויסברעכן דער שטורעם".

דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ ריי גרונט־שטריכן פון ראָמאַנטיזם, דעם פּרימאַט פון ווילן, פון אַקטיווקײַט, פון געפיל. קיינער וועט אייך ניט לייקענען, אַז יענע בונטאַרישקײַט גאָרקיס איז דורכגעדרונגען מיט ראַציאָנאַליזם, דאָגמאַטיזם, שוין אַוודאי קלאָר, אַז יענע גאָרקיס בונטאַרישקײַט כאַראַקטעריזירט זיך מיט איר אויסער־היסטאָרישקײַט, אַז יענע גאָרקיס העלדן זײַנען טיף אינדיווידואַליסטיש. דערבײַ, אַז זייער אינדיווידואַליזם איז אַן אַלטרויִסטישער.

מ. גאָרקי גייט אַרויס פון מוטיקײַט, פון דרייסטקײַט און ניט פון אָרגאַניזירטקײַט און שטאַרקײַט, ער גייט אַרויס פון גלויבן אין דער העלדישער פּערזענלעכקײַט און ניט פון זעלבסטבאַוווּסטזײַן פון אַ שטאַרקן קלאַס.

אָט אָ די אַלע טיפּישע שטריכן פון גאָרקיס שאַפן פון יענער צײַט זײַנען פּאָרויסבאַשטימט געוואָרן דורך דיזעלבע סיבעס, וואָס דער ראָמאַנטיזם ביכלאַל, אויך זײַן ראָמאַנטיזם איז געווען דער קינסטלערישער אויסדרוק פון אַ סאָציאַל־מאַכטלאָזער גרופּע. מ. גאָרקי האָט אויסגעדריקט ניט דעם וווּקס פון פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציאָנערישקײַט, נאָר דעם סאָציאַלן שטורעם, דעם בונט פון די לומפּן, פון די באַלמעלאָכעס, וואָס האַלטן זיך אין פּראָלעטאַריזירן. גאָרקיס אַקטיוויזם, זײַן סאָציאַלע אומצופרידנקײַט האָט אָבער געהאַט אַ רעוואָלוציאָנערן באַדײַט, באַזונדערס אין דעם צענדליק יאָר ביז 1905. ער האָט מיטגעהאָלפן, עס זאָל אָנוואַקסן די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, נאָר די סאָציאַלע יעסוידעס פון אָט דער בונטאַרישקײַט זײַנען געווען ווײַט ניט קיין פּראָלעטאַרישע.

א ראָמאַנטיקער איז גאָרקי געווען ניט דערפאַר, ווײַל ער איז געגאַנגען צו דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר דערפאַר, ווײַל ער איז געגאַנגען פון דעם באַלמעלאָכע, פון די לומפּן, פון דער „מעשטשאַנסטוואָ". א ראָמאַנטיקער איז ער געווען ניט דערפאַר, ווײַל זײַן שאַפן איז געווען דעטערמינירט דורך אַ סאָציאַלער קראַפט, נאָר ווײַל ער איז געווען דעטערמינירט דורך סאָציאַלער קראַפטלאָזיקײַט.

דאָסזעלבע שאָלעם אַש. ער שטעלט פאָר אַ טיפּישן רעאַקציאָנערן ראָמאַנטיקער. זײַן שאַפן („דאָס שטעטל", „שלוימע נאָגיד") איז געווען געווענדט אויף דער אידעאַליזאַציע פון יעכעזקל גאָמבינערס פאַרגאַנגענהײַט, אינדערצײַט, ווען גאָמבינערס אייניקלעך איז שוין גאָר געבליבן אויסבעטלען בא אָנקל מאָזעס אַ שיפקאַרטע קיין אַמעריקע. ער ראָמאַנטיזירט די גאָמבינערס און זייער פאַרגאַנגענהײַט, ווײַל ער האָט ניט קיין סאָציאַלע מעגלעכקײַט גוויווער זײַן דעם אָנקל מאָזעס קעגנוואָרט. מיר האָבן פאַר זיך ווידעראַמאָל דעם ראָמאַנטיזם אַלס אַן אויסדרוק פון סאָציאַלער אומאַכט.

פאַר אַ שטאַרקן קלאַס, פאַר דער בורזשואַזיע, אין דער טקופע פון איר היסטאָרישן אויפשטײַג, פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט, אין זײַן פריִער יוגנט, איז דער ראָמאַנטיזם בלויז, ווי אַ גאָב זײַן יוגנט־עלטער. פאַרפעסטיקנדיק זיך, אויסוואַקסנדיק, דערפילן זיי די געשמאַקלאָזיקײַט פון ראָמאַנטישער פּאַטעטיק. זיי וואַרפן זי אַוועק און הייבן זיך אָן באַנוצן מיטן פעסטן, פּינקטלעכן רעאַליסטישן וואָרט. זייער הויפּט־שול ווערט די רעאַליסטישע. די בור־

זשוּאזיע קערט זיך שפּעטער אום צו די ערנסטע טענדענצן פון ראָמאַנטיזם, אַף דער עלטער לעבט די בורזשואזיע אוף יענע טענדענצן פון ראָמאַנטיזם, וואָס גייען פון דעם זיג פון די סאַמע רעאַקציאָנערע פעאָדאַלע פּרינציפּן אין ראָמאַנטיזם. און דאַן קומט דער ראָמאַנטיזם באָכאַמאָל אוף אַלס אַן אויסדרוק פון אומאַכט, פון זקיינעס און מאַכטלאָזיקייט. פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט בלייבט דער ראָמאַנטיזם בלויז זײַן יוגנט־שוואַכקייט, בלויז אַ דערשײַנונג פון יענער צײַט, ווען די פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָגיע איז נאָך ביכלאַל אין אַ גאַנץ היפּשער מאָס געווען פול מיט אַלגעמיינעם הומאַניסטישן גלויבן. אַזאַ איז געווען דער ראָמאַנטיזם פון אייניקע פריִע אַרבעטער־דיכטער אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן י. ה.

נאָר מיטדערצײַט, ווען דער אַרבעטער־קלאַס איז געוואָרן קרעפטיקער, ווען ס׳איז אין אים געוואָקסן דער זעלבסטבאַוווסטזײַן פון זײַן קראַפט, האָט זיך דער אַרבעטער־קלאַס אָפּגעווענדט פון ראָמאַנטיזם אין דער פילאָסאָפיע און אין דער ליטעראַטור. ער שטעלט זיך אַפן שטאַנדפּונקט פון דיִאַלעקטישן מאַטעריִאַליזם אין דידאָזיקע געביטן. דער רעאַליזם ווערט זײַן הויפּט־מעטאָד אין ליטעראַטור און אין קונסט.

## 8

דער ראָמאַנטיזם איז געווען ניט בלויז אַ ליטעראַרישער סטיל, ער איז געווען אַ וועלט־אויפאַסונג, אַ וועלט־אָנשויונג. אין אים האָבן זיך אויסגעדריקט באַשטימטע סאָציִאַל־פּסיכאָ־אידעאָלאָגיעס. די סטיל־אייגנשאַפטן פון ראָמאַנטיזם זײַנען פאָרויס באַשטימט געוואָרן דורך זײַן סאָציִאַלן געגעזיס. און ווי די סטיל־אייגנשאַפטן, אַזוי אויך די וועלט־אָנשויונג פון ראָמאַנטיזם זײַנען פרעמד דעם פּראָלעטאַרישן באַוווסטזײַן. דער ראָמאַנטיזם איז לויט זײַן עצעם נאַטור, לויט זײַן טאָך, אידעאַליסטיש. דער מעטאָד פונעם פּראָלעטאַריִאַט קען ניט זײַן ניט קײַן רעאַליסטישער. די ראָמאַנטיקער זײַנען, ווי מיר האָבן שוין געזען, ראַציִאָנאַליסטן, סכעמאַטיקער, דאָגמאַטיקער. דערצו נאָך אָפט סענטימענטאַל. דעם פּראָלעטאַרישן באַוווסטזײַן זײַנען דידאָזיקע אַלע זאַכן טיף פרעמד. דאָס שאַפן פון די ראָמאַנטיקער איז געווען דורכגעדרונגען מיט סכעמאַטישע קאָנטראַסטן. דאָס שאַפן פון פּראָלעטאַריאַט מוז זײַן געבויט אַף דיִאַלעקטישע ווידערשפּרוכן, וואָס בילדן אין טאָך אַ דיִאַלעקטישע איינהײַט. אין צענטער פון ראָמאַנטישן שאַפן איז טאָמיד געשטאַנען די אויסשליסלעכע פּערזענלעכקײַט, אין צענטער פון פּראָלעטאַרישן שאַפן מוז שטיין דער סינטעטישער כאַראַקטער פון קלאַס, ניט די אויסשליסלעכע פּערזענלעכקײַט, נאָר דער טיפּישער כאַראַקטער.

דאָס גלויבן פון די ראָמאַנטיקער איז געווען דורכגעדרונגען מיט טיפן ביטל צום עמעס פון לעבן, צו דער ווירקלעכקײַט. זיי האָבן אוועקגעמאַכט מיטן האַנט דעם דיסקאָנט פון די רעאַלע קויכעס־פאַרהעלטענישן. אָט דאָסדאָזיקע גלויבן איז געווען פּרינציפּיעל אַנטאָגאָניסטיש צום וויסן און איז געווען געבויט אַפן פּאַטאָס, אַף דער באַגײַסטערונג פון דיכטער, אַף זײַן פאַנטאַסטיק. דער ענטוזיִאַזם פון פּראָלעטאַריאַט איז געבויט אַף וויסן, אַף דיסקאָנט.

די אַקטיווקײַט פון די ראָמאַנטיקער איז די זעלבסט־אָפּפערונג פון העלד אַלס קעגנזאַץ צום האַמוין. דער אַקטיוויזם פון פּראָלעטאַרישע קינסטלער אין ליטעראַטור איז דער אַקטיוויזם פון אַ קלאַס, וואָס פאַרמאָגט אַ קלאָרן באַוווסטזײַן פון זײַנע אייגענע קרעפטן און פון די וועגן צו באַקעמפן זײַן פײַנט.

דער קלאַס, וואָס אין אים זײַנען פאַרבאָרגן סאָציִאַלע מעכטיקײַטן אַף מאַכן אַ סאָף צו דער קלאַסן־טקופע פון דער מענטשהײַט, האָט ניט וואָס צו גיין אַף איין וועג מיט יענע ליטעראַרישע שולן, וואָס האָבן אין דער קלאַסן־געזעלשאַפט גופא אויסגעדריקט די סאָציִאַלע מאַכטלאָזיקײַט.

די פראָלעטארישע ליטעראטור מיט די ראָמאנטיקער פאראייניקט דער אקטיוויזם, דער אָפּטימיזם, דאָס גלויבן פון אייניקע ראדיקאלע ראָמאנטיקער אין מענטשן. נאָר אָט די עלעמענטן פון דעם ראָמאנטיזם קענען ארייַנגיין אין דעם אינוווענטאר פון פראָלעטארישער ליטעראטור בלויז דאן, ווען זיי וועלן קריטיש איבערגעשאצט ווערן, קריטיש אופגענומען ווערן, ערשט דאן ווען זיי וועלן באפרייַט ווערן פון זייער אבסטראקטן הומאניזם און פאציפיזם, פון זייער אויסער־היסטאָרישקייַט.

מיר ריידן וועגן פײַנבערגן, ווײַל ער האָט, ווי אונדז דאכט, פארנומען א היפשן אָרט אין דער רעוואָליוציאָנערער שאפונג, וואָס האָט באקומען אן אָפּשפּיגלונג אף די שפּאלטן פון „פרײַהײַט“ און זשורנאל „האמער“ אין די יאָרן פון אומגעפער 1926—1929. דער נײַער „דריטער פעריאָד“ האָט באשטימט פײַנבערגס אָרט צווישן די פארעטער און אים אָפּגעוואָרפן פון דער קאָמוניסטישער פרעסע.

לעהײפעך צו אזא מין אורבאניסטיש־קאָנסטרוקטיוויסטישן אינטעליגענט־מיטלויפער, זײַנען די נײַע פּראָלעטארישע דיכטער אין דער ייִדישער ליטעראטור פון אמעריקע מער אָרמיטלבאר און אָרגאניש־רעוואָליוציאָנער, מעג בא זיי אפילע זײַן רויִקײַט און נאַיִוויטעט. זיי קומען ניט פון אויסן דינען דעם ארבעטער, נאָר זיי דינען דעם ארבעטער און זיך, זיי דינען דעם פּראָלעטאריאט ניט מיט דעם, וואָס „ער דארף און וויל“, ניט מיט דעם פארגעטערן זײַנע פּראָלעטארישע מײַלעס און אופטועו, נאָר מיט אויסלעבן זיך און בעמיילע—די שטימונגען און שטרעבונגען פון דעם פאבריק־פּראָלעטאריאט. זייער סאָציִאלער אידעאל איז נאטירלעך א פּראָלעטארישער, מיט אלע זײַנע מײַלעס און כעסרוינעס. זייער הויפּט־שטימונג שטאמט פון די יונגע לעבן־קוואלן פון א יונגן געזעלשאפטלעכן קלאס. זייער אורבאניזם איז ניט קיין אבסטראקטער, נאָר האָט דעם פלייש פון קאָנקרעטע שטיקער שטאָט־לעבן—די פאבריק און די גאס. זייער „סקוועד“ פארמאָגט ניט בלויז ניטדערגרייכבארן פּראכט און גלאנץ, נאָך וועלכן עס בענקט דער קאָנסטרוקטיוויסט־אינטעליגענט און וועלכן דער לעצטער פּראכט צוליב זײַן ניט דערגרייכבארקײַט,—ניין, פארן יונגן פּראָלעטארישן דיכטער פארמאָגט דער „סקוועד“ דעם שטעמפּל פון סאָציִאלע שלאכטן און קעגנזאצן, און אָט דערמיט איז געפארבט די באציִונג פונעם דיכטער צום „סקוועד“.

צוזאמען דערמיט דארף מען געדענקען, אז דידאָזיקע יונגע ליטעראטור טרעט אויס אליין פאר זיך א וועג און ווערט געשאפן אין באדינגונגען פון אָנגעשטרענגטן קאמף פונעם ארבעטער־קלאס פאר זײַנע עלעמענטארסטע באדערפענישן. דאָס זײַנען ניט קײַן דיכטער־פּראָפעסיאָנאלן, זיי באקומען ניט קיין מעלוכע־שטיצע, זיי האָבן ניט די מעגלעכקײַט פאר אויסשולונג. דעריבער קען מען בא דידאָזיקע נײַע פּראָלעטארישע דיכטער זיך אָנשטויסן אף נאַיִוויטעט, אף ניט באזיגטער עקזאָלטאציע, אף ניט קריטישער באציִונג צו פאָרמען און זשאנרען פון דעם אָוואר. דאָס זײַנען קראנקײַטן פון קינדהײַט.

בא די אלע גרונט־מײַלעס און וווקס־קריזיסן טײלט זיך אויס דידאָזיקע ליטעראטור, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, מיט רירנדיקער נאָענטקײַט צום סאָוועטן־פארבאנד, מיט ענטוזיִאזם פאר אונדזער סאָציִאליסטישער בויונג. עס ליגט דעריבער ניט אומזיסט אף דער שאפונג פון די אמעריקאנישע ייִד. פּראָלעס. שרײַבער אזא בוילעטער שטעמפּל פון דער פּראָלעטארישער ליטעראטור אין פ.ס.ס.ר., און עס איז אינטערעסאנט, וואָס זיי לערנען בא די דיכטער, וועלכע האָבן דער פּראָלעטארישער ליטעראטור שוין געגעבן וואָס: זיי לערנען בא כאריקן און פעפערן. זיי זאָגן דאָס אָפן. זיי לערנען זיך בא זיי ניט נאָר פאָרם, נאָר ווערן אויך באהערשט דורך רעוואָליוציאָנערן צוגאנג צו דער טעמע, צום מאטעריִאל, אונטער זייער ווירקונג.

מיר גײען איבער קאָנקרעט צו פלאטנערס בוך.

2

איין גרונט־טעמע פונעם בוך איז—ארבעט. פלאטנער אנטפּלעקט אונדז זײַן באציִונג צו ארבעט. צו ארבעט קען מען זיך באציִען פארשיידן. מען קען עס שקלאפיש פאראכטן; מען קען עס אינטעליגענטיש פארגעטערן, מען קען זיך גאמזולעטוויוועדיק פארליבן אין ארבעט, ווי עס טוט רײזינס העלד אין דער נאָוועלע „שליפעס“, מען קען צו דער ארבעט האָבן א פּראָלעטאריש־דיִאלעקטישע באציִונג.

בא די דײַטשן איז דאָ א באַלעבאַטישער שפּריך־וואָרט „ארבעט מאכט דאָס לעבן זיס“. אזא מין פאָרמול וועגן באציִונג צו ארבעט איז שטארק צוניך געקומען דער בורזשואזיע אין איר עקספּלואטאציע־פּאָליטיק.

און בא פלאטנערן איז דאפקע דאָ ליבע צו ארבעט, גרויסע פריידיקע ליבע. ווי דארף מען דאָס פארשטיין? צי שטאַמט דאָס פון דעמזעלבן קוואַל, וואָס דער דערמאָנטער שפּריכוואָרט?

פלאטנער שרייבט:

די ארבעט איז פאר מיר א ליד,
יעדער קרעכץ פון ראָד — א טאָן;
די ארבעט־קראפט — פון ליד דער זין.
איך קלײַב באגײַסטערט טענער אָן,
און זינג זיי אויס אף דער מאשין...

אָדער אין א צווייטער ליד — אן אנדער וואריִאציע פון דעמזעלבן מאָטיוו:

איך ליב די ארבעט אָן א שיר,
ס'איז א פרייד בא מיר:
כ'בין שטענדיק מונטער,
אז איך ארבעט, איז מײַן גײַסט געזינטער.

עס איז לײַכט צו זען, אז אין דידאָזיקע ארבעט־פריידיקע שורעס איז ניטאָ יענער שטומפּיקער, באוווסטזיניק־מאסקירנדיקער, לאקירטער אינהאלט פון דעם שפּריכוואָרט „ארבעט מאכט דאָס לעבן זיס“. פארקערט, דאָ איז דער געפיל פון אויסלעבן און דערפילן די אייגענע קראפט ניט באנאליזירט. עס איז גיכער א נאִיווער געזאנג צו דער ארבעט, א געזאנג, וועלכער וועט ערשט שפּעטער קריסטאליזירט ווערן אין געזאנג פאר דעם ס אָ צ י ִ א ל ן ס ו ב י ע ק ט פון דער ארבעט. אויך אין די ציטירטע ערשטע פיר שורעלעך זאָגט שוין דער דיכטער, אז „די ארבעט־קראפט — פון ליד דער זין“: אויב די ארבעט איז א ליד, איז אָבער, הייסט עס, איר זין די א ר ב ע ט ־ ק ר א פ ט און דער פּראָלעטאריער־סוביעקט. און דאָס איז ריכטיק. די באשרײַבונג פון ארבעט־ליבשאפט איז בלויז א פאָרם פאר סאָציִאַלער עקזאַלטאציע, פאר פארליבטקײַט אין דעם פּראָלעטאריער, — אין דעם פּראָלעטאריער, וועלכן דער דיכטער האָט דערפילט אין זיך, דערפילט אים, ווי א בויער און איבערבויער:

באגינען. מײַן קראפט איז אויסגערוט.
בלייכע הימלען וועקן שטיל און צארט די וועלט;
גיי איך מיט מײַן ארבעט־קויעך אין האנט.
— — — — — — — — — — — —

עס רופט די ארבעט מיך פון ווײַט,
איך פיל עס אין מײַן יעדן גליד;
און פעסטער הילכן מײַנע טריט —
עס וועט ניט ליידיק שטיין דער טאָג,
ס'וועט ניט פוסטעווען די לופט:
איך שפּאן אײַך אלע אײַן אין יאָך,
כ'נעם די ווינטן מיר צו הילף;
באפעל די טײַכן: טאָן וואָס מיר געפעלט...
אינלופטן וועט זיך טראָגן האמער־קלאפּ,
ווינטן־ראש, וואסער־רויש —
טראָגן זיך אין אלע עקן וועלט.
ביזן אָוונט וועלן רוישן די מאשינען,
ס'וועט די נאכט אן אנדערע די וועלט געפינען...

דאָ ווערט באזונגען די א ר ב ע ט ־ ק ר א פ ט און איר גרויסער סאָד פון א י ב ע ר מ א כ ן און ב א ה ע ר ש ן. דער יונגער דיכטער שיילט זי שטיפעריש אויס פון דעם נויט־און עקס־

פלואטאציע־פאנצער, וועלכער ליגט אף איר: אָדער ער איז ניט געבראָכן אונטער איר לאסט, אָדער ער פילט שוין, אז ער וועט זיך פון איר באפרייַען. אזוי־צי־אזוי—דער דיכטער קוקט מיט א מונטערן בליק אף דער ארבעט און איר טרעגער. ניטאָ די קנעכטישע באציִונג צו ארבעט, ניטאָ אויך די גאמזולעטויוועדיקע באציִונג צו ארבעט, וועלכע „מאכט דאָס לעבן זיס״

מיר קענען ניט פארדעכטיקן פלאטנערן אין גלייַכגילטיק־בעשאָלעמדיקער באציִונג צו ארבעט, שוין אויך צוליב דעם, וואָס ער איז שטענדיק אָפטימיסטיש־ענערגיש, דינאמיש־דורשטיק נאָך לעבן. אזא קען שוין קיין זיסקייַט ניט זוכן אין איבערדריסיקער, באלעס־טיקנדיקער, אָפטויטנדיקער ארבעט:

דערפאר בין איך לוסטיק,
דערפאר בין איך פריילעך,
און טענצל זיך אונטער
פאמעלעך —
א וועלט וועט דאָך קיינמאָל ניט שטארבן.

דאָס איז דער אָפטימיזם פון א געזונטן קלאס, פונדאנען שטאמט ארבעט־פרייד. און אויב דידאָזיקע ארבעט־פרייד איז נאָך ניט גענוג סאָציִאל־באדינגט, בלייַבט שוין אָבער נאָר איין טראָט דערצו.

דער עלעמענט פון סאָציִאלער נאִיוויטעט און ניט גענוגנדער באזינקייַט, וואָס איז דאָ אין די ערשטע ארבעט־לידער, לאָזט זיך נאָך שטארקער פילן אין די לידער „פון יעצירע״, ווו ביִאָלאָגיע און עראָטיק שטייט איז צענטער.

3

אייַזיק פלאטנער טרעט ערשט צו ברענגען אין אָרדענונג און באפעסטיקן זייַן אידעאָלאָגישע באזע. ער איז נאָך אין א גרויסער מאָס סטיכעִיש און הויל פון יעטווידער טראדיציע. דורך סטיכישן דראנג צו באזינגען די ארבעט, די מאשין, די גאס—די נאָענטע און מער ברייטע ספערע—גייט ער צו דער באוווסטזיניק־סאָציִאלער טעמע.

דער סטיכישער ריס צו ארבעט־טעמאטיק, אָן דער געהעריקער באזינונג פון די סאָציִאלע קאָנפליקטן, איז, דוכט אונדז, אן אָפשפיגלונג פון דער סטאדיע, אין וועלכער עס געפינט זיך באם הייַנטיקן טאָג די רעוואָליוציִאָנערע ארבעטער־באוועגונג אין אמעריקע. די נייַע טענער אין דער באציִונג צו ארבעט, דאָס, וואָס אין פלאטנערס ליד פארנעמט די מאשין דעם אָרט פון דעם „סוויטינג״־ווארשטאט אין די ווערק פון די אמעריקאניזירטע ייִדישע שרייַבער פון פריִער (רייזין א.אנד.),—דידאָזיקע נייַע ניט־„ייִדישלעכע״ טענער, זייַנען ווי־דעראמאָל א צייכן פון אופשטייַג אין דער רעוואָליוציִאָנערער באוועגונג און פון דער פאר־ברייטערונג פון די סאָציִאלע און שעפערישע האָריזאָנטן בא די ייִדישע ארבעטער און זייערע דיכטער. דער סטיכישער אָנוווקס פון דער באוועגונג, וואָס האָט זיך נאָך ניט אויס־געגאָסן אין א פעסטן פורעם, האָט געלייגט איר שטעמפל אף די ווערק.

אָבער עלעמענטן פון סאָציִאלער טעמע זייַנען שוין דאָ, און עס איז קאָנטיק, ווי אפן כּאָן פון נייַער סאָציִאלער באציִונג ווערן געגעבן אנדערע בילדער. מאָלנדיק די שטאָט און גאס (קאפיטל „סקווערן״), זעט פלאטנער דעם געראנגל, וואָס קומט פאָר אין סאָציִאלן לעבן. „בראָדוויי. הארץ פון שטאָט״...—רופט אויס דער דיכטער—„דייַן טיר איז פון גאָלד, פון זילבער די שלעסער; דיין וואָרט—איז א מאָרד, דייַנע אויגן—א מעסער״. און אויסמאָלנדיק דעם רייַך־אויסגעלאסענעם לעבן פון דער גווירישער גאס, מעלדעט ער:

מיר ווען שוין מער ניט פארטראָגן
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
איך וועל קומען מאָגען בא דעם סקווער,
איך בין אייבער פון מיליאָנען,

א פראָסטער, אזא פראָסטער:
כ'האָב קיין פראק ניט, קיין צילינדער,
און קיין אויטאָ ניט אפילע.
— — — — — — — — — — —
גאָר איך האָב שוין איינמאָל א טײַנע —
ברידער מײַנע
שווענקן אוף פון הונגער,
גייען אום מיט אומרו אין די פינגער;
מיט הענט, מיט איבעריקע, ווי בײַטשן,
שפאנען.
הונגעריקע קאראוואנען,
ביזוואנען!?
— — — — — — — — — — —
מײַנע ברידער קומען אָן,
אף פײַערדיקע וועגן...

די גאס איז שוין ניט רויק, צוליב די סאָציאַלע צוזאמענשטויסן, וועלכע וויקלען זיך פאנאנדער. דער „צילינדער" און די „גאָלדענע טיר" זײַנען באדראָט פון די „הונגעריקע קאראוואנען". דער ניו־יאָרקער סקווער איז שוין אָנגעבריט פאר די שלאַכטן:

גאָר ארײַן אין קאָן,
אין ברען —
ניט קיין ברויט, ברויט,
רויט, רויט,
קאמף,
בונט!
פאר אלע טעג פון טעמפער נויט,
פאר דעם לעבעדיקן טויט...

און אזוי אף אלע סקווערן—בראָדוויי, מעדיסאָן־סקוועיר, יוניאָן־סקווער. די אטמאָספער פון סאָציאַלער מערידע זאפט דורך די ניו־יאָרקער פלעצער—אזוי זעט דער דיכטער. עס איז דאָ ניט בלויז א ניו־יאָרק פון רײַכקײַט—עס איז דאָ א ניו־יאָרק פון פראָלעטאריער און רעוואָליוציאָנערן. „ס'וואקסן יונגען אויס, ווי שניטער, הענט בא זיי, ווי מעסער", אין יוניאָן־סקווער „שמעקט מיט אופשטאנד", „ס'איז סקווער מיט רויט שוין א צווילינג", ווײַל „עס קלאפט א נײַ הארץ פון שטאָט, אין רויטן סקווער". צי וועט זיך די ניו־יאָרקער רײַכע גאס ראטעווען פון דער רעוואָליוציאָנערער סטיכייע? ניין! דער בורזשואזער ניו־יאָרק איז עס ניט בעקויעך, נאָכמער:

ס'האָט פרימאָרגן הײַנט א פאטש געטאָן דער גאָס אין
פאָנים,
מיט אן אָנקום פון א פאָלק מיט פאָנען.
— — — — — — — — — — —
אינעם אופפלאץ פון גערודער
האָט א גאנץ פאָלק מיט ברידער
זיך צעשריגן—נידער!
זאָל!
און ווידער —
זאָל.

(„פראָצעסיע", ז. 69)

פלאטנער פילט דעם גרויסן אָנברויז פון רעוואָליוציאָנערן דראנג אין די מאסן. ער זעט, ווי די רײַכע גאס קריגט א פאטש אין פאָנעם. דערמאָנט זיך כאריקס שורע אין די „מינ־

סקער בלאָטעס": „און ס'פליט אין שויב א שארפער שטיין"? פלאטנער ווארייִרט אף זײַן אויפן כאריקס מאָטיוו.

אזוי ארום ווערט פלאטנערס ליבע צו ארבעט דערפילט מיט די זעונגען פון אָנקומענדיקער רעוואָליוציע. איינס מיט דאָס אנדערע קען גיין צוזאמען בא א פראָלעטארישן דיכטער.

4

צום סאָוועטן־פארבאנד ווענדט זיך פלאטנער צוויי מאָל—אין זײַן ליד וועגן לענין, און אין דער ווענדונג „א גרוס צו די כאוויירים אין כאָוועטן־פארבאנד". דאָס ליד וועגן לענין איז געשריבן אין א געהויבן־פײַערלעכן טאָן, דאָס צווייטע ליד איז זייער קרעפטיק און אופריכטיק:

כאוויירים טײַערע. מיר זײַנען אײַך מעקאנע.
און ציילן דאָ מיט ציטער אײַער יעדן זיג;
וויפל נײַע הײַזער ס'זײַנען שוין בא אײַך פאראנען,
און וויפל נײַע טיילן אין יעדער פאבריק.

דידאָזיקע סטראָפע פאָרמולירט „פראָסט" די געפילן פון די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער אין אמעריקע צום סאָוועטן־פארבאנד. און די ווײַטערדיקע סטראָפעס מאכן דעם „אויספיר".

עס איז אומעטיק אין לאנד דאָ,
ס'איז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען,
ס'איז נימעס אָבער שוין די רו.
און ס'ווילט זיך ביקס אין האנט גאָר נעמען,
אז דאָ, אף הארסאָן, זאָל א זינג טאָן,
ווי עס זינגט בא אײַך אף דניעפר;
אין אונדזערע לידער זאָל א קלונג טאָן,
ווי עס קלינגט בא איציק פעפער...

וואָרעם:

בא אונדז—נאָך זינגט מען פון א טויטער מאמען,
פון א קעשער, פון מעזוזעס און פון טפילן;

דעריבער:

איז גאָר אזוי ווי איר—פארביסן.
לערנען זיך—צו טראָגן רויטן שטערן...

* * *

עס זײַנען שוין דאָ יידישע שרײַבער אין אמעריקע, וועלכע האָבן זיך אופגעהויבן אף די פלייצעס פונעם פראָלעטאריאט און וואקסן אלס זײַנע דיכטער. מיר זעען עס אין אלע לענדער און אלע ליטעראטורן, דאָס וואקסט אויך אָן אין דער יידישער ליטעראטור: די פלאטנערס אין אמעריקע און אנדערע אין דעם אונטערערדישן פוילן, ליטע, לעטלאנד, דײַטשלאנד. דער פראָנט פון יידישער רעוואָליוציאָנערער און פראָלעטארישער ליטעראטור ברייטערט זיך...

ה. רעמיניק.

# אונדזער יונגער ליטעראַרישער דאָר.

## I. וועגן דער יוגנט־ליטעראַטור.

דעם אופמערקזאמען באַאָבאכטער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור וואַרפט זיך אין די אויגן די פאָלגנדיקע מערקווירדיקע דערשײַנונג. מיר האָבן א גאנצע פאלאנגע פון יונגע שרײַבער, וואָס מע קען ניט זאָגן, אז ס'ווערט אף זיי ניט געלייגט קיין אופמערקזאמקײַט. מע קען אויך ניט זאָגן, אז דידאָזיקע יונגע שרײַבער־פּלעיאַדע האָט ניט ארויסגערוקט קײַן אינטערעסאנטע שרײַבער, און, אפילע, שוין אָנגעזעענע טאלאנטן. פונקט פאַרקערט. אונדזער שרײַבערישע יונגוואַרג פארנעמט שוין א גאנץ בעקאָוועדיקן אָרט אין אונדזער ליטעראטור; זי איז מערסטנטייל אָרגאניזירט אין אונדזערע פּראָלעטארישע שרײַבערישע אָרגאניזאציעס. און דאָך האָבן מיר ניט קיין יוגנט־ליטעראטור.

פארשטענדלעך. ווען מע זאָל רעכענען פאר יוגנט־ליטעראטור די ווערק, וועלכע ווערן אָנגעשריבן דורך יונגע שרײַבער, וואָלט מען געקענט זאָגן, אז די יוגנט־ליטעראטור איז בא אונדז א גאנץ באדײַטנדיקע. ס'וואָלט, אָבער, געווען ניט ריכטיק אזוי צו רעכענען.

פאר יוגנט־ליטעראטור דארפן מיר רעכענען נאָר די ליטעראטור, דער אינהאלט פון וועלכער איז די אָפּשפּיגלונג פונעם קאמף פון דער האָרעפּאשנער יוגנט פאר דער גאנצער צײַט פון דער רעוואָליוציע און פונעם אוואנגארד פון דערדאָזיקער האָרעפּאשנער יוגנט — פון קאָמיוג.

אויב מיר זאָלן שטעלן די פראגע, צי איז פאראן בא אונדז א יוגנט־ליטעראטור, וועלן מיר מוזן קאָנסטאטירן, אז ניין, אז אזא ליטעראטור איז נאָך בא אונדז אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור ניטאָ. ס'איז א פאקט, אז אין דער רוסישער ליטעראטור זײַנען פאראן קאָמיוגישע דיכטער, פּראָזאיקער און אפילע א קאָמיוגישער טעאטער. ס'איז אויך א פאקט, אז די רוסישע יוגנט־ליטעראטור האָט געשפּילט א רעוואָליוציאָניזירנדיקע ראָל אין דער אנטוויקלונג פון דער רוסישער ליטעראטור נאָך דער רעוואָליוציע, אז אפילע אזא מין דיכטער, ווי יעסענין האָט א זאָג געטאָן. „И хочется мне задрав штаны бежать за комсомолом". ווי זשע קומט עס טאקע, וואָס מיר האָבן א גרויסע צאָל יונגע שרײַבער און האָבן ניט קיין יוגנטלעכע, — קיין קאָמיוגישע ליטעראטור?

* * *

די יוגנט־ליטעראטור, ווי א ספּעציפישע שטרעמונג אין דער אלגעמיינער אנטוויקלונג פונעם ליטעראַרישן פּראָצעס, איז אנטשטאנען צוזאמען מיט דער קאָמוניסטישער באוועגונג צווישן דער ארבעטער־יוגנט, זי איז געבאָרן געוואָרן צוזאמען מיטן קאָמוניסטישן יוגנט־פארבאנד. אז דאָס איז אינדערעמעסן אזוי, קענען מיר זיך איבערצײַגן פון דעם פאקט, לעמאָשל, וואָס ביז דער רעוואָליוציע איז בא אונדז קיין קאָמוניסטישע יוגנט־באוועגונג ניט געווען, און דעריבער, ניט געווען אויך קיין יוגנט־ליטעראטור. ניט קיין קאָמיוגישע האָט די יוגנט־ליטעראטור ניט געקענט זײַן, ווײַל צוזאמען מיט דער רעוואָליוציע האָט אופגעוואכט צו אן אקטיוון, שטורמישן, רעוואָליוציאָנערן לעבן גראָדע די ארבעטער־יוגנט.

די קראַפט אָבער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון דער אַרבעטער־יוגנט איז געווען אַזוי גרויס, דער רעוואָליוציאָנערער ענטוזיאַזם פון דער קאָמוניסטישער יוגנט איז געווען אַזוי קאָלאָסאַל, אַז זיי האָבן געשאַפן ניט נאָר דעם אַוואַנגאַרד פון זייער באַוועגונג—דעם קאָמיוג, נאָר אויך אַן אייגענע קאָמיוגישע ליטעראַטור. ס'איז אַ פאַקט, אַז בעזימענסקי—דער אָנגעזעענסטער קאָמיוגישער דיכטער און איינער פון די אָנגעזעענסטע דיכטער אין דער רוסישער ליטעראַטור בכלל—איז אויך געווען איינער פון די גרינדער און שעפער פון קאָמיוג. און ווי איז געווען אין דער ייִדישער סוויווע?

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט, פאַרשטייט זיך, אויפגעוועקט צו אַן אַקטיוון פּאָליטישן לעבן אויך די ייִדישע אַרבעטנדיקע יוגנט. זײַנען טאַקע די מער פּאָרגעשריטענע פון דער ייִדישער אַרבעטער־יוגנט געגאַנגען שוין פון די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָליוציע אין קאָמיוג, אין פּאַרטיי, אויף די פראָנטן.

אויף וויפל דער קאָמיוג האָט געווירקט אויך אויף דער ייִדישער סוויווע און אויף וויפל אַ טייל פון דער ייִדישער יוגנט האָט גענומען אַן אָנטייל אין דעם בירגער־קריג, האָט דאָס געפונען אַן אָפּשפּיגלונג ניט בלויז בײַ פּעפערן, וועלכער איז געווען דער ערשטער טאַלאַנטפולער דיכטער פון קאָמיוגישע מאָטיוון. מיר האָבן שוין אפילו אין די ערשטע יאָרן פון בירגער־קריג אַ ריי ליטעראַרישע אַרויסטרעטונגען פון דער ייִדישער אַרבעטער־יוגנט, וועלכע האָט אין אַ געוויסער מאָס אפילו די ערשטע אַרויסגעטראָגן אויף אירע פּלייצעס די לאַסט פון ליטעראַרישע צוזאַמענשטויסן מיט דער ייִדישיסטישער עסטעטיק און פאָרמאַליסטישנאַציאָנאַליסטישער ליטעראַטור.

מע דאַרף אָבער קאָנסטאַטירן, אַז אין אָט די ערשטע יאָרן פון בירגער־קריג האָט אונדזער שרײַבערישע יונגוואַרג לויט דער טעמאַטיק, לויטן סטיל פאָרגעשטעלט מיט זיך ניט קאַדרען פון אַ ספּעציפישער י ו ג נ ט - ל י ט ע ר אַ ט ו ר, נאָר יוגנטלעכע קאַדרען פון דער א ל ג ע מ יי נ ע ר סאָוועטישער און פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

* * *

די יאָרן 1926־1924 זײַנען געווען די יאָרן פון אויפשטעל־פּעריאָד אין אונדזער ווירטשאַפט, פון פאַרהיילן די ווונדן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע און בירגער־קריג, פון אויפבוי פון אונדזער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אויף אַלע געביטן. גראָד אין די דאָזיקע יאָרן איז אויך פאַרשטאַרקט און פאַרצווײַגט געוואָרן די קאָמוניסטישע אַרבעט אין דער ייִדישער האָרעפּאַשנער סוויווע, בעסויכעם אויך צווישן דער ייִדישער האָרעפּאַשנער יוגנט. נאָכן VI צוזאַמענפאָר פון קאָמיוג האָט די ייִדישע אַרבעטער־ און קוסטאַרןיוגנט מאַסנווײַז זיך אַ לאָז געטאָן אין קאָמיוג. אין יענע יאָרן האָט אויך אָנגעהויבן דערשײַנען דער „יונגוואַלד“, די כאַרקאָווער „יונגע גוואַרדיע“, דער מינסקער „יונגער אַרבעטער“; ס'האָבן אָנגעהויבן אַנטשטיין די יוגנט־ליטגרופּעס; ס'איז אויפגעקומען די „יונגוואַלד“־נאָוועלע און לידער. ס'איז דערשינען די לידער־זאַמלונג „קעפּ“, אַרויסגעגעבן פון דער מינסקער גרופּע „יונגער אַרבעטער“. דאָס איז געווען יוגנט־ליטעראַטור דורכגעזאַפּט מיט קאָמיוגישן גײַסט, מיט קאָמיוגישע מאָטיוון, פון יוגנטלעכן שטייגער, פון קאָמיוגישער אַרבעט. וועגן די „יונגוואַלד“־שרײַבער האָט מ. ליטוואַקאָוו געשריבן, אַז זיי שפּילן אַ פּאָזיטיווע, רעוואָליוציאָניזירנדיקע ראָל בענוגע די עלטערע ייִדישע שרײַבער, און די ערשטע אַלוקראַינישע באַראַטונג פון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער האָט אָנגענומען אפילו אַ ספּעציעלן פּונקט, ווו ס'איז פאַרצייכנט געוואָרן די רעוואָליוציאָניזירנדיקע ראָל פון דער יוגנט־ליטעראַטור.

נאָר דאָ האָט געטראָפן אַן אינטערעסאַנטע זאַך. צוזאַמען מיט דער מינסקער ליטגרופּע

האָבן זיך אַרויסגערוקט אַ גאַנצע ריי יונגע שרײַבער פון כאַרקאָוו, מאָסקווע, קיִעוו, אָדעס. ס'האָבן זיך באַוויזן גאַנץ אינטערעסאַנטע און טאַלאַנטפולע יונגע פּראָזאַיִקער.

נאָר זיי האָבן זיך ווי אָפּגעקערט פון די יוגנט־מאָטיוון און זײַנען אַריבער צו גאַנץ אַנדערע מאָטיוון אין זייער שאַפן.

* * *

דער אַריבערגאַנג פונעם אויפשטעל־פּעריאָד פון אונדזער פאָלקווירטשאַפט צום רעקאָנסטרוקטיון האָט געטראָפן דעם קאָמיוג אין אַן אָפּשוואַכונג־צושטאַנד. דאָס איז געווען אַ פּעריאָד, ווען אַלטע פאָרמעס פון אַרבעט האָבן שוין מער ניט באַפרידיקט דער יוגנט און קיין נײַע זײַנען נאָך ניט געווען. די קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַרנומען מיט זוכן נײַע וועגן, נײַע פאָרמעס. צווישן אַ טייל פון דער יוגנט איז געווען צו באַמערקן אַ פּאָליטישע אַפּאַטיע, פּעסימיזם, פּערספּעקטיוולאָזיקײַט.

אין דער רעזאָלוציע פון XIV צוזאַמענפאָר פון אַל.ק.פ.(ב) וועגן קאָמיוג לייענען מיר פאָלגנדיקעס: „דער איבערבראָך־מאָמענט אין זײַן (קאָמיוגס. ה. ר.) אַנטוויקלונג פאַלט צונויף מיט דעם איבערבראָך־מאָמענט אין דער אַנטוויקלונג פון די סאָוועטן, פון די פּראָפּאַריינען, פון דער פּאַרטיי, וואָס איז אַן אויסדרוק פון אַן איבערגאַנג־מאָמענט אינעם גאַנצן לאַנד" (סטענאָגראַפישער באַריכט פונעם XIV פּאַרטצוזאַמענפאָר פון אַל.ק.פ.(ב). רעזאָלוציע איבערן פּאָרטראַג פון כ' בוכאַרינ וועגן קאָמיוג. ז. 991).

און נאָך פריִער לייענען מיר וועגן די גרינטלעכע דערשײַנונגען, וואָס זײַנען פאַראַנען אין דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע: „אָפּגעשוואַכטקײַט פון דער דיסציפּלין און וווקס פון פּליסיקײַט אין די רייען פון קאָמיוג, אָנווייזנהײַט פון באַשטימטע ווידערשפּרוכן צווישן די עקזיסטירנדיקע פאָרמעס און אינהאַלט פון דער אַרבעט פון איין זײַט — און די לויפנדיקע פאָדערונגען, וואָס זײַנען אויסגעוואַקסן אויפן גרונט פונעם ווירטשאַפטלעכן וווקס — פון דער צווייטער" (דאָרטן ז. 990). ענלעכע באַשטימונגען קענען מיר געפינען אין די רעזאָלוציעס פונעם VII אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון אַל.ל.ק.יו.פ., וועלכער איז פאָרגעקומען אין אַ קורצער צײַט אַרום נאָכן XIV פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר.

אין דער ליטעראַטור האָבן דידאָזיקע קרענקלעכע שטימונגען געפונען זייער אויסדרוק אין אַ גאַנצער ריי ווערק (מאַלאַשקין „לונאַ ס פּראַווּוי סטאָראָני", ראָמאַנאָוו „בעז טשעראָמוּכי", גומילעווסקי „סאָבאַטשי פּערעולאָק"), וואָס זײַנען געווען זייער אין דער מאָדע צווישן דער יוגנט. די יעסענין־פּראָבלעם איז דעמאָלט הייס און לײַדנשאַפטלעך דעבאַטירט געוואָרן אויף אַלע ליטעראַרישע אָוונטן און ס'זײַנען פאַרכאַפּט געווען מיט יעסענינשטשינע גאַנצע מאַסן פון דער יוגנט.

ס'איז ניטאָ וואָס צו ריידן אַפילע, אַז אין דער ייִדישער סוויוווע איז די לאַגע געווען ניט קיין בעסערע.

עס זײַנען געקומען אין דער ליטעראַטור אַ גאַנצע ריי שרײַבער, דעריקער פון אַ קליינבירגערלעכער סוויוווע און אָפּשטאַמונג (אָליעווסקי, בוכבינדער, הובערמאַן, קאָטליאַר, שעכטמאַן). זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, קיין פּראָלעטאַרישע — און דעריבער אויך קיין קאָמיוגישע מאָטיוון ניט געקענט ברענגען.

## II. דער קלײנבירגערלעכער „אָפּגאַנג". ב. אָליעווסקי. א. הובערמאַן.

די נײַע גרופּע יונגע שרײַבער האָבן פאַר זיך געטראָפן צוויי פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דער ייִדישער סוויוווע: דעם אונטערגאַנג פונעם פאַרמיטלעריש־הענדלערישן שיכט און די רעקאָנסטרוקציִע אין דער עקאָנאָמיק. ביידע פּראָצעסן ווערן באַגלייט מיט קאָלאָסאַלע ראַנגלענישן און לײַדנשאַפטן. ביידע פּראָצעסן פון אונטערגאַנג און איבערבויונג

שאפן די אנטשפרעכנדיקע אידעאָלאָגיעס בא די שיכטן, וואָס ווערן אונטערגעוואָרפן דעם גאנג פון דידאָזיקע פראָצעסן. עס איז קלאָר, אז בא די שיכטן, וואָס ווערן ארײַנגעצויגן אין פראָצעס פון סאָציאַליסטישער בויונג אין אונדזער לאנד, ווערן רײַף די האנאָכעס פארן איבערגיין אף רעלסן פון דער פראָלעטארישער אידעאָלאָגיע; איצט אָבער, וועל איך זיך אָפשטעלן בלויז אף דעם טייל פון אונדזערע יונגע שרײַבער, וואָס האָבן געבראכט אין אונדזער ליטעראטור די אידעאָלאָגיע פון דידאָזיקע אָפגייענדיקע קלאסן.

* * *

די ענלעכקײַט (לויטן אינהאלט) אין די שאפונגען פון אָליעווסקי און הובערמאן איז מאמעש א וווּנדערנדיקע. צוערשט איז זייער גאנצע שאפונג דורכגעדרונגען און אָנגעזאפט מיט פראָבלעמאטישקײַט. ס'איז שווער צו געפינען אפילע איין ליד סײַ בא אָליעווסקין, סײַ בא הובערמאנען, וווּ ס'זאָל ניט געשטעלט ווערן מיט א טיפער לײַדנשאפט א וואָסער ניט איז פראָבלעם. נאָר נאָך מער אינטערעסאנט איז דאָס, וואָס בא דידאָזיקע צוויי שרײַבער כאזערן זיך איבער מיט א וווּנדערבארער פּינקטלעכקײַט דיזעלבע מאָטיוון און פראָבלעמען.

עס איז זייער נאטירלעך. וואָס דער ערשטער מאָטיוו פוןביידע שרײַבער איז די טײַנע, פארוואָס דארפן קינדער טראָגן אף זיך די פארשאָלטענע זינד פון די עלטערן. מיר טרעפן דעמדאָזיקן מאָטיוו בא ביידע דיכטער צום אָנהויב פון זייער שאפן:

„נאָר וואָס בין איך שולדיק, אז ס'האָבן מיר הענדלער געבוירן
אין ייִדישן קלייטל מיט אלטער צעבראָכענער וואָג?
אז כ'וויל מער ניט שלעפן די מאסע פון טאטעשן טרויער,
און העמדלשער לאץ מײַנער וואַרט שוין אף רויטינקן „קים".
(ב. אָליעווסקי. „נו וואָס בין איך שולדיק". „שטערן").

אָט דידאָזיקע טײַנע „נו וואָס בין איך שולדיק"—ס'איז די טײַנע פון א גאנצן שיכט פון דער ייִדישער קליינבירגערלעכער דעקלאסירטער יוגנט, וואָס האָט איבערגעריסן, אָדער וויל איבעררײַסן און „וויל מער ניט שלעפן די מאסע פון טאטעשן טרויער", וויל זיך באַהעפטן צו אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, נאָר וועלכע באגעגנט גרויסע שוועריקײַטן אפן וועג פון דערדאָזיקער באהעפטונג:

דעמזעלבן מאָטיוו האָבן מיר בא הובערמאנען:

„א וואָסער א קאָרבן זאָל איך קאָמיוג דיר ברענגען,
זיך דורכרײַסן אין שטאָלן־דײַנעם הארץ.
קענען ספייקעס אף מײַן קאָפּ שוין מער ניט הענגען,
נעם מיך צו צו זיך און זײַ מײַן האר".

(א. הובערמאן).

ווייטער דערציילט אונדז הובערמאן, אז ערגעץ אין שטעטל האָט ער א טאטן א הענד־לער, וועלכן ער איז אינגאנצן מאקריוו.

נאָר נאָך שארפער האָבן מיר דעמדאָזיקן מאָטיוו אויסגעדריקט אין הובערמאנס א פּאָעמע „מײַן אנקעטע":

כ'האָב גאָרניט פארשטאנען און גאָרניט געמיינט,
נאָר געפילט, אז דאָס גייט אין מײַן לעבן.
מײַן טאטע האָט געכאפּט מיר פון בעט אף די הענט,
דערזען כ'האָב דעם טויט אין זײַנע אויגן.
— דו וועסט באווײַנען דעם דאך און די ערד און די ווענט,

דו וועסט באַווײַנען די מילך, וואָס דו האָסט בא א הענדלער געזויגן.
און איך האָב געציטערט און גאָרניט ניט, גאָרניט פאַרשטאַנען,
(הײַנט ווייס איך, אז ס'האָט אַן אנקעטע א לעצטן, פאַרשאָלטענעם פונקט).
(א. הובערמאַן. מײַן אנקעטע. „שטערן“ № 7 1929).

און ווײַטער שרײַט הובערמאַן אויס מיט ווייטיק:

„מיט אַן אָפענעם האַרץ, מיט פאַרבונדענע אויגן
כ'בין אַוועק אַף ניט טרעפן צוריק.
פאַרוואָס זשע וויל קיינער ניט גלויבן,
אז איך האָב צעבראָכן מײַן וויג“ (מײַן אנקעטע).

מיט דערדאָזיקער טײַנע פון „וואָס בין איך שולדיק“ וועלן מיר זיך באַלד באַגעגענען בא ע. שעכטמאַן, מע קען זי געפינען אין א גאַנצער ריי ווערק בא פאַרשיידענע שרײַבער.

א צווייטער מאָטיוו—דער הויפּט־מאָטיוו אין דער שאַפונג פון אָליעווסקין און הובערמאַנען איז דער אונטערגאַנג פון דער סוויווע, פון וועלכער זיי שטאַמען,—פון שטעטלדיקן פאַרמיטלערישן שיכט. אָליעווסקין שטעלט זיך דאָס פאָר, ווי א מין פוסטקײַט, ווי א שטילקײַט, וואָס הערשט אַף א בייסאַלמען. און אַף וויפל אָליעווסקיס שאַפונג איז אַף דורך און דורך אָנגעזאַפּט און דורכגעדרונגען מיט א טיפן לירִיזם, גיסט זיך אין זײַנע שורעס א ווייטיקדיקער טרויער איבער דעם אונטערגאַנג פון די „זייער נאָענטע“ זײַנע:

„איך גיי אין קוואָרים־טאָל אראָפּ פון אַלטן באַרג,
ווו קרעמלעך הילצערנע הויבן זיך אַלץ העכער.
און ס'שווידערט קאַלט אין פינצטערניש דער מאַרק,
מיט טעמפּן הילצערנעם און הילכיקן געלעכטער“.
(ב. אָליעווסקי. אין וואַלד. „רויטע וועלט“ № 12 1927).

אין לידער וועגן „זייער נאָענטע“ („רויטע וועלט“ № 10 1928). שרײַבט אָליעווסקי פאָלגנדיקעס:

„אזא מין שליאַך, לעוואָנע און שאָסיי,
קענסט שרײַען הײַנט, ס'וועט קיינער דיר ניט זאָגן...
שטיבלעך הילצערנע זיך וואַלגערן אין שניי,—
א פינפטע ראָד צום וואָגן“.

און ווײַטער אין דיזעלבע לידער:

„אין קאַלטן זאַמד פאַרבלײַבן נאָך די טריט
אין קאַלטן זאַמד דער שטויב פון זייער וועלטל...
און ס'רײַסט זיך אוף און ס'שרײַט און ס'רוישט דער צוויט
אין גרויסן גרוי פון אונטערגיין, פון וועלקן“.

מיט א טיפן ווײ און באַדויערונג דערציילט ב. אָליעווסקי, אז דער פינינספּעקטער האָט באַם טאַטן צוגענומען דאָס וויגעלע, אין וועלכער ער איז קינדווייז געשלאָפן, און ס'פילט זיך דער אונטערגאַנג און די פאַרמישפּעטקײַט פון א שיכט, וואָס איז אומבאַהאָלפן צו געבן א וועלכן ניט איז ווידערשטאַנד, און בא וועלכן דער איינציקער מיטל פון ווידערשטאַנד איז עפּשער דער געפיל פון ראַכמאָנעס און אומבאַהאָלפנקײַט, וואָס ס'רופט אַרויס דערדאָזיקער שיכט אין פּראָצעס פון זײַן אונטערגיין.

דערזעלבער מאָטיוו פון אונטערגיין פאַרנעמט אַן אָנגעזעען אָרט אויך אין הובערמאַנס לידער. נאָר אויב בא אָליעווסקין איז דערדאָזיקער קליינבירגערלעכער „אָפּגאַנג“־מאָטיוו

אייגעהילט אין אן אינערלעכן טרויער־און מיטלייד־געפיל, איז בא הובערמאנען דערדאָזיקער אונטערגאנג־מאָטיוו א מער פאראלגעמיינערטער, ווייניקער לירישער, א מין איבעראַטונג צוליב עפעס א גרויזאמער געשעעניש, וואָס קומט פאָר, ברענגט קאַלאָסאלע אופטרייסלונגען, נאָר קיינער קאָן די זאך ניט פארהאלטן.

„איז שווער אים פארשוויַיגן און שווער מיט זיי ריידן,
בעט ער בא קינדער אים העלפן די קרעמערשע עלטער דערטראָגן.
— טאטע, געדענק, ס'וועט ניט העלפן, אומזיסט איז דיַין וויינען און בעטן,
ווען ס'פאלן די הילצערנע רעדער, מוז פאלן דער איַיזערנער וואָגן.
בארג־אראָפּ, בארג־אראָפּ
א צעבראָכענע פור,
אפן וועג איז געפאלן א ראָד.
מיט פארלאָרענעם קאָפּ
זיצט מיַין טאטע אין איר,
פאָרט מיַין טאטע אין איר
בארג־אראָפּ, בארג־אראָפּ". (מיַין אנקעטע).

„בארג־אראָפּ"—דאָס איז דער וועג פונעם יידישן הענדלעריש־פארמיטלערישן שיכט. אָליעווסקי און הובערמאן פירן קינסטלעריש אויס דעם אָפּגאנג פונעם דאָזיקן שיכט אין דער יונגער יידישער סאָוועטישער ליטעראטור.

ס'וואָלט געווען שלעכט, ווען הובערמאן צי אָליעווסקי זאָלן זיך באנוגענען מיט דידאָזיקע קליינבירגערלעכע „אָפּגאנג"־מאָטיוון, און זאָלן וועלן שוין אזוי פארבליַיבן אף דער אידעאָלאָגישער שטופע פון „בארג אראָפּ". צום גליק איז דאָס ניט אזוי. מיר האָבן סימאָנים, און ניט נאָר סימאָנים, נאָר קאָנקרעטע באוויַיזן דורך נייַע ווערק, וואָס ריידן דערפאר, אז דידאָזיקע צוויי דיכטער האָבן זיך אין זייער שריַיבערישער און דעריקער אין זייער אידעאָלאָגישער אנטוויקלונג ניט אָפּגעשטעלט, אז די עוואָליוציע פון זייער שאפונג איז א פאָרויסגייענדיקע, אז דער איצטיקער צושטאנד איז נאָר אן עטאפּ צו אן אידעאָלאָגישער און קינסטלערישער העכערער שטופע. אָליעווסקיס „מאָסקווער מאָטיוון" („רויטע וועלט" № 2. 1930 י.) און הובערמאנס פאָעמע „פריַינט" באוויַיזן, אז הובערמאן און אָליעווסקי באפריַיען זיך פון זייערע שטאם־ליידן. אפילע אין די טרויעריקסטע לידער זייערע, ווו מיר האָבן מיטגעפיל און באדויערונג צום אונטערגאנג פון זייער שטאם, הערן מיר מונטערע מאָטיוון.

ס'האָט מיך עמיצער קינדוויַיז גענומען פון" אייגענעם שטאם,
האָט צווישן אנדערע מענטשן געשמייכלט מיַין קינדעריש קעפל...
און קוק איך פאָרויס—איז א וועלט, און א ברייט, און א יאם,
און א איינציקער בוים, ווו ס'וואקסן אי פלוימען, אי עפל".
(ב. אָליעווסקי).

קיין שטאם־שטאָלץ איז ניט פאראן בא דידאָזיקע שריַיבער, וויַיל זיי ווייסן, אז זיי דארפן איבערריַיסן מיט זייער אמאָל.

„איך וואָלט אויך מיט עפעס וועלן זיך בארימען
האָב איך ניט מיט וואָס" (הובערמאן).

און טאקע דערפאר קען מען האָפן, אז אָליעווסקי און הובערמאן קענען ווערן פראָלעטארישע דיכטער ניט נאָר לויט זייער באוווסטזיניקן אידעאָלאָגישן וועלט־באנעם, נאָר אויך לויט דער טעמאטיק און לויט דער קינסטלערישער וועלט־עמפינדונג.

## III. דער קליינבירגערלעכער „אָפּגאַנג". ע. שעכטמאַן.

א וויכטיקע דערשיינונג אין אונדזער יונגן ליטעראַרישן דאָר איז על. שעכטמאַן. נאָר שעכטמאַן איז א דערשיינונג ניט נאָר צווישן אונדזער ליטעראַרישער יונגוואַרג, נאָר אין אונדזער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור ביכלאַל.

לויט דער טעמאַטיק באהאַנדלט שעכטמאַן אין זײַנע ווערק די זעלבע פּראָבלעם, וועגן וועלכער איך האָב שוין גערעדט, ווען איך האָב געשריבן וועגן אָליעווסקי און הובערמאַן. עמעס, בא שעכטמאַנען איז פאַראַן א דערציילונג, דאַפקע אן אידעאָלאָגיש אויסגעהאַלטענע, וועגן אוקראַינישן דאָרף. נאָר דערווײַל איז דערדאָזיקער מאָטיוו ניט אַנטוויקלט אין זײַנע אַנדערע דערציילונגען, וועל איך וועגן דער דערציילונג דעריבער ניט ריידן.

צוויי הויפּט־מאָטיוון זײַנען פאַראַן בא שעכטמאַנען: דער אונטערגאַנג פונעם הענדלערישן, פונעם געוועזענעם סאָכרישן קלאַס און דער ווײַטערדיקער פּראָצעס פונעם אריבערגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט פון דער דעקלאַסירטער יוגנט.

און דאָ באַקומט זיך א מאָדנע זאַך.

מיר וויסן פון שרײַבער, וואָס זײַנען אידעאָלאָגיש ניט אויסגעהאַלטן דערפאַר, ווײַל זיי זעען ניט קיין אויסוועג פאַר דער דעקלאַסירטער מאַסע. בא שעכטמאַנען, פאַרקערט, איז אין אַלע ווערק פאַראַן דערדאָזיקער אויסוועג אין אריבערגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. און כאָטש שעכטמאַן זעט אן אויסוועג פאַר דער שטעטלדיקער ייִדישער דעקלאַסירטער יוגנט, דאָך בלײַבט ער אידעאָלאָגיש דער סאַמע ווײַטסטער צו אונדז פון אַלע איבעריקע יונגע שרייבער. בא שעכטמאַנען איז ניט צו געפינען קײַן סימען פון נעגאַציע צו די יאָרדים, צו די אַמאָליקע גווירים, סאָכרים. ווײַל מע דאַרף גדענקען, אַז שעכטמאַנס אונטערגייענדיקער שיכט איז ניט „אבי־ווער", עפּעס א קרעמערל, וואָס האַנדלט מיט קערלעך פונעם קוישל. ניין. שעכטמאַנס אַרן־מוישע („פאַרן זוניקן טאָג" „רויטע וועלט". № 8. 1929) איז דער געוועזענער שטעטלדיקער גוויר. און פונדעסטוועגן איז בא שעכטמאַנען פאַראַן פאַר אים אַזויפיל מיטלײַד. „גייט ער אַרײַן אין שטיבל און ליגט אָפּ אַף באַנק־בעטל ביז שטאָקנאַכט. א שווײַגנדיקער ליגט ער; ווען־ניט־ווען לאָזט ער אַרויס א שטיל אײַנגעהאַלטענעם זיפץ..." (פאַרן זוניקן טאָג) „ליגט ער, אַרן־מוישע, אין שטיבל! אַפן באַנק־בעטל ליגט ער; זײַן געלער פּאָנעם איז אײַנגעהילט אין געדיכטע קוטשמעס רויך, וואָס קאַטשעט זיך פון זײַן מאַכאָרקע־ציגאַר"... (דאָרטן) „האַלט ער דעם בריוו, אַרן־מוישע, די וויִעס נעמען ציטערן, פאַרקוקט ער זיך אַפן שטילן הימל, אַף א שטערן, וואָס איז פאַרבליבן איינער אַליין אין דער ראַכוועסדיקער נאַכט. אים דאַכט זיך, אַרן־מוישען, אַז דער שטערן וויינט פון אומעט, הערט ער שוין ניט דעם רויש, וואָס שטראָמט אַרום אים. זײַנע מאַכשאָוועס פּלאָנטערן זיך: — ער איז איצט אן אַרומגעטעסעטער דעמב, א דעמב וואָס דערטריקנט" („פאַרן זונטאָג").

אין אייניקע ערטער דערגייט שעכטמאַן ביז אידעאַליזאַציִע פון דעמדאָזיקן אַרן־מוישען.

נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלץ.

אַרן־מוישעס טאָכטער—די קאָמיוגיסטקע—באַצײט זיך זייער האַרציק צו איר טאַטן. „איך פיל דײַנע שווערע טעג. דו טוסט מיר זייער ווײ... נאָר וועגן דעם קען איך מער ניט שרײַבן!.."

און קלאַל מאָדנע קאָמיוגיסטן באַקומען זיך בא שעכטמאַנען אָט, לעמאָשל, פּאָרט א קאָלעקטיוו קאָמיוגיסטן קײַן כאַרקאָוו זיך אײַנאָרדענען אַף אַרבעט. זײַנען זיי אַלע אַזעלכע נעבעכדיקע, שרעקעדיקע, צעקראָכענע, אומבאַהאָלפענע, וויסן ניט וואָס צו טאָן מיט זיך, אַכוץ וויינען. און סאָפּקאָלסאָף קערן זיי זיך אום צוריק אין שטעטל, און אָט וואָס סע טראַכט איציק—אויך א קאָמיוגיסט—ווען ער באַקומט א טרויעריקן בריוו פון דער שוועסטער:

„איציקן קלעמט, קלעמט מיט ווײ, מיט שווערן ווײ קלעמט אים פאר זײַן אלטן טאטן, דעם טאטנס גוירל טוט אים ווײ ביז דער זיבעטער ריפּ. אָפּט אזוי נעמט אים ארום אזוינע געפילן, פארנעפּלטע, שווארצע, וואָס מע זעט ניט קיין אויסוועג, מע זעט נאָר איין וועג, וואָס פירט צו א שווארצן טאָל... איז וואָס קען ער טאָן, זײַן טאטע? וואָס קען טאָן זײַן שוועסטער? און וואָס קען טאָן די אלטע מאמע? וואָס איז שולדיק די שוועסטער, אז אמאָל, שוין אזוי ווײַט האָט פארפירט דער וועג פונדאָרטן, וואָס זײַן טאטע איז אמאָל א שטיקל נאָגיד געווען, און זי האָט געטראָגן צווײ לאנגע צעפּ, פארפלאָכטן מיט א שענערן סטענגעלע, ווי בא אלע שטעטלדיקע מיידלעך. און וואָס איז זי שולדיק, די שוועסטער, אז דער טאטע האָט זי אמאָל ניט געלערנט זיך כאווערן מיט באלמעלאָכישע קינדער?.. דארף זי הײַנט אזויפיל טרערן פארגיסן. דארף זי הײַנט אירע זיבעצן יאָר אין ווײ, אין שווערע טעג פארניכטן, טראָגט זי נאָך ביז היינט א שווערן כעט פאר איר טאטנס זינד, וואָס ער איז אמאָל א שטיקל נאָגיד געווען... אָפּגעריסן איז זי פונעם ברייטן שליאך, זי ליגט פארוואָרפן אין א ווינקל, אין שאָטן, זי האָט פאר זיך איין סטעזשקעלע, וואָס פירט זי מיטן טאטן צו איין טאָל...״ (ע. שעכטמאַן. „פון מײַנע טעג״. „פראָליט״. 10 № 1929).

דאָ איז די אייגענע טײַנע פון „נו וואָס בין איך שולדיק״, וואָס מיר האָבן זי פריער באגעגנט בא ב. אָליעווסקין און א. הובערמאַן. נאָר דאָ איז זי קאלטער, פרעמדער, פײַנט־לעכער מיט אן איראָנישן ביטל צו די „באלמעלאָכישע קינדער״, מיט וועלכע איציקס טאטע האָט ניט געלאָזט זיך כאווערן זײַן שוועסטער.

און וואָס איז דאָס פאר א מין קאָמיוגיסט, דער איציק, וואָס „אָפּט, זייער אָפּט נעמען אים ארום אזוינע געפילן״? ס'איז גלײַך צו דערקענען, אז דאָס איז א געוועזענעם „שטיקל נאָגידס״ א זונדל. מיר ווייסן פארשטענדלעך, אז דער אווטאָר איז ניט פאראנטוואָרטלעך פאר די האנדלונגען פון זײַנע העלדן. נאָר מיר ווייסן אויך גאנץ גוט, אז דער אווטאָר זאָגט אָפּטמאָל ארויס זײַנע געדאנקען דורך זײַנע העלדן. און דאָסמאָל גלוסט זיך שוין זייער שטארק א פרעג טאָן, צי דריקט איציק ניט אויס שעכטמאַנס געדאנקען? איך שטרײַך אונטער ווידעראמאָל:

אין זין פון אידעאָלאָגיע שטייט שעכטמאַן גאנץ ווײַט פון אונדז. אויב ער זאָל זיך ניט דערנענטערן צו אונדז אין זײַנע ווײַטערדיקע ווערק, וועט ער אָן שום סאָפעק ווײַטער ניט וואקסן.

---

# וועגן פאַנאַנדערוויקלען די שעפערישע דיסקוסיע.

(פון א בריוו פון סעקרעטאַריאַט פון „ראפפּ“ צו אַלע אַסאָציאַציעס פון די פּראָלעטאַרישע שרייבער).

מיט א קורצער צײַט צוריק איז פּובליקירט געוואָרן א בריוו פונעם סעקרעטאַריאַט פון „ראפפּ“ צו אַלע אַסאָציאַציעס פון די פּראָלעטאַרישע שרייבער וועגן דער פאַנאַנדערוויקלונג פון דער שעפערישער דיסקוסיע. דער בריוו מאַכט אויפמערקזאַם די ברייטע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור־געזעלשאַפטלעכקייט אויף דעם נײַעם עטאַפּ פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע און פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אויף דער באַשטימונג פון זעכצנטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, אויף די באַזונדערקייטן פונעם רעקאָנסטרוקציון פּעריאָד און זײַן פאַרשאַרפטן קלאַסן־קאַמף, אויף דעם נײַעם עטאַפּ פון דער קולטור־רעוואָליוציע און אויף די באַזונדערע אויפגאַבעס פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. מיר גיבן דאָ איבער אין קורצן די גרונט־האַנאָכעס פון דעם בריוו.

---

נאָר אויף דער באַזע פון אַלגעמיינעם קאַמף פאַרן דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן מעטאָד קענען פאָרקומען די שעפערישע געווענ אין „ראפפּ“, וועלכע דאַרפן באַוואָרנט ווערן מיט דער פולסטער פרײַהייט.

אַלע יענע גרופּירונגען, וועלכע גייען אַרויס אויסער די גרענעצן פון דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן מעטאָד, וועלכע קײַקלען זיך אַראָפּ צו דער וואָראָנסקישטשינע, פּערעווערזעוושטשינע און אַנדערע פאָרמען פון דער רעכטער געפאַר, דאָסזעלבע אויך צו דער לעפאָווישטשינע און פּראָלעטקולטשינע — דריקן מיט זיך אויס פרעמדע פאַרן אַרבעטער־קלאַס, קלאַסן־פײַנטלעכע טענדענצן. איז אויב אָט די גרופּירונגען זײַנען אײַנגעשפּאַרט און פאַרטיפערן באַוואוסט זייערע פעלערן, שטעלן זיי זיך שוין מיט דעם אַליין אַוועק אויסער די גרענעצן פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

## דער קאַמף אויף צוויי פראָנטן.

דער „ראפפּ“־ישער אָנפירונג איז אויסגעקומען צו פירן א קאַמף אויף צוויי פראָנטן מיט צוויי געפאַרן. איינע פון די געפאַרן האָט מיט זיך אויסגעדריקט דער „פּראָלעטקולט“, וועלכער איז פאַרבונדן מיט די נעמען פון באָגדאַנאָוו, פּלעטניאָוו, פ. מ. קערזשענצעוו, לעבעדיעוו־פּאָליאַנסקי און אַנד. דער „פּראָלעטקולט“ האָט מיט זיך אָפּגעשפּיגלט דעם באָגדאַנאָווישן פאַרשטיין פון קולטור, זײַן ראַציאָנאַליזם בענויגייע צו קולטור־פּראָגעס און אויך זײַן שטאַנדפּונקט, אַז די פּראָלעטאַרישע קולטור קאָן מען „שאַפן“ אויף א לאַבאָראַטאָרישן אופן. דערבײַ האָט דער „פּראָלעטקולט“ זיך באַטראַכט ווי די לאַבאָראַטאָריע פון פּראָלעטאַרישער קולטור. אָט די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געבויט איזאָלירט פון די פּראָצעסן פון דער קולטור־רעוואָליוציע, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען אין לאַנד און זי האָט זיך ניט נאָר אָפּגעזאָגט אָנצופירן מיט אָט די פּראָצעסן (ווי, צ. ב., איבערדערציִען דעם פויערטום), נאָר זי האָט זיך אַפילו אַנטקעגנגעשטעלט דער סאָוועטישער מעלוכע און אירע אָרגאַנען, ווי ניט קיין ריין־אַרבעטערישע אָרגאַנען.

די פּראָלעטקולטאָווצעס זײַנען געווען פאַרבונדן מיט דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור (איבערהויפּט מיט דער פּאָעזיע), וועלכע האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיטן ראַציאָנאַליזם, מיטן דערווײַטערן זיך פון דער קאָנקרעטערווירקלעכקייט, מיט דער ליטעראַטור, וועלכע האָט ניט געקענט רעאַליסטיש אָפּשפּיגלען דעם אַרבעטער־קלאַס און האָט דעריקער באַזונגען דעם אַבסטראַקטן פּראָלעטאַריער, דעם אַבסטראַקטן זאַוואָד, די אַבסטראַקטע רעוואָליוציע.

און מאַקע אַראָפּ דער צונויפּאַלונג פון א גאַנצער ריי גרונטלעכע אידייִשע שטרעמונגען פון דעם „פּראָלעטקולט“ מיט דער גרופּע „קוזניצאַ“, קאָן מען דעריבער די לעצטע ניט אָפּטיילן פון דעם ערשטן.

די צווייטע געפאַר, די צווייטע פאָרם פון פאַרקריפּלען דעם לעניניזם אין געביט פון קולטור און ליטעראַטור — דאָס איז געווען די רעכטע געפאַר, וועלכע איז באַשטאַנען אין אָפּטיילן די קולטור־רעוואָליוציע פון דער

פראָלעטארישער קולטור, אין אָפּלייקענען דעם עצם באגריף פראָלעטארישע קולטור. און אזוי ארום האָט זי ארויסגעשיילט פון לעֶנינס באגריף קולטור־רעוואָליוציע זײַן שלאָגלערישן קלאסן־אינהאלט און אים פארביטן מיט דער בורזשואז־ליבעראלער קולטור־טרעגערײַ. די רעכטע געפאר האָט זיך ארויסגעדריקט אין פארשיידענע פאָרמעס און איז רעפּרעזענטירט געוואָרן דורך דער קאפּיטוליאנטישער טעאָריע פון טראָצקי־וואָראָנסקי. זי האָט זיך אויך ארויסגעדריקט אין די ארויסטרעטונגען פון בוכארינס שולכל איבער די פראגעס פון קולטור (סלעפּקאָוו, אסטראָוו, לופאל און אנד.), וועלכע האָט פארביטן דעם באגריף קלאסן־קולטור מיטן אָפּאָרטוניסטישן באגריף—די קולטור פון דער געזעלשאפטלעך־עקאָנאָמישער פאָרמאציע.

די נאפּאָסטאָווסטווע האָט באלד אָנגעהויבן א קאמף אף צוויי פראָנטן, שטיצנדיק זיך אף לעֶנינס אײַנשטעלונג, וועלכע זאָגט, אז די פראָלעטארישע קולטור שטעלט מיט זיך פאָר דעם אינהאלט פון דעם פּראָצעס פון דער קולטור־רעוואָליוציע, איבערוואקסנדיק דערנאָך אין א קולטור פון אן אָנקלאסאָווער קאָמוניסטישער געזעלשאפט.

אין קאמף מיט דער פּראָלעטקולטאָווּשטשינע און „לינקע״ נאפּאָסטאָווצעס, האָט די ראפּפּישע אָנפירונג פארטיידיקט די פּארטייִשע ליניע אין דער פראגע וועגן דער באציִונג צו די פּויערישע און מיטלויפערישע שרײַבער און האָט אנטשלאָסן אונטערגעשטראָכן, אז די פראָלעטארישע ליטעראטור דארף אויסקעמפן איר אָנפירנדיקע ראָל אין דער סאָוועטישער ליטעראטור, און אז איר אידייִשע העגעמאָניע קאָן די פראָלעטארישע ליטעראטור אויסקעמפן ניט דורכן מעכאנישן דערשטיקן אלע אנדערע אָטריאדן פון דער סאָוועטישער ליטעראטור, נאָר אפן גרונט פון א פארביסענעם קאמף מיט דער בורזשואזער ליטעראטור און דורך א טאקטישער, נאָר אײַנגעשפארטער רעגלמעסיקער אידעאָלאָגישער איבערדערציִונג פון די מיטלויפער.

## שעפערישע לאָזונגען.

אין קאמף מיט די פאָרשטייער פון דער „לינקער״ געפאר, אונטערשטרײַכנדיק, אז די קונסט שטעלט מיט זיך פאָר א מיטל פון אָביעקטיוון דערקענען דיווירקלעכקײַט, און אין די דיסקוסיעס מיט די רעכטע, אָנווײַזנדיק אף דער קלאסן־באגרענעצטקײַט פון אָט דער דערקענטניש—האָט די נאפּאָסטאָווסטווע צום ערשטן מאָל אויפגעשטעלט די פראגע וועגן דיאַלעקטיש־מאטעריאַליסטישן קינסטלערישן מעטאָד פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור. קיין איין שעפערישער לאָזונג פון דער נאפּאָסטאָווסטווע קאָן ניט אָפּגעריסן ווערן פון אָט דעם גרונטלעכן און באשליסנדיקן ארויסגאנג־פונקט. אלע איבעריקע לאָזונגען זײַנען מער ניט ווי שטופּעס אפן וועג פון באהערשן דעם דיאַלעקטיש־מאטעריאַליסטישן מעטאָד פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור.

איינעם פון אזעלכע לאָזונגען שטעלט מיט זיך פאָר דער לאָזונג פון דעם „לעבעדיקן מענטש״ און דער פארבונדענער מיט אים „פּסיכאָלאָגיזם״. דער לאָזונג פון „לעבעדיקן מענטש״ האָט פריִער פון אלץ מיט זיך ארויסגעדריקט א באשטימטן עטאפּ פון וווקס פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור. דאָס האָט געהייסן, אז עס האָבן זיך שוין באוויזן קינסטלער, וועלכע שטייען אף די פּאָזיציעס פון דעם אוואנגארד פון ארבעטער־קלאס, דאָס האָט אויך געהייסן, אז עס זײַנען געוואָרן קאָמפּליצירטער די פאָרמעס פון קלאסן־קאמף, וועלכע האָבן הערשעריש דיקטירט דער פראָלעטארישער ליטעראטור די אנטשפּרעכנדיקע ענדערונגען פון אירע שעפערישע אײַנשטעלונגען. אָט די לאָזונגען זײַנען ענג פארבונדן מיט דעם לאָזונג פון נײַער טעמאטיק, וועלכע די נאפּאסטאָווסטווע האָט נאָך ארויסגערוקט בא אירע סאמע ערשטע טריט (ליבעדינסקיס ארטיקלען וועגן ארבעטער־טעמאטיק).

אָט די לאָזונגען פון „לעבעדיקן מענטש״ און „פּסיכאָלאָגיזם״, וועלכע זײַנען געווען געווענדעט קעגן סכעמאטיזם און שטאמפּ, זײַנען איינצײַטיק געווען אויך געווענדעט קעגן אלע טענדענצן פון דעם פּאסיוון בורזשואזן פּסיכאָלאָגיזם, און האָט מיט זיך ארויסגעדריקט די שטרעבונג פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור צו ווערן א געוועהר פון קאָנטראָל פון דעם מענטשלעכן מאטעריאַל אין די הענט פון דעם קלאס און פּארטיי („דער שווער־פונקט פון דער פראגע איז איצט אין מענטשן, אין צוקלײַבן מענטשן״—לענין).

## פעלערן.

פירנדיק דעם קאמף פון איין זײַט, מיט דער „לעפּ״יש־פראָלעטארישער קולטור און „לינקער״ „ראפּפּ״ישער ליניע, און פון דער אנדער זײַט, מיט דער וואָראָנשטשינע, זײַנען אייניקע נאפּאָסטאָווצעס אליין באגאנגען פעלערן, וועלכע האָבן זיי אין אייניקע פונקטן דערנעענטערט צו דער וואָראָנשטשינע. דאָסזעלבע איז פאָרגעקומען אויך אין דעם פאל, ווען מען האָט געקעמפט קעגן דער וואָראָנשטשינע און קעגן דעם הומאניזם. דאָ זײַנען אייניקע נאפּאָסטאָווצעס ווײַטער ארײַנגעפאלן אין אן אנדער געפאר — אין דער בורזשואז־געשעפטמאכערישער געפאר.

צו די פעלערן פון אידעאַליסטישן כאראקטער אין געביט פון שעפערישע פראגן דארף מען פארעכענען דעם פעלער פון דעם כ׳ ליבעדינסקי אין זײַן קוואליפיקאציע פון די „אומיטלבארע אײַנדרוקן״, ווי דעם גרונט־סימען פון דער קונסט, וועלכער (פעלער) האָט מיט זיך אָפּגעשפּיגלט די ניטבאזיגטע ווירקונג פון דער וואָ־

דאָנשטשינע, ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס דער כאַוער ליבעדינסקי האָט זיך געסטאַרעט פון אָט דעת פעלער זי דערהייטערן. אָט דער פעלער און נאָך אייניקע אנדערע (צ. ב. די ניטפינקטלעכע פאָרמולירונג פון דער פסיכאָלאָגיזם־פראגע) האָבן אין מעשעך פון א גאַנץ לאַנגער צײַט, ביזן סענטיאַבערישן פּלענום פון „ראַפּפּ" 1929 יאָר, ניט באַגעגנט אין די רייען פון דער „ראַפּפּ"־ישער אָנפירונג גופע די געהעריקע קריטיק.

צו די פעלערן, וועלכע טראָגן אַן אָביעקטיוו־רעכטן כאַראַקטער, קאָן מען אויך צורעכענען די פעלערן פון כאַווער יערמילאָוו. זײַן ניטגענוגנדיקע קריטיק פון די אידעאַליסטישע פעלערן פון ליבעדינסקיס ווערק—„דאָס געבורט פונעם העלד" אין דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ", (שפּעטער אַביסל, אין זשורנאַל „נאַ ליט. פּאָסטו" נומ. 12, האָט ער עס אויסגעבעסערט), די פעלערהאַפטע האַנאָכעס אין זײַן בוך—„פאַרן לעבעדיקן מענטשן אין דער ליטעראַטור", ווו ער שטעלט א פאַרגלײַך־צייכן צווישן דעם „סאָציאַלן און ביאָלאָגישן" מענטש, אָדער מיט זײַן טערמין „דער האַרמאָנישער מענטש", פון וועלכן ער האָט זיך שפּעטער אליין אָפּגעזאָגט א.א.וו.

עס זײַנען נאָך באַגאַנגען געוואָרן א ריי פעלערן פון אָביעקטיוו־רעכטן סיידער דורך דעם כ' סעליוואַנאָווסקי, אין זײַן פאָרטראָג וועגן דער פראָלעטאַרישער פּאָעזיע, אַף דער קאָנפערענץ פון „מאַפּפּ" און אנד. ארויסטרעטונגען, ווו ער האָט איבערגעשאַצט די ראָל פון די קאָנסטרוקטיוויסטן און די ראָל פונעם „סטיכעיִשן מאַטעריאַליזם" אין דער שאַפונג פון די קאָנסטרוקטיוויסטן, אין דעם באַטראַכטן זייער גרופּע ווי א אייניקהײַטלעכע א.א.וו. מע מוז אָבער מודה זײַן, אַז די אַלגעמיינע סאָציאַל־פּאָליטישע כאַראַקטעריסטיק פון די קאָנסטרוקטיוויסטן האָט דער כ' סעליוואַנאָווסקי געגעבן אין גרונט א ריכטיקע.

מע קאָן צו די פעלערן פון דעם כאַראַקטער צורעכענען אויך די פעלערן פון דעם כ' סוטירין, וועלכער האָט דורכגעפירט א ניט־ריכטיקע פּאַראַלעל צווישן די מאָטיוון פון בעזימענסקיס פּאָעמע „דער טאָג פון אונדזער לעבן" און זאַמיאַטינס ראָמאַן „מיר".

אויסרעכענענדיק אָט די אַלע פעלערן, און האַלטנדיק פאַר נויטיק צו פירן אַן אַנטשלאָסענע קריטיק פון אַזעלכע און אנדערע אַנאַלאָגישע פעלערן, וואַרפט אָבער דער סעקרעטאַריאַט פון „ראַפּפּ" קאַטעגאָריש אָפּ אַלע פּרוּוון פון דערקלערן די כאַווײרים ליבעדינסקי, יערמילאָוו, סעליוואַנאָווסקי און סוטירין פאַר רעכטע אָפּאָרטוניסטן אין געביט פון דער ליטעראַטור.

עס איז ניט שווער פעסטצושטעלן, אַז די אַלע פעלערן פון אייניקע אָנפירנדיקע כאַווײרים אין דער טעאָרעטישער און קינסטלערישער פּראַקטיק, און אויך אין דער אָנפירונג־פּראַקטיק—כאָטש די פעלערן האָבן געשפּילט א באַדײַטנדיקע ראָל—האָבן זיי אָבער אין קיין פאַל ניט געשפּילט קיין באַשליסנדיקע ראָל. דאָס, פאַרשטייט זיך, נעמט ניט אַראָפּ און פאַרקלענערט ניט די שולד פון דער אָנפירונג ביכלאַל, וועלכע האָט ניט אָנגעווענדעט צו דער צײַט די שאַרפסטע קריטיק פון די אָנגעוויזענע פעלערן. אין דער פּראַקטיק פון דער באַוועגונג גופע האָבן זיך אָט די פעלערן אויסגעבעסערט, זײַנען פאַרורטיילט געוואָרן, כאָטש ניט אַלעמאָל קאָנסעקווענט און צו דער צײַט. דאָך איז די ליניע, וועלכע איז געגעבן געוואָרן דעם „ראַפּפּ" דורכן ערשטן אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר, דורכגעפירט געוואָרן, אין אַלגעמיין, קאָנסעקווענט.

## דער איבערגאַנג פון דעם אופשטעלונג־פּעריאָד צו דעם רעקאָנסטרוקטיון פּעריאָד.

### די נײַע פאָרם פון דער רעכטער געפאַר—פּערעווערזעווטשינע.

נאָכן אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר האָט די „ראַפּפּ"־ישע אָנפירונג פאָרגעזעצט איר קאַמף אַף צוויי פראָנטן: מיט וואָראָנסקיס שול, וועלכע האָט זיך אַלץ ווײַטער אראָפּגעגליטשט צום אידעאַליזם (וואָראָנסקיס בוך „Искусство видеть мир“ גאָרבאָווס „Поиски Галатеи“ און אנד.); מיטן „לעף“, וועלכער האָט שוין איבערגעלעבט א קריזיס און צעפאַלונג און וועלכער האָט זיך שוין פאַנאַנדערגעשפּאָלטן אַף א רעאַקציאָנער־פאָרמאַליסטישן, „לעפיש“־אָרטאָדאָקסאַלן פליגל פון איין זײַט, און רעוואָלוציאָנערן פליגל, וועלכער האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט צו דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור („רעף“),—פון דער אנדער זײַט. עס איז אויך אויסגעקומען צו פירן א קאַמף מיט דער „ראַפּפּ“־ישער „לינקער“ אָפּאָזיציע, וועלכע האָט אַלץ מער אַנטפּלעקט איר אָפּאָרטוניסטישן טאָך א. אנד. אָבער פונקט אין דערזעלבער צײַט האָט זיך בא דער נאָפּסטאַווסטווע באַוויזן א נײַער סוינע, וועלכער האָט זיך אין אָנהויב באַגרענעצט מיט באַזונדערע אָנפאַלן אַף דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור־באַוועגונג און נאָכדעם איז ער איבערגעגאַנגען אין א פאַנאַנדערגעוויקלטן אָנגריף. אָט דער סוינע—דאָס איז געווען די שול פון פּראָפ. פּערעווערזעוו.

ניט אָפּשטעלנדיק זיך דאָ אַף די אַלע האַנאָכעס פון פּערעווערזעווס מענשעוויסטישער טעאָריע, און באַזונדער—אַף די אָפענע פּאָליטישע אַרויסזאָגונגען פון פּראָפ. פּערעווערזעוו, וועלכע דעקן אויף זײַן מענשעוויסטישן טאָך (זײַן פאָרוואָרט צום בוך וועגן דאָסטאָיעווסקין א' א.), וועלן מיר נאָר אָנווײַזן אַף יענע גרונט־האַנאָכעס פון זײַן טעאָריע, וועלכע האָבן אַן אומיטלבאַרע שײַכעס מיט די שעפערישע פּראַגעס.

אין זײַנע אַרויסזאָגונגען וועגן דער הײַנטצײַטיקער ליטעראַטור (זײַן אַרטיקל „На фронтах текущей беллетристики“ און אנד. טרעט אַרויס דער פּראָפעסער פּערעווערזעוו, ווי אַן אָפענער סוינע פון דער פּראָ־

לעטאַרישער ליטעראַטור, זעענדיק די „עמעסע דערגרייכונגען פון דער יונגער בעלעטריסטיק״ נאָר אין דער מיטלויפערישער ליטעראַטור און „מער אינערגעץ ניט״. די פאַרטייִשקייַט פון דעם קינסטלער זעט ער דאָ אײַן פערעווערזעוו אין דעם אונטערבאַוווסטזייַן, און מיט דעם אליין אנטוואָפנט ער די פראָלעטאַרישע ליטעראַטור אין איר קאַמף פאַר דער דערציִונג פון א שרייַבער, וועלכער זאָל באַהערשן דעם מאַטעריִאַליסטיש־דיִאַלעקטישן מעטאָד. יענע ליטעראַטור, וועלכע פאַרמאָגט א שאַרף־אויסדריקלעכע פובליציסטיק, ווערט בא אים אָנגערופן „פאַרטלעטריסטיקע״.

דעם פּראָפעסער פערעווערזעוו איז אינגאַנצן פרעמד דער היסטאָרישער קוק אָף דער אנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

דעפינירנדיק די קונסט ווי א שפּיל, לייקנט אָפּ דער פּראָפּ. פערעווערזעוו די ראָל פון קונסט, ווי א געווער פון קלאַסן־דערקענטעניש. לויט זייַן שטאַנדפּונקט קומט אויס, אז „אין דער קונסט שפּילט דער קלאַסן־מענטש אין זיך אליין, און אין דער שפּיל רעפּראָדוצירט ער זייַן סאָציִאַלן כאַראַקטער, אויסדריקנדיק זיך אין דער געשטאַלט״. דעריבער איז טאַקע נאַטירלעך, וואָס אין דער קונסט קאָן מען גאָרנישט געפינען אויסער אָט דער געשטאַלט. דער קינסטלער פון יעדן באַליבטן קלאַס איז פאַרמישפּעט אָף דעם, אז ער זאָל אַלעמאָל רעפּראָדוצירן אין געשטאַלטן זיך אליין, נאָר זייַן קלאַס, זייַן סאָציִאַלע גרופּע. אויב צ.ב. א קינסטלער פון דער בורזשואַזיע מאָלט די פאָרשטייער פון אנדערע קלאַסן—דעם פּאָרעץ, דעם פּויער און אנד., און לויט פערעווערזעווס מיינונג, דאַרף מען אָט די געשטאַלטן אויסטאָן, אָפּרעקן דעם העלד פונעם קינסטלערישן ווערק, און פאַר אונדז וועט זיך אַנטפּלעקן, אז עס איז בעגעבן געוואָרן ניט קיין פּאָרעץ און ניט קיין פּויער, נאָר דערזעלבער בורזשוא. דאָסזעלבע טראַכט אויך פערעווערזעוו וועגן דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

אָט די דערמאָנטע פערעווערזעווישע האַנאָכעס זייַנען אן אויסדרוק פון דעם „סוביעקטיוויזם״, וועגן וועלכן לענין האָט געשריבן אין זייַן פּאָלעמיק מיט סטרוווען. לויט פערעווערזעווס מיינונג, דריקט אויס יעדער קלאַס זיך אליין אין דער קונסט אבסאָליוט ריכטיק. דער קינסטלער קאָן קיין טאָעס ניט האָבן, מאָלנדיק זייַן קלאַס. לויט פערעווערזעוון איז ניטאָ קייַן שום אייכעסדיקער אונטערשייד צווישן דער בורזשואַזער און פּראָלעטאַרישער קונסט „ביידע האָבן דעמזעלבן ווערט, ביידע זייַנען אלצייַנס גערעכט און גלייַך אָביעקטיוו, ווייַל ביידע דריקן אויס אינדערזעלבער מאָס ריכטיק—דעם אייגענעם קלאַס, און ניט ריכטיק—דעם פרעמדן קלאַס״ (יערמילאָוו). פונדאַנען באַקומט זיך די מעכאַניסטישע פאָרשטעלונג וועגן דעם, אז אין דער וועלט עקזיסטירן „אפּולע עמעסן״. און דער וועלכער ווילֹ זייַן אקטיוו, דאַרף אויסקלייַבן איינעם פון די עמעסן און קעמפן פאַר אים.

פאַרשטייט זיך, אז אזא מין קוק איז פרעמד דעם מאַרקסיזם, וועלכער זאָגט, אז אין יעדער געגעבענער עפּאָכע געפינט זיך נאָר איין קלאַס, וועלכער דערנענטערט זיך צום אָביעקטיוון דערקענען די ווירקלעכקייַט ד. ה. שוין, אז עס עקזיסטירט נאָר איין „עמעס״ און ניט קייַן פּולע עמעסן. דאָס האָט א שייַכעס סייַ צו דער וויסנשאַפט און סייַ צו דער קונסט. פון פערעווערזעווישן וווּלגאַרן אָביעקטיוויזם קאָן מען מאַכן צוויי אויספירן: אָדער זיך מיט פאַרלייגטע הענט און באַאָבאַכט רויִק דעם גאַנג פון די געשעענישן, און גיב נאָר א פּאַסיווע דערקלערונג פון די דערשייַנונגען,—אָט דעם אויספיר קלייַבט פאַר זיך אויס פערעווערזעוו אליין, וועלכער זעט אייַן די הויפּט־אויפגאַבע פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־וויסנשאַפט אין דעם פּאַסיוון דערקלערן די ליטעראַטור־דערשייַנונגען און אָנקלעפּן אָף זיי עטיקעטלעך, הייס קעמפנדיק קעגן וועלכן עס איז קלאַסן־אורטייל איבער די קונסט־ווערק, קעגן פובליציסטישע אָפּשאַצונגען; אָדער א צווייטן אויספיר, וועלכער איז פונקט דער היפּעך פונעם ערשטן,—דאָס איז דער וווּלגאַרער „סוביעקטיוויזם״,—א פּוסטע אָפּגעריסענע אקטיווקייַט פון דער אָביעקטיווער באַזע, אָן אויסערלעך „לינקע״ און רעוואָליוציאָנערע, אָבער וועלכע שטיצט זיך אין טאָך אָף דעמזעלבן פּאַסיוון אָביעקטיוויזם.—אָט דעם צווייטן אויספיר קלייַבן פאַר זיך אויס פערעווערזעווס „פאַרטייִשע פרייַנט״, וועלכע בויען אין גרונט זייער שפּעפּרישע פּלאַטפאָרם אָף דער מעכאַניסטישער באַזע פון זייער לערער. מיט דעם דערקלערט זיך אויך דער עצם פאַקט פון דער פאַרייניקונג אין „לינקן״ בלאָק „פאַרטייִשע פרייַנט״ פון פערעווערזעוון צוזאַמען מיט גאַרבאַטשאָוון און זייַנע אָנהענגער. דעם יעסאָד פון דער פאַרייניקונג שטעלט מיט זיך פאָר דער וווּלגאַרער סוביעקטיוויזם, וועלכער באַזירט זיך בא בעספּאַלאָווס גרופּע אָף פע־דעווערזעוס לערע, און בא גאַרבאַטשאָווס אָנהענגער—אָף דער פאָרמאַליסטישער, אייגנטלעך גאַרבאַטשאָווס מעטאָדאָלאָגיע.

און פון אָט די פּאָזיציעס האָט זיך עס אָנגעהויבן נאָך דעם אלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר די באַשטימונג פון די שפּעפּרישע שטאַנדפּונקטן פון דער „ראַפּפּישער אָנפירונג, סייַ פון פערעווערזעווס טאַלמידים און סייַ פון גאַרבאַטשאָווס אָנהענגער.

## די אויספאָרמירונג פון דעם פּרינציפּלאָזן „בלאָק״ אָף א קליינבירגערלעכער באַזע.

נאָך דער דיסקוסיע מיט פערעווערזעוון און זייַן שולֹ האָט די „ראַפּפּישע אָנפירונג, פאַרווירקלעכנדיק די ליניע פון דער קאָנסאָלידאַציע פון די קאָמוניסטישע קרייַזעס אין „ראַפּפּ״, געגעבן אלע מעגלעכקייַטן פערעווערזעווס טאַלמידים, וואָס זייַנען אָנגענומען געוואָרן אין „ראַפּפּ״, וועלכע האָבן דערקלערט, אז זיי גרענעצן זיך אָפּ פון פערעווערזעוון, פאַר א כאַווערישער צוזאַמענאַרבעט מיט דער אָרגאַניזאַציע.

אָבער, ניט קוקנדיק אַף דעם, האָט זיך שוין אין עטלעכע כאַראָשים ארום אויסגעפּאָרמירט אין „ראפפ“ א „בלאָק“,—וועלכער איז באַוווּסט אונטערן נאָמען־„פּרינציפּלאָזער“,—צווישן די געוועזענע פּערעוועזעוועצעס און דער „לינקער“ „ראפפישער אָפּאָזיציע, צו וועלכער עס זײַנען שפּעטער צוגעשטאַנען אויך אַנדערע עלעמענטן (געוועזענע מיטגלידער פון דער סיבירער גרופּע „נאָסטאָיאַשטשיע“ און אנד., וועלכע זײַנען אפילע ניט קיין מיטגלידער פון „ראפפ“).

טאַקע נאָר אַפן גרונט פון קלײנבירגערלעכן סוביעקטיוויזם האָט זיך געקענט אויספאָרמירן דער „בלאָק“. עס איז אינגאַנצן געזעצמעסיק דאָס אנטלויפן פון פּסיכאָלאָגיזם,—„מע קאָן זיך באַגיין אָן פּסיכאָלאָגיע“.—די דעקלאַרירונג פונעם „ראָמאַנטישן רעאַליזם“, און די הויפּט־אָריענטאַציע אַף אַזעלכע קינסטלער ווי: וואָלטער, הײנע, א. פראַנס. זייער רוף צו לערנען זיך בא אָט די קינסטלער באַקומט עפּעס בא זיי אַן אייגנאַרטיקן זין.

ווען מיר דערמאָנען זיך דעם ווידערשפּרעכלעכן צוזאַמענשטעל און די ווידערשפּרעכלעכע פּאָזיציעס פון די פאַרשיידענע באַשטאַנד־טײלן פונעם „בלאָק“, מוז מען קומען צום פאָלגנדיקן אויספיר: דער „בלאָק“ דריקט מיט זיך אויס א מין אייגנאַרטיקן געמיש פון דער רעכטער און „לינקער“ געפאַר אין אונדזער באַוועגונג. דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַרן „בלאָק“ איז דאָס, וואָס זייערע „לינקע“ טענדענצן זײַנען בא זײַנע פאָרשטייער ענג פאַרבונדן מיט רעכטע טעאָריעס.

# די אופגאַבעס פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין פּעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע.

## דער קאַמף פאַר דער ליקווידאַציע פון דער אָפּגעשטאַנענקײט פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

די ווערק פון די פּראָלעטאַרישע שרײַבער לײַדן נאָך פון דעם שמאָלן אידײיִשן באַנעם. זי שטייען אָפּ פון לעבן. זיי זײַנען ניט גענוג קלאַסן־פּאָליטיש פאַרשאַרפט, אין זיי באַמערקט זיך אָפּט א נאָכמאַכונג. בא אייניקע פּראָלעטאַרישע שרײַבער באַמערקן זיך, פאַר דער לעצטער צײַט, טענדענצן פון אינדיווידואַליסטישן אָפּגעריסן זײַן פון דער געזעלשאַפטלעכער פּראַקטיק,—פּסיכאָלאָגיזם, אַפּאָליטישע טענדענצן, אומפּאַרטייִשקײַט, עסטעטיזם, געשעפטמאַכערישע מאָטיוון, הומאַניזם א.א.וו. אָט די אַלע פעלערן, בא זייער אַנטוויקלונג, ברענגען צום קלײנבירגערלעכן אָדער באַלעגופישן איבערגעבורט פונעם פּראָלעטאַרישן שרײַבער, צו זײַן ארויספאַלן פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

פון דער אַנדער זײַט באַשטייען די פעלערן אין דעם סכעמאַטיזם, אין דעם מעכאַנישן צוגאַנג צו דער ווירקלעכקײַט, אין דעם אָפּזאָגן זיך פון אויפדעקן דעם טאָך פון די דערשײַנונגען; אין דער דעזערטירערײַ פון די גרויסע אופגאַבעס, וועלכע זײַנען דורכן פּראָלעטאַריאַט אוועקגעשטעלט פאַר זײַן ליטעראַטור; אין דער שטרעבונג צו ליקווידירן די קונסט און זי פאַרבײַטן מיט א צײַטונג... אָט די אַלע פעלערן, בא זייער אַנטוויקלונג, ברענגען צו דער רעסטאַווראַציע פון די לעפיש־פּראָלעטקולטישע שטאַנדפּונקטן, און, אין באַזונדערע פאַלן, וואַקסן זיי אריבער אין אַן אײַנרײַס פון דעם שרײַבער מיט דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, דערנעענטערנדיק זײַן שאַפן צו די בורזשואַז־געשעפטמאַכערישע מאָטיוון און אַנד.

# קאַמף פאַר נײַער טעמאַטיק.

אַלע שעפּערישע לאָזונגען פון „ראפפ“ דאַרפן באַטראַכט ווערן אין פאַרבינדונג מיט די פאָדערונגען און באַזונדערקײַטן פונעם רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד. אַלע שעפּערישע לאָזונגען פון „ראפפ“ באַקומען איצט פון דער שטאַנדפּונקט א נײַע באַלײַכטונג.

דער לאָזונג פון קאַמף פאַר דער טעמאַטיק פון רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד באַדײַט אייגנצײַטיק אויך א לאָזונג פון קאַמף פאַר דער פאַרטיפערונג פונעם דיִאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן מעטאָד פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. אין אַלע עטאַפּן פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור־באַוועגונג האָט די נאַפּאָסטאָווישע אָנפירונג פון „ראפפ“ פאַרבונדן צוזאַמען די פראַגן פון טעמאַטיק מיט די פראַגן פון מעטאָד, האַלטנדיק פאַרן גראָבסטן פעלער דאָס אָפּטײלן אײנס פון דאָס אַנדערע.

די ווירקלעכע באַהעדשונג פון דער קלאַסאַלער און קאָמפּליצירטער טעמאַטיק פון דעם רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד, ווען מע דרינגט טאַקע בעעמעס ארײַן אין דעם טאָך פון די דערשײַנונגען און ניט מע גליטשט זיך אַפן אויבערפלאַך, באַדײַט שוין אויך אייגנצײַטיק—דאָס אײַנזאַפּן אין זיך די סאַמע גרונט־סימאָנים פונעם לעניניזם.

נאָר קאָנצענטרירנדיק די אויפמערקזאַמקײַט אַף די דיִאַלעקטישע גרונט־האַנאָכעס פון איר מעטאָד, וועט די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור זײַן בעקויעך צו באַזיגן אין איר גאַנצער טיף די ריזיקע אייגנאַרטיקײַט פון דעם פּעריאָד, ווען עס ווערט פאַרווירקלעכט דער סאָציאַליזם.

## די פראָלעטארישע ליטעראטור ווי א שלאָג־אָטריאד פון דעם ארבעטער־קלאס.

„די פראָבלעם פון ארבעטער־טעמאטיק שטייט איצט אין צענטער פון דער אויפמערקזאמקייט פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור״ (פון ליבעדינסקיס פּאָרטראג אפן פּלענום פון דער פארוואלטונג פון „ראפּפּ״ 1929). פאר א טעמאטיק פון היינטיקן טאָג פון דער רעוואָליוציע, פאר אן ארבעטער־טעמאטיק,—דאָס זיינען איצט די וויכטיקסטע לאָזונגען פון „ראפּפּ״. אויספילנדיק אָט די לאָזונגען, איז אומבאדינגט נויטיק, און דאָס איז דער גרונט־באדינג פאר דעם דערפאָלגרייכן קאמף מיט דער אָפּגעשטאנענקייט פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור, פאר פארוואנדלען די ליטעראטור אין איינעם פון די שלאָג־אָטריאדן פון ארבעטער־קלאס. דער רוף פון די ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראטור, וועלכער ווערט איצט דורכגעפירט דורכן „ראפּפּ״ צוזאמען מיטן וו.צ.ס.פּ.ס., האָט געוויס א באַשליסנדיקע באדייטונג פאר דער לייזונג פון אָט דער דערמאָנטער אויפגאבע. די גרויסע דערפארונג פון דער שלאָגלער־באוועגונג, דארף איינגאנצן איבערגענומען ווערן אין דער פראָלעטארישער ליטעראטור און פראָלעטארישער ליטעראטור־באוועגונג. פארשטייט זיך, אז אין די ערשטע שעפערישע עקספּערימענטן פון די ארבעטער־שלאָגלער וועט די פראָלעטארישע ליטעראטור־באוועגונג באקומען מער ניט, ווי אלגעמיינע אָנמערקונגען פאר דער ריכטיקער דערלייזונג פון דער טעמאטיק־פראָבלעם. אָבער אָט די אָנמערקונגען פארן דערלייזן די טעמאטיק־פראָבלעם פון דעם רעקאָנסטרוקציון פעריאָד האָבן א קאָלאָסאלע באדייטונג פאר די שעפערישע וועגן פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור. דער רוף פון די ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראטור באטייט אויך אין שאפן א ברייטע פראָלעטארישע ליטעראַרישע סוויווע, א קאָלאָסאלן וווּקס פון א מאסאָווער ארבעטערישער לייענער־באוועגונג, א וווּקס פון דער ארבעטער־קריטיק א.א.וו. אויך די שעפערישע דיסקוסיע מוז דיסקאָנטירן דעם רוף פון די ארבעטער־שלאָגלער אין דער ליטעראטור.

## דער סטיל פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור און די זשאנרען־פראָבלעם.

די זשאנרען־פראָבלעם שטייט איצט אף א נייעם אויפן פאר דער פראָלעטארישער ליטעראטור. עס זיינען איינגאנצן שעדלעך יענע פרוּוון, וועלכע ווילן באגרענעצן די פראָלעטארישע ליטעראטור מיט איינציקע געצײלטע זשאנרען. עס זיינען אָבער אויך שעדלעך די פרוּוון פון מעכאנישן איבערטראָגן אין דער היינטצייטיקער ליטעראטור די מער היסטאָריש־אויסגעפאָרמירטע זשאנרען. א ריי אלטע זשאנרען, ווען זיי וועלן אויפגעהיט ווערן און וועלן זיך אנטוויקלען אין דער פראָלעטארישער ליטעראטור, וועלן באקומען א נייעם אייכעס און באדייטנדיקע ענדערונגען. די גרעססטע באדייטונג און פארשפרייטונג וועלן באקומען יענע זשאנרען, וועלכע וועלן אם־בעסטן אנטשפּרעכן די דערלייזונג פון די גרונט־אויפגאבעס פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור.

מע דארף איינגאנצן אָפּוואַרפן דעם צוגאנג פון „בלאָק״, וועלכער מישט צונויף פראגן פון זשאנר און פראגן פון מעטאָד, ריכטיקער געזאגט, וועלכער פארבייט די פראגן פון מעטאָד מיט דער פראגע פון זשאנר. דעם קאמף פארן דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישן מעטאָד, פאר דער רעוואָליוציאָנערער טעמאטיק, פאר דער פּאָליטישער אָנגעווענדקייט, פאר דער אידייִשער אָנגעזעטיקטקייט פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור,— פארבייט דער „בלאָק״ מיט די פאָרמאליסטישע לאָזונגען וועגן זשאנרען (דער „פילאָזאָפישער״ זשאנר, „פּאָליטישער״ זשאנר א.א.וו.)

איינציטיק מוז מען אקשאָנעסדיק קעמפן מיט די פארשיידענע „אריסטאָקראטישע״ פאָרורטיילן, וועלכע פילן זיך נאָך שטארק צווישן די פראָלעטארישע שרייבער, און קעמפן פאר אן ענגער פארבינדונג פון דער שעפערישער ארבעט פונעם פראָלעטארישן שרייבער מיט דער היינטיקער פראקטיק פונעם ארבעטער־קלאס. באזונדערס פאָדערט זיך עס פארן אויספילן דעם פראָמפינפּלאן. דער פראָלעטארישער שרייבער דארף זיך פארבינדן מיט דער פאבריק־צייטונג, ער דארף קענען ארבעטן איבער א פעליעטאָן, לאָזונג, פּלאקאט, עפּיגראם א.א.וו. דער לאָזונג פון „ראפּפּ״ וועגן „ארפּרייסן די מאסקעס״ דארף אָנגעווענדעט ווערן אויך אין דער אויסארבעטונג פון די פארשיידענע „קליינע זשאנרען״, און באזונדער אין דער אויסארבעטונג פונעם סאטירישן זשאנר. „אראָפּרייסן די מאסקעס״ וועט דער פראָלעטארישער שרייבער קענען נאָר דעמלט, ווען ער וועט באהערשן די וועלט־אָנשויונג פונעם דיאלעקטישן מאטעריאליזם.

דער לאָזונג פון „פארדעמיאנעווען״, וועלכער ווערט דורך דער נאפּאָסטאָווסטווע ארויסגערוקט פאר דער פראָלעטארישער פּאָעזיע און פאר דער גאנצער פראָלעטארישער ליטעראטור, באדייט שאפן א באָלשעוויסטישע, עמעס אקטועלע ליטעראטור, וועלכע דריקט אויס די געדאנקען און געפילן פון מיליאָנען פראָלעטאריער (און פויערים) אין א פאָרם, וועלכע איז פארשטענדלעך פאר די מיליאָנען. מיט דעם ווערט שוין אויך באשטימט די קאָלאָסאלע באדייטונג פון דעמיאן בעדניס שאפונג, וועלכע דארף דינען, ווי א מוסטער, פאר אלע פראָלעטארישע שרייבער, וועלכע ווילן קעמפן פאר דער עמעסער באָלשעוויזירונג פון זייער שאפונג און פאר דער שאפונג פון אזעלכע פאָרמעס, וועלכע זאָלן זיין צוטריטלעך פאר די ברייטסטע ארבעטער־מאסן. זיין שאפונג קאָן אויך דינען ווי

א מוסטער, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר עמעס באָלשעוויסטישע אקטועלקייט אינעם שאפן, וועלכע דריקט איינציייטיק אויס די גאנצע קאָנקרעטע קאָמפליצירטקייט פון דער ווירקלעכקייט, און האָט ניט קיינע אלגעמיינעס מיט דער אויבערפלעכער, ריין־אויסערלעכער, „קאלענדארער“ טאָג־טעגלעכקייט.

## די לאָזונגען פון קאָנסאָלידאציע.

וואָס־זשע איז נויטיק פאר דעם, אז די שעפערישע דיסקוסיע זאָל ווירקלעך ברענגען צו דער שעפערישער קאָנסאָלידאציע פון די קויכעס פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור?

1. עס איז נויטיק, אז דער גאנצער „ראפפ“ פון אונטן ביז אויבן זאָל פארשטיין דעם פרינציפיעלן טאָך פון די שעפערישע מיינונג־פאדשיידנקייטן און די גרונטלעכע שעפערישע אופגאבעס פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור אפן נייעם עטאפ. עס איז נויטיק, אז דער גאנצער „ראפפ“ זאָל פארשטיין די קליינבירגערלעכע וואָרצלען פון דער אויסערלעך־רעוואָליוציאָנערער שעפערישער פלאטפאָרם פונעם „בלאָק“, פונקט ווי אויך די קליינבירגערלעכע וואָרצלען פון די אידעאליסטישע דורכפאלן פון אייניקע פראָלעטארישע שרייבער.

2. עס איז נויטיק, אז די שוין־אויסגעפרווטע, אין פריערדיקן קאמף, גאפאָסטאָווישע ליניע, זאָל געלייגט ווערן אין יעסאָד פאר דער ווייטערדיקער טעאָרעטישער אויסארבעטונג פון די פראגעס פון דער שעפערישער פראקטיק פון די פראָלעטארישע שרייבער.

3. עס איז נויטיק, אז דער הויפט־פייער זאָל געעפנט ווערן אף די אנטפלעקונגען פון דער רעכטער געפאר אין די שעפערישע פראגעס, וועלכע האָבן זיך ארויסגעוויזן ניט נאָר אין דעם „בלאָק“ גופע, נאָר אויך אויסער אים. איינציייטיק דארף אויך פאנאנדערגעוויקלט ווערן דער ווייטערדיקער קאמף קעגן די „לינקע“ ליקווידאטאָרן פון דעם אזוי גערופענעם „בלאָק“.

4. עס איז נויטיק פאָרצוזעצן די דעמאסקירונג פון די פרעמדע פארן מארקסיזם־לעניניזם סיסטעמעס פון וואָראָנסקי, פערעוועריזעוו און אלע אנדערע אידעאליסטישע, מעכאניסטישע א. א. וו. סיסטעמעס, וועלכע קענען זיך ניט צוזאמענלעבן מיטן דיאַלעקטישן מאטעריאַליזם.

5. עס איז נויטיק, אז די שעפערישע דיסקוסיע זאָל געפירט ווערן אפן גרונט פון באהאנדלען די ווערק פון אלע פראָלעטארישע שרייבער. דערביי דארף געשענקט ווערן א באזונדער אופמערקזאמקייט דער שעפערישער פראָדוקציע פון דעם ארבעטער־יאָרער פון די פראָלעטארישע שרייבער און, אין דער ערשטער ריי, דער שאפונג פון די ארבעטער־שלאָגלער.

6. עס איז נויטיק, אז די פראגעס פון דער שעפערישער דיסקוסיע, וועלכע זיינען הויפטזעכלעך אופגעהויבן געוואָרן אין דעם רוסישן אָטריאד פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור, זאָלן געשטעלט און געלייזט ווערן אויך אין די אנדערע נאציאָנאלע אָטריאדן פון די פראָלעטארישע שרייבער, וועלכע גייען אריין אין „ראפפ“, און אז די ווייטערדיקע דיסקוסיע זאָל געפירט ווערן אין אינטערנאציאָנאלן מאסשטאב. מיטן דיסקאָנט פון דער שעפערישער דערפארונג פון דעם גאנצן „וואָאפפ“ און דער צווישנפעלקערלעכער ביוראָ פון דער רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור.

7. עס איז נויטיק, אז די קאדרען פון דער מארקסיסטישער קריטיק, וועלכע זיינען פאררייניקט אין „ראפפ“, און אויך די קאדרען פון קריטיק, וועלכע לערנען זיך אין דער קאָמאקאדעמיע, אי. ק. פ., זאָלן מאכן א סאָך צו זייער אָפגעשטאנענקייט פון די פראקטישע פאָדערונגען פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור־באוועגונג און זאָלן ווי געהעריק איז זיך פארנעמען מיט איר.

8. עס איז נויטיק, אז דער מעטאָד פון דיאלעקטישן מאטעריאַליזם זאָל באקומען א קאָנקרעטע פאנאנדער־שיפרירונג בענוגייע צו באזונדערע זשאנרען, צו באזונדערע סטיל־פראָבלעמעס און אויך בענוגייע צו דעם טאָך פון דעם שעפערישן פראָצעס בא דעם פראָלעטארישן שרייבער גופע.

9. עס איז נויטיק פאָרצוזעצן דעם קורס פון דער דרייסטער פאנאנדערוויקלונג פונעם שעפערישן געוועט אין „ראפפ“ גופע, מיטהעלפנדיק דער אויסבילדונג פון די שעפערישע גרופירונגען אף דער באזע פון אן אייג־הייטלעכער ליטעראטור־פאָליטישער ליניע, און אין די גרענעצן, וועלכע פאלן צונויף מיט די אלגעמיינע „ראפפ“־ישע איינשטעלונגען אין די שעפערישע פראגעס.

דער סעקרעטאריאט פובליקירט דעם איצטיקן דאָקומענט צוליב דעם, קעדיי די „אפפ“ן, באהאנדלענדיק אים אף זייערע פארזאמלונגען, זאָלן קענען אפן בעסטן אויפן זיך צוגרייטן צו דעם אָרדנטלעכן פלענום פון דער פארוואלטונג פון „ראפפ“, וועלכער וועט דארפן אָנעמען א ריי גרונט־האנאָכעס פאר א שעפערישער פלאטפאָרם.

פאר א באָלשעוויסטישער, רעוואָליוציאָנער־ווירקנדיקער, דיאַלעקטיש - מאטעריאַליסטישער פראָלעטארישער ליטעראטור!

קעגן די באפוצער־לאקיראָווטשיקעס!

פאר א פאָרסירטן און אנטשלאָסענעם שעפערישן איבערבוי פון די רייען, און פאר דעם ליקווידירן די אָפּגעשטאנענקייט פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור פון לעבעדיקן לעבן!

פאר א קאמף מיט די פארשיידענע פארקריפלונגען פונעם דיאַלעקטיש־מאטעריאליסטישן מעטאָד!

קעגן דער וואָראָנשטשינע, פערעווערזעוושטשינע און לעפּאָוושטשינע!

קעגן דער בורזשואזער געשעפטמאכעריי!

פאר א קאמף אף צוויי פראָנטן — קעגן דער רעכטער און „לינקער“ געפארן, אף דער באזע פון די ליטעראטור־פּאָליטישע און שעפערישע פרינציפּן פון דער נאפּאָסטאָווסטווע!

פאר דער העגעמאָניע פון דער פראָלעטארישער ליטעראטור!

ס ע ק ר ע ט א ר י א ט  פ ו ן „ר א פ פ“.

---

א. זארעצקי.

# וועגן ווערטערבוך פון ייִדסעקטער פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאַפט-אקאדעמיע.

ל. ווילענקין—דער ייִדישער אקאדעמישער ווערטער־בוך און דער ייִדישער שפּראכאטלעס (פּראָיעקט) מינסק ז. 36 מיט א בײַגעלייגטער אנקעטע. ארויסגעגעבן פונעם ייִדישן סעקטער פון דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע.

די לינגוויסטישע קאָמיסיע פונעם ייִדישן סעקטער האָט נאָך אין 1925 יאָר אָנגעהויבן אן ארבעט איבערן (גענויער: פארן) ייִדישן ווערטערבוך און ייִדישן שפּראכאטלעס. די ארבעט איז ביז איצט באשטאנען אין קלײַבן רוימאטעריאל און אויסארבעטן די פּלענער פונעם קומענדיקן ווערטערבוך און אטלעס. דער פריִערדיקער פארוואלטער פון דער קאָמיסיע, כ׳ ווײַנגער, האָט היפּש פּאָפּוליאריזירט די ארבעט, אָבער ווייניק געטאָן, קעדיי צו מאכן זי פאר א געמיינזאמער אלפארבאנדישער ארבעט פון אלע ייִדישע וויסנשאפטלער אף דעם געביט. איצט האָט זיך די לינגוויסטישע קאָמיסיע ווײַזט אויס געשטעלט אף אן אנדער וועג. דורך דער בראָשור גיט זי איבער די פּראָיעקטן „אף דער באהאנדלונג פאר דער ברייטער געזעלשאפטלעכקײַט... אף דער באהאנדלונג פון אונדזערע. אקאדעמישע אינסטיטוציעס. מיר ווילן, אז זיי זאָלן באטראכט ווערן אויך אין קאָלעקטיוון פון ייִדישע לערער בא די שולן, אין קאָלעקטיוון פון קולטור־טוער בא פארשיידענע ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס. נאָר דאן, ווען די פּראָיעקטן וועלן ברייט און גענוי באהאנדלט ווערן פונקטנווײַז, ווען עס וועלן ארײַנגעטראָגן ווערן די נויטיקע אויסבעסערונגען, נאָר דאן וועלן מיר קענען זײַן זיכער, עס זאָלן וואָס ווייניקער פעלערן אָפּגעטאָן ווערן אין אָט דער גראנדיעזער און פאראנטוואָרטלעכער ארבעט.

מיר ווענדן זיך דעריבער צו אונדזערע אקאדעמישע און וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס, צו אונדזערע בילדונגס־ און אופקלער־אנשטאלטן, צו אונדזערע וויסנשאפטלעכע און קולטור־טוער: העלפט אונדז אין דער וויכטיקער און פאראנטוואָרטלעכער ארבעט".

אין דער בראָשור ווערט באהאנדלט דער צוועק פונעם ווערטערבוך, דער פארנעם און די קוואלן, די סיסטעם, דער אָרגאניזיר־פּלאן; ווײַטער—דער צוועק פון שפּראכאטלעס, די סיסטעם און אופגאבעס, דער מעטאָד, די אנקעטע; לעסאָף—די קלאָלים ווי צו זאמלען מאטעריאלן פארן ווערטערבוך און אטלעס.

כ׳וועל דאָ ניט איבערגעבן דעם אינהאלט פון דער בראָשור (יעדערער, ווער ס׳וויל מיטהעלפן אין דער ארבעט פון דעם ייִדסעקטער, קען געוויס באקומען בא זיי די בראָשור). כ׳וועל נאָר אָנמערקן די פונקטן, וואָס פאָדערן, נאָך מײַן מיינונג, קאָרעקטיון אָדער רעוויזיע. דערבײַ וועל איך פארגלײַכן די בראָשור מיט די אנטשפּרעכיקע ארטיקלען אין מינסקער „צײַטשריפט" (I באנד 1925, II—IV באנד—1928. איך באהאנדל דאָ נאָר דעם ווערטערבוך).

## פֿאַרנעם און קוואַלן פֿונעם ווערטערבוך.

דער ווערטערבוך דאַרף אײַנשליסן די ייִדישע לעקסיק, אָנהויבנדיק אָן ערעך פֿון דער צווייטער העלפֿט 18־טן יאָרהונדערט. אין דעם פֿאַלט דער פּראָיעקט צונויף מיטן פֿריִערדיקן, אָבער בענעגייע אייניקע פּראָטים גייען זיי זיך פֿאַנאַנדער:

לויטן פֿריִערדיקן פּראָיעקט ווערן ווערטער פֿון דעם אַלט־ייִדישן לעקסיקאָן פֿאַרצייכנט נאָר, „אויב וויפֿל זיי טרעפֿן זיך צוליב באַשטימטע סיבעס אין דער נײַער ליטעראַטור". לויטן נײַעם פּראָיעקט דאַרפֿן פֿון דעם אַלטייִדישע לעקסיקאָן „גענומען ווערן אַ קליינע צאָל ווערטער, די, וועלכע לעבן, האַגאַם אין אַן אַנדער געשטאַלט, אין אונדזער הײַנטיקן ייִדיש. זיי, די אַלטע ווערטער, קענען דינען צוליב דערקלערן די נײַע ווערטער. עס דאַרף גענומען ווערן אויך אַ געוויסע צאָל פּאַסנדיקע ווערטער פֿאַר באַגריפֿן פֿון הײַנטיקן לעבן (טעכנישע, שטייגערישע און אַנד.). ווערטער, וועלכע פֿעלן אונדז אין הײַנטיקן ייִדיש און וועלכע קענען אויף אַזאַ אופֿן באַרײַכערן די ייִדישע שפּראַך". דאָס איז אַ פּראַקטישערער צוגאַנג קעגן דעם ריין טעאָרעטישן צוגאַנג פֿונעם ערשטן פּראָיעקט.

וויסנשאַפֿטלעכע טערמינאָלאָגיע ווערט, לויט ווייִנגערס פּראָיעקט, פֿאַרצייכנט נאָר אויב וויפֿל זי „ווערט אַ פֿאַרמעגן פֿון ברייטערע געזעלשאַפֿטלעכע שיכטן". לויטן נײַעם פּראָיעקט דאַרף דער ווערטערבוך „אויסשעפּן דעם וואָרט־אוצר פֿון דער וויסנשאַפֿטלעכער ליטעראַטור אין ייִדיש: פֿילאָסאָפֿיע, געשיכטע, עקאָנאָמיע, קריטיק און אַנד.; פֿון ספּעציעלער ליטעראַטור—נאַטורוויסנשאַפֿט, מאַטעמאַטיק און אַז. וו.", וואָרעם „אין דעם וואָרט־אוצר פֿילן מיר די שאַרפֿסטע נויט בײַסן לערנען די געהעריקע לימודים סײַ אין אונדזערע אָנהויבשולן, סײַ אין אונדזערע הויכשולן און אויך באַם וויסנשאַפֿטלעכן באַאַרבעטן אַלע צווײַגן פֿון קולטור. די רײַכערע אַנטוויקלונג פֿון קולטור בײַ אונדז וועט פֿאָדערן אַלץ אַ רײַכערע צאָל ווערטער פֿאַר וויסנשאַפֿטלעכע באַגריפֿן".

ניט קלאָר איז די פֿראַגע וועגן העברעיִשע אויסדריקן, וועגן אייגנעמען, וועגן פּראָזעאָלאָגיע. אין ערשטן פּראָיעקט איז פֿאָרויסגעזען געווען, אַז די אַלע קאַטעגאָריעס גייען אַרײַן אין ווערטערבוך,—און דאָס איז ריכטיק.

ווײַטער וואָלט מען געדאַרפֿט בעפּייִרעש דערמאָנען די געקירצטע ווערטער, ווי ייִדסעק, צעקאַ (שרײַבט זיך צ. ק.), וואָרעם זיי קענען בײַ אייניקע פֿערזאָנען אַרויסרופֿן אַ (ניט באַגרינדעטן) סאָפֿעק וועגן זייער רעכט צו פֿיגורירן אין ווערטערבוך.

מע דאַרף שטעלן די פֿראַגע וועגן פּראָפֿעסיאָנעלע זשאַרגאָנען (קלעזמער־שפּראַך א.ד.ג.). מיר דוכט, אַז זיי וואָלטן ניט געדאַרפֿט אַרײַן אין ווערטערבוך.

## סיסטעם פֿונעם ווערטערבוך.

„עס ווערט געגעבן יעדעס וואָרט אין אַלעפֿבייז־סיידער".—אַזוי הייסט דער ערשטער טעזיס וועגן סיסטעם אין ווילענקינס פּראָיעקט. אָבער וואָס איז „וואָרט"? וואָס פֿאַר אַ שפּראַכלעכע דערשײַנונג דאַרף מען האַלטן פֿאַר אַ לעקסיקאָלאָגישער איינצל? דערויף איז בײַ ווילענקינען קיין ענטפֿער ניטאָ. ער האָט זיך באַנוגנט מיטן טראַדיציאָנעלן טערמין „ווערטערבוך—ד. ה. אַ בוך ווערטער. איך בין זיכער, אַז אויב ניט ווילענקין אַליין, איז די איבערשרײַבער וועלן זיך רעכענען פּשוט מיט אָרטאָגראַפֿישע ווערטער—„וואָס עס שרײַבט זיך באַזונדער, דאָס איז אַ וואָרט". ווייִנגער האָט, זעט אויס, פֿאַרשטאַנען די שווערקייט פֿון דער פּראָבלעם און האָט געגעבן אַ פֿאָרזיכטיקערע פֿאָרמולירונג:

„עס דאַרף אַרויסגעשריבן ווערן יעדער לעקסיקאָלאָגישער איינס סײַ אין פֿאָנעטישן, אַזוי אויך אין סעמאַסיאָלאָגישן זינען".

אָבער די פֿאָרמולירונג גיט ניט קיין גענוגנדיקן קריטעריִ. אויך פֿון דער אינסטרוקציע, וואָס איז געווען בײַ ווייִנגערס פּראָיעקט, ווערט עס נאָך ניט גענוג קלאָר. און אַז די פֿראַגע

װעגן לעקסיקאָלאָגישער אײנצל איז טאַקע ניט קײַן פּוסטע אָדער געדוכטע פראַגע, קען מען זען כאָטש דערפון, װאָס אין דער רוסישער לינגװיסטישער ליטעראַטור רופט זי אױך אַרױס דיסקוסיעס (ז. פּעשקאָװסקיס אַרטיקלען װעגן „אײנצלנעם װאָרט“ און אַ דיסקוסיע אין די פּאַראַיאָריקע נומערן „רוסקי יאַזיק װ סאָװעטסקאָי שקאָלע“).

בײַשפּילן פון מעגלעכע ספּײקעס: „קלײַבן“ און „קלױבן“—דערזעלבער װאָרט, צי פאַרשײדענע? „קאַפּוליער אָנצוהערעניש“—אײן „װאָרט“ צי צװײ?

די פראַגע װעגן װאָרט אַלס אײנצל דאַרף מען טעאָרעטיש דורכאַרבעטן, און דאָס דאַרף זײַן (האָט שױן לאַנג געדאַרפט זײַן) אײנע פון די ערשטע אַרבעטן פאַרן װערטערבוך.

װײַטער. בײַ יעדן װאָרט װערט אָנגעגעבן דידאַקטיקע יעדיעס (לײדער איז ניט אָנגעװיזן, אין װאָס פאַר אַ סײדער):

זײַן פּינקטלעכע אױסשפּראַך (אין פאָנעטישער טראַנסקריפּציע), אַקצענט.

זײַן פּינקטלעכער אױסטײַטש (אין זעלטענע פאַלן—אױך איבערזעצונג אױף אַן אַנדער שפּראַך).

זײַן עטימאָלאָגיע (אָפּשטאַמונג) און היסטאָרישע אַנטװיקלונג א. א. װ.

די פאָנעטישע טראַנסקריפּציע איז אַ נײַס אַנטקעגן װײַנגערס פּראָיעקט. אין מײַנע „אָנמערקונגען“ צו װײַנגערס פּראָיעקט („צײַטשריפט“ באַנד II—III) האָב איך אױפמערקזאַם געמאַכט אױף דער נױטיקײַט אָנצוגעבן די אױסשפּראַך פון װאָרט, און דאָס איז איצט אָנגענומען. אָבער ס׳איז אָנגענומען אין אַ ניטריכטיקער פאָרמע. װײַנגער האָט בעשײַטע (אין זײַנע „דערקלערונגען“ צו מײַנע „אָנמערקונגען“ צײַטשריפט באַנד II—III) מאַסקים געװען, אַז מע דאַרף געבן די נאַטירלעכע אױסשפּראַך פון די װערטער אין די הױפּט־דיאַלעקטן. איצט, אין װילענקינס פּראָיעקט, האַנדלט זיך גאָר װעגן דער „פּינקטלעכער אױסשפּראַך לױט דער שריפט־שפּראַכלעכער פאָנעטישער נאָרמע (אױף װיפל זי איז פעסטגעשטעלט. סאָפּעקדיקע פאַלן װערן באַהאַנדלט קאָלעקטיװ“).

מיר װײסן אָבער, אַז קײן „שריפט־שפּראַכלעכע פאָנעטישע נאָרמע“ (אָרטאָעפּיע) איז נאָך אין ייִדיש ניטאָ. עס װערט נאָך ערשט געשטעלט די פראַגע. פאַרבינדן די פראַגע װעגן אָרטאָעפּיע מיט דער אַרבעט איבערן װערטערבוך איז ניט צװעקמעסיק. װען אַן אָרטאָעפּיע װעט געשאַפן װערן, װעט מען אױפשטעלן אָרטאָעפּישע קלאָלים (עפּשער אַ װערטערביכל). דער אַקאַדעמישער װערטערבוך, אָבער, דאַרף געבן ניט די קינסטלעכע אױסשפּראַך, װאָס איז אַ באַשלוס פון דער אָדער יענער קאָנפערענץ, נאָר די נאַטירלעכע אױסשפּראַך פון װערטער לױט דיאַלעקטן, װאָס נאָר זי שטעלט פאָר אַ געװוגנדיקן װיסנשאַפטלעכן אינטערעס.

**אלעפבייז־סיידער און אָטאָגראַפיע.** אין װײַנגערס צײַט איז נאָר די דיסקוסיע װעגן אָרטאָגראַפיע געװען אין פולן ברען. דעמלט האָט װײַנגער, אַלײן אַן אױטאָר פון אַן אָרטאָגראַפישן פּראָיעקט, פאָרגעלײגט פאַרן װערטערבוך געװיסע אָרטאָגראַפישע נײַסן („צײַטשריפט“ I). ער האָט אױך פאָרגעלײגט אַ נײַעם אַלעפבײז־סײדער, אַרױסגײענדיק פון דער (פאַלשער) מײנונג, אַז אין רעזולטאַט פון די רעפאָרמעס איז דער סײדער פון ייִדישן אַלעפבײז אינגאַנצן צעשטערט געװאָרן.

**אינסטרוקציע פאַרן אַרױסשרײַבער.** אַזאַ אינסטרוקציע איז בײַגעלײגט געװען צו װײַנגערס פּראָיעקט. אין מײַנע „אָנמערקונגען“ האָב איך אָנגעװיזן אַ צאָל פעלערן אין דער אינסטרוקציע, אָבער װײַנגער האָט זײ אין זײַנע „דערקלערונגען“ ניט אָנערקענט. איצט, אין װילענקינס פּראָיעקט, לײענען מיר אַ דערפרײענדיקן פּונקט:

„דערגאַנצן און באַאַרבעטן אױפן סמך פון דערפאַרונג די אינסטרוקציע פאַרן װאָרט־אַרױסשרײַבער“.

וואָס פריִער דאָס וועט געטאָן ווערן, איז אלץ בעסער, וואָרעם צווישן די פעלערן פון דער פריִערדיקער אינסטרוקציע זײַנען פאראן אייניקע וויכטיקע, וואָס וועלן זיך נאָכדעם ניט לאָזן פאריכטן.

כ׳וועל זיך ניט אָפּשטעלן אף דער אינסטרוקציע פארן וואָרטזאמלער און אף דער טעכנישער זײַט פון דער ארבעט. איך גיי אריבער צום אָרגאניזיר־פּלאַן.

דער אָרגאניזיר־פּלאַן איז פאָרמולירט אין 9 טעזיסן, וואָס די וויכטיקסטע זײַנען:

1. שאפן א שטענדיקע רעדאקטיר־קאָלעגיע.

8. לייזן די פראגע וועגן צעטיילן די ארבעט איבערן ווערטערבוך צווישן די וויסנשאפטלעכע אינסטיטוציעס פון ווײַסרוסלאנד, אוקראַיִנע און ר.ס.פ.ס.ר.

אויב מע זאָל צוגעבן א ווערט דעם סיידער פון די טעזיסן, דארף מען שטעלן דעם 8־טן טעזיס אפן ערשטן אָרט. קוידעמקאָל דארף מען אויספילן דעם באשלוס פונעם אל־פארבאנדישן קולטור־צוזאמענפאָר וועגן פארוואנדלען די ארבעט איבערן אקאדעמישן ווערטערבוך אין אן אלפארבאנדישער. דערמיִט איז שוין אויך פארבונדן די פראגע וועגן רעדאקטיר־קאָלעגיע. איך מיין, אז אין רעדאקטיר־קאָלעגיע דארפן אריינגיין וויסנשאפטלער פון פארשיידענע רעפובליקן. דערבײַ דארף מען צוציִען, אויב ס׳וועט נאָר געלינגען, אויך ניט־יִידישע לינגוויסטן לעקסיקאָגראפן (ווערטערבוך־ארבעטער). די מיטגלידער פון דער רעדקאָלעגיִע קענען זײַן פאָרשטייער פון וויסנשאפטלעכע א. א. אנשטאלטן אָדער (עפשער בעסער) באשטימט ווערן פערסאָנעל. די ארבעט קען געפירט ווערן, ווי אין דער צענטראלער אָרטאָגראפיִשער קאָמיסיע—דורך קאָרעספאָנדענץ, ד. ה. שריפטלעך דיסקוסירן און ענטפערן אף פראגעס, וואָס דער סעקרעטאר פון דער קאָלעגיע שטעלט צו אָפּשטימונג. די קאָלעגיע פארטיילט צווישן זיך (אָדער צווישן כאווײרים אויסער דער רעדקאָלעגיע) די אָרגאניזאציאָנעלע א. א. ארבעט.

לעסאָף וועגן טעמפּ פון דער ארבעט. קלאָר, אז דאָס איז אן ארבעט אף יאָרן. פארוואָס זאָל מען ניט אויסנוצן אייניקע רעזולטאטן פון דער ארבעט, נאָך איידער די גאנצע ארבעט וועט פארענדיקט ווערן? אין מײַנע פריִער־דערמאָנטע אָנמערקונגען האָב איך געהאט פאָרגעלייגט:

„ביז דער ווערטערבוך וועט פארטיק ווערן, וואָלט דערווײַל גוט געווען פון צײַט צו צײַט, פובליקירן צעטלען אויסטערלישע, זעלטענע, אינטערעסאנטע ווערטער, וואָס מע האָט זיִך אָנגעשטויסן אף זיי בײַם דער ארבעט. אויך צעטלען ווערטער, וואָס פארשווערן מיט זייער עטימאָלאָגיע".

דערוף האָט וויינגער געענטפערט: „מיר האָבן דאָס אין זינען". אָבער דאָרטן („אין זינען") איִז עס פארבליבן. איך מיין, אז דער פאָרשלאָג איז נאָך איצט באגרינדעטער, ווי ער איז דעמלט געווען, ווײַל, ערשטנס, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די ארבעט געדויערט פיל מער, ווי וויינגער האָט גערעכנט, צווייטנס, עקזיסטירט איצט א זשורנאל („די יִידישע שפראך"), ווו מע קען אזעלכע צעטלען ווערטער פובליקירן.

און אז די ארבעט גייט טאקע אזוי לאנגזאם, איִז עפשער קעדײַ שטעלן די פראגע וועגן ארויסגעבן א סוראָגאט, א „קיצער" פונעם ווערטערבוך? (צ. ב. אָן איליוסטריר־פראזעס, אָן עטימאָלאָגיִע), וואָרעם די ארבעט קען זיך פארציִען.

**י. סאָסיס.**

# אַן ענטפער אַף א רעצענזיע מיט א באַש־טימטער טענדענץ[1].

עס איז איבעריק אסאך צו ריידן וועגן דער קאָנטררעוואָליוציאָנערער ראָל פון נאציאָנאַליזם בכלל, און פון ייִדישן נאציאָנאַל־דעמאָקראַטיזם בפֿרט[2]. ווען, אלזאָ, אזא מין באשולדיקונג ווערט ארויסגעשטעלט קעגן א מאַרקסיסט, א קאָמוניסט—זאָל אפילע די רייד גיין ניט וועגן אקטועלער נאציאָנאַלער פּאָליטיק, נאָר וועגן היס־טאָריאָגראַפיע—דאַרף די באשולדיקונג באוויזן ווערן מיט א געהעריקן, גענוג ערנסטן און אויספירלעכן מאַ־טעריאַל.

מײַן בוך, וואָס כ׳ גאָלדבערג רעצענזירט, איז געגרינדעט אַף מײַנע אלטע און נײַע ארבעטן אין געביט פון ייִדישער געשיכטע אין רוסלאנד. ווי איך ווײַז אָן אין מײַן „פאָרוואָרט", האָב איך די אלטע מאַטעריאַלן מײַנע נאָכאמאָל דורכגעארבעט. אָנשטאָט פעסטצושטעלן, ווי ווײַט און אין וועלכער ריכטונג דאָס איז געטאָן געוואָרן—באַגרענעצט ער זיך מיט פוסטע ווערטער וועגן מײַן „גאָלדענער קייט", „ייִכוס־בריור" א. א. וו. אָנשטאָט צו געבן ריכטיקע און אויספירלעכע ציטאַטעס פונעם בוך גופע, רײַסט ער קינסטלעך ארויס פונעם טעקסט עטלעכע שורעס וואָס דאַרפן אילוסטרירן ניט דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט, נאָר דאָס, וואָס גאָלדבערג וויל מיר צושרײַבן.

אָט איז דערצו א כאראקטעריסטישער בײַשפּיל: ה. גאָלדבערג שרײַבט מיר צו, אז „דער"רוסישער דעספּאָטיזם ווערט דורכן כ׳ סאָסיס געשילדערט, ווי דער „פּאַרזאָרגער" פון פּויערטום" (ז. 72).

אזא מין... קונץ מאכט מײַן רעצענזענט אַף אזא אופן: ער רײַסט ארויס פון מײַן טעקסט פאָלגנדיקע פּאָר שורעס: „שוין אין סאָף 18־טן יאָרהונדערט ווערט אלץ פּאָפּוליערער אין די פעטערבורגער רעגירונג־ספערן דער לאָזונג וועגן ארויסטרײַבן די ייִדישע מאסן פון ווײַסרוסישן דאָרף, ק ע ד י י צ ו ר א טע ו ע ן ד ע ם ו ו ײַ ס ר ו־ ס י ש ן פ ו י ע ר פ ו ן ש י ק ר ע ס, ה ו נ ג ע ר א ו ן נ ו י ט". די לעצטע ווערטער שטרײַכט אונטער ה. גאָלדבערג גופע, נאָר ער זאָגט דאָס ניט—אזוי, אז עס באקומט זיך, אז דאָס האָב איך קלוימערשט אליין אונטערגעשטראָכן. ווען ה. גאָלדבערג זאָל ניט האָבן זײַן ציל—פּאָליטיש מיך צו קאָמפּראָמעטירן, וואָלט ער, פארשטייט זיך, אזא קונץ ניט געמאכט. קעדיי, אלזאָ, צו דערווײַזן, אז איך רעכן ניט דעם דעספּאָטיזם פאר א „פּאַרזאָרגער" פון פויערטום, מוז איך ברענגען מײַן אייגענעם טעקסט, פון וועלכן גאָלדבערג האָט ארויסגעכאפּט א פּאָר שורעס און זיי אליין אונטערגעשטראָכן. איך שרײַב (ז. 33 פון מײַן בוך): „נאָך שווערער איז געווען דער גורל פון דער ייִדישער מאסע אין דאָרף. די רוסישע מאכט האָט טייקעף נאָך דער פארייניקונג פון ווײַסרוסלאנד מיט דער רו־סישער אימפּעריע ארויסגעוויזן (צוליב פּאָליטישע מאָטיוון, וועלכע זײַנען געווענדעט געווען קעגן פּוילן) א געוויסע זאָרג וועגן ווײַסרוסישן פויערטום, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין א שרעקלעכער לאגע. נאָר אזוי ווי די גרונט־סיבעס דערפון—דאָס לײַב־אייגנטום, די עקספּלואַטאַציע פון פויער מיצאד די פּריצים און גאלאָכים איז אומעגלעך געווען אָנצורירן, ווײַל דאָס איז געווען דער אלגעמיינער פונדאַמענט פון דער גאנצער רוסישער ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער סיסטעם, איז געבליבן צו קאָנצענטרירן די גאנצע אויפמערקזאמקײַט אַף דער ראָל פון ייִדן אין דאָרף" א.א.וו. עס איז גוט באוווּסט, אז אויך שפּעטער, אין די 40־קער און, באזונדערס, אין די 60־ער יאָרן האָבן די פּאָליטישע מאָטיוון, וואָס זײַנען געווענדעט קעגן פּוילן, געשפּילט א ראָל אין דער פּויערים־פּאָליטיק פון צאַ־ריזם אין ווײַסרוסלאנד". כ׳ גאָלדבערג וויל דאָס ניט וויסן און פאַרזיכערט, אז איך שילדער דעם דעספּאָטיזם, ווי „א פּאַרזאָרגער פון פויערטום"...

---

[1]) זע „שטערן" נומער 7־8, 1930 י., ז. 66־75.

[2]) בענעגייע דעם געביט, אין וועלכן איך ארבעט,—ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע—האָב איך זיך אין אנדער אָרט אויספירלעך אָפּגעשטעלט אַף דער ראָל פון ייִדישן נאציאָנאַליזם אין דער היניזיכט (זע „צײַטשריפט", ב. 4)

דעמזעלביקן „מעטאָר“ ווענדט ער אָן אויך בענעגייע דעם צענטראַל־פונקט פון זײַנע באַשולדיקונגען—נאַציאָנאַליזם. ער פאַרזיכערט דעם לייענער, אַז איך געפֿין זיך אין „געפֿאַנגענשאַפֿט“ פון דער שאָוויניסטישער „מאַרטיראָלאָגיע־לעגענדע“. צוליב דעם פֿאַלסיפֿיצירט גאָלדבערג מײַנע געדאַנקען אַף דעמזעלבן אויפֿן. ער וויל באַווײַזן, אַז איך רעכן אַלע ייִדן פֿאַר מאַרטירער, אַז י ע ד ע ר סאָציאַלער קלאַס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג איז קלוימערשט געשטאַנען נידעריקער פון געהעריקן קלאַס פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. דאָס איז פֿאַלש פון אָנהויב ביזן סאָף. קיינמאָל האָב איך אַזאַ געדאַנק ניט אַרויסגעזאָגט. בא מיר גייט די רייד וועגן דער פּ אָ ל י ט י ש ע ר רעכטלאָזיקייט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פּוילן. נאָר אויך דאָ שטרײַך איך אונטער, אַז פֿאַר דער ייִדישער בורזשואַזיע פלעגט אָפט די עקאָנאָמישע מאַכט קאָמפּענסירן איר נידעריקערע פּאָליטישע לאַגע. ריידנדיק וועגן דעם קאַמף צווישן ייִדן־קאַפּיטאַליסטן און דעם עקאָנאָמיש־רויִנירטן טייל פון דער פּוילישער שליאַכטע, שרײַב איך (ז. 8): „אין דעמדאָזיקן קאַמף איז דער ייִד געווען שוואַך אין פּאָליטישער הינזיכט: ער האָט קיין שום פּאָליטישע רעכט ניט געהאַט. אָבער די סאָציאַלע קראַפֿט פון דעם האַנדל־קאַפּיטאַל פֿאַרבײַט אים גאַנץ אָפט די פּאָליטישע מאַכט“ (דערבײַ ווערן געבראַכט די געהעריקע בײַשפּילן פון„ דער גרויסער מאַכט פון ייִדישן „מיטניק“, פון ייִדישן גרויסן אַרענדאַטאָר בענעגייע די פּאַרקנעכטע פּויערים א.א.וו.), און ווײַטער זאָג איך פֿאַר: „די ייִדישע פינאַנצן־אַריסטאָקראַטיע האָט, ניט קוקנדיק אַף איר גאַנצער עקאָנאָמישער קראַפֿט, ניט געקאָנט שפּילן קיין געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישע ראָל... אָבער מיט דער אָרגאַניזירונג פון קאָהאָל און מיט דער פֿאַרייניקונג פון די קעהילעס... שטעלן זיך בעראָש פון אָט די אָרגאַנען די ייִדישע גרויסע אַרענדאַרן, קאָנצעסיאָנערן פון שטײַערן און רײַכע סאָכרים, און אַלס קאָהאָל־פֿאָרשטייער ווערן זיי אויך א קויעך פֿאַר מאַגיסטראַט, פֿאַר די סיימיקעס און אפילע פֿאַרן וואַרשעווער סיים“ א.א.וו. (ז. 9).

ווו איז אַלזאָ מײַן „מאַרטיראָלאָגיע־טעאָריע“? נאָר ה. גאָלדבערג ווענדט אָן זײַן אויסגעפּרוּווטן מיטל: פונעם צווייטן קאַפּיטל אין מײַן אַרײַנפֿיר, ווו עס ווערט געשילדערט די מאַכט פון דערזעלבער פינאַנץ־אַריסטאָקראַטיע אין קאָהאָל, רײַסט ער אַרויס פֿאָלגנדיקע ווערטער: „די רײַכע ייִדישע אַרענדאַרן און די גרויסע ערד־באַזיצער זײַנען לויט זייער לאַגע געווען זייער נאָענט צו דער פּוילישער שליאַכטע. ד אָ ך האָט דער סאַמע רײַכסטער ייִד נ י ט ג ע ק אָ נ ט ב א ק ו מ ע ן קײַן שליאַכטע־טיטל“. דערבײַ שטרײַכט גאָלדבערג אַליין אונטער די ווערטער: ד אָ ך נ י ט ג ע ק אָ נ ט ב א ק ו מ ע ן, און פֿאַרשווײַגט, אַז ע ר האָט דאָס געטאָן און עס שאַפֿט זיך א מאַרטיראָלאָגיע־לעגענדע: אָרעמע מאַרטירער! זיי האָבן אַפילע קיין שליאַכטע־טיטל ניט געקאָנט באַקומען!...

גאָלדבערג, טײַנעדיק אַז איך רעכן אַלע ייִדן פֿאַר מאַרטירער, איגנאָרירט נאָך אָט־וואָס. איך באַווײַז אין אַן אַנדער אָרט, אַז אַפילע אין יורידישן זין זײַנען ייִדן ניט אַלעמאָל געשטאַנען נידעריקער פון ניט־ייִדן. דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג—דאָס פּויערטום—איז געווען נידעריקער פון ייִדן ניט נאָר עקאָנאָמיש, נאָר אויך יורידיש. איך שרײַב: „די ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט אין דאָרף אַף פּריוואַטער ערד, זײַנען יורידיש געווען אונטערגעוואָרפֿן דער מאַכט פונעם פּאָריץ, דאָך איז אָבער דער דאָרפֿישער ייִד ניט געווען קײַן לײַב־אייגענער“ א.א.וו. (ז. 13).

אין וואָס, אַלזאָ, באַשטייט מײַן מאַרטיראָלאָגיע־טעאָריע? נאָכדעם, ווי גאָלדבערג ציטירט די אַרויסגעריסענע פּאָר שורעס וועגן יענע ייִדן, וואָס האָבן ניט געקאָנט באַקומען קײַן שליאַכטע־טיטל, ברענגט ער מײַנע ווערטער וועגן ייִדישע הענדלער, וואָס זײַנען ניט דערלאָזט געוואָרן אין מאַגיסטראַט, וועגן ייִדישע קלײנע אַרענדאַרן, וואָס זײַנען עקספּלואַטירט געווען פון די פּריצים, וועגן ייִדישע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן זיך א געוויסע צײַט געפֿונען אין אָפּהענגיקייט פון די קריסטלעכע צעכן—און פֿאַרענדיקט מיט זײַן באַמערקונג (ז. 68): „ס'איז אָבער גאָרניט דערמאָנט געוואָרן וועגן זייער עקספּלואַטאָרישער ראָל“. גאָלדבערג וואַרפֿט אַלזאָ צונויף פֿאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן און פֿרעגט: ווו איז זייער עקספּלואַטאָרישע ראָל? עס איז דעריבער נויטיק צו דערמאָנען, אַז אַכוץ דער מאַרטיראָלאָגיע־לעגענדע, וואָס וויל באַווײַזן, אַז אַלע ייִדן זײַנען מאַרטירער, איז נאָך פֿאַראַן א קעגנזעצלעכע, אַנטיסעמיטישע טעאָריע, וואָס זעט אין אַלע ייִדן עקספּלואַטאָרן. נאָר פון אַזאַ שטאַנדפּונקט וואָלט מען געקאָנט צונויפֿמישן פֿאַרשיידענע שיכטן פון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג און פֿרעגן: ווו איז זייער עקספּלואַטאָרישע ראָל?

אביסל ווײַטער ציטירט ער ווידער מײַנע ווערטער וועגן ייִדישע קרעמער, וואָס פֿירן א שווערן קאַמף פֿאַר עקזיסטענץ, וועגן קלײנע אַרענדאַרן און שענקער, וואָס ווערן עקספּלואַטירט פון דער פּריצישער מאַכט, און גיט צו פון זיך: „כ' סאָסיס דערלויבט זיך צו אַנטוויקלען אָט די אַלע „טעאָריעס“ דאַן, ווען ער אַליין ברענגט פֿאָלגנדיקע שרײַענדיקע פֿאַקטן: ווי באַוווּסט, האָבן ייִדן אין פּוילן ניט געהאַט קיין רעכט צו האָבן לײַב־אייגענע פּויערים“. „פֿאַקטיש אָבער (ציטירט פון מײַן בוך) ווערט ער (דער ייִדישער רײַכער אַרענדאַטאָר, וואָכערניק—ה. ג.) א געזעצלעכער אייגנטימער פון פּויערים, וואָס קאָנען ניט אָפּגעטיילט ווערן פון דער ערד. ער באַקומט דאָס רעכט פון אומבאַגרענעצטער עקספּלואַטאַציע פון זייער אַרבעט, פון מישפּטן זיי (אַפילע ביז טויטשטראָף)“ (ז. 9 פון מײַן בוך). עס איז קלאָר, אַז אויך דאָ מישט כ' גאָלדבערג צונויף צוויי פֿאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן: רויסע און קלײנע אַרענדאַרן. וועגן דער עקספּלואַטאָרישער ראָל פון ייִדישע שענקער בענעגייע דעם פּויערטום ווערט בא מיר ניט איינמאָל אָנגעוויזן, נאָר צוזאַמען דערמיט שטרײַך איך אונטער דעם וויכטיקסטן סאָציאַלן מאָמענט—די עקספּלואַטאָרישע ראָל פון פּאָריץ אין דער הינזיכט. דאָס צו פֿאַרשווײַגן—הייסט גיסן וואַסער אַף דער ראָד פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט איר אָרט געפֿונען אויך אין געביט פון ייִדישער היסטאָריאָגראַפֿיע.

* * *

ה. גאָלדבערג פּרוווט צו באַווייַזן, אַז איך קוק אויפן קאָהאָל, ווי „קימאַט“ אויף אַן „איבער־קלאַסן־אינסטיטוציע“, ווי אויף אַ פאָרשטייערשאַפט, וואָס האָט פאַרטיידיקט די ייִדישע פאָלק־אינטערעסן א.א.וו. דערבײַ פּראַקטיקירט ער דיזעלבע טאַקטיק פון פאַלסיפיצירן מייַנע געדאַנקען: ער איגנאָרירט אינגאַנצן מייַן אויספירלעכע אַרבעט וועגן דער קאָהאָלשער פאָרשטייערשאַפט אין „ציַיטשריפט“ ב. 2-3, וווּ איך באַווייַז דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון דער קאָהאָלשער אָליגאַרכיע; ער וויל ניט וויסן פון דעם, וואָס איך שרײַב אין צווייטן קאַפּיטל פונעם אַרײַנפיר אין מייַן בוך. אָנשטאָט דעם—ווידער, אַרויסגעריסענע פון טעקסט, איינציקע שורעס. ער ברענגט מייַנע ווערטער: „ביזוואַנען דאָס עקאָנאָמישע לעבן האָט זיך אַנטוויקלט פרידלעך, האָבן אין קאָהאָל געהערשט פּאַטריאַרכאַלע פאַרהעלטענישן“ און גיט צו (ז. 69): קיין באַווייַזן ברענגט כ׳ סאָסיס ניט. פאַרקערט, די פאַקטן, וואָס ער ברענגט יאָ, ריידן וועגן דער „אָפּאָזיציע“ א. א. וו. ווען דער לייענער וועט זיך ניט באַגרענעצן מיט דער אָפּגעהאַקטער פראַזע, וואָס כ׳ גאָלדבערג ברענגט פון מייַן בוך, און וועט אַ קוק טאָן אין טעקסט גופא, וועט ער זיך איבערצייַגן, אַז די פאַקטן, וואָס איך ברענג וועגן דער פאַרשטאַרקטער אָפּאָזיציע קעגן קאָהאָל, באַציִען זיך צום 17־טן און 18־טן יאָרהונדערט—צו די פעריאָדן פון פּאָגראָמען און מילכאָמעס, און די ווערטער וועגן דער פרידלעכער אַנטוויקלונג פון עקאָנאָמישן לעבן—באַציִען זיך צום פעריאָד ב י ז ן 17־טן יאָרהונדערט.

קעדײַ צו שאַפן די אילוזיע, אַז איך קוק אויפן קאָהאָל ווי „קימאַט“ אויף „אַן איבער־קלאַסן־אינסטיטוציע“ איז פאַרן רעצענזענט גענוג צו ברענגען פאָלגנדיקע מייַנע ווערטער (ז. 16 פון מייַן בוך): „פון דער קאָהאָל אָנפירונג איז מאַטעריעל געווען אָפּהענגיק אויך דער ייִדישער גײַסטלעכער באַשטאַנד: ראַבאָנים, כאַזאָנים, שאָכטים א. א. וו. גאָלדבערג שטרײַכט אַליין אונטער דאָס וואָרט „אויך“ און גיט צו (אין קלאַמערן), אויף ז. 69, שוין זייַנע א י י ג ע נ ע ווערטער: „אַכוץ אַלע אַנדערע“ (קלאַסן). נאָר איך האָב דאָך דאָס ניט געזאָגט! דאָס איז אַן איינפאַכע פאַלסיפיצירונג פון מייַן טעקסט.

פאַלש איז אויך גאָלדבערגס באַהויפּטונג, אַז איך אידעאַליזיר דעם כאַסידיזם. פאַרקערט, איך פּרוּוו צו באַווייַזן, אַז דאָס איז געווען (אין 18־טן יאָרהונדערט) אַ באַוועגונג פון אַ מער פאַנאַטישער מאַסע, וואָס האָט רעגרעסירט אין איר גײַסטיקער אַנטוויקלונג און האָט זיך דערנענטערט צו דעם מער אָפּגעשטאַנענעם פּויערשן אַרט דענקען. נאָר אויף וויפל די מאַסע האָט אין דער באַוועגונג גענומען אָן אָנטייל, האָט זי געטראָגן אַ דעמאָקראַטישן כאַראַקטער.

אויף וויפל איך אידעאַליזיר די ביבל (אַזאַ באַשולדיקונג שטעלט ער אויך אַרויס), קען דער לייענער זען פון דעם, וואָס איך שרײַב וועגן ליבערמאַנס און ווינטשעווסקיס נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, וואָס איז דורכגעדרונגען געווען מיט דער אידעאַליזירונג פון ביבלישע סאָציאַלע מאָטיוון (קאַפּ. 18). אין קורצן באַשטייט מייַן געדאַנק (וועגן דער ביבל) אין פאָלגנדיקעס: אויף וויפל אין דער ביבל איז פאַראַן אַסאַך פאָלקלאָר, ווערן אין אים אויסגעדריקט אוראַלטע מינהאָגים און טראַדיציעס מיט זייער איינפאַכקייַט, דעמאָקראַטישקייַט. נאָר איך האַלט ניט (ווי ה. גאָלדבערג מיינט) די געוויסע „אידעאָלאָגיע „פאַר דער הערשנדיקער אין ביבלישן פעריאָד“. דאָס האָט ער אויסגעזויגן פון זייַן אייגענעם פינגער און אַליין געשאַפן דעם פלאָנטער, וועלכן ער שרײַבט מיר צו. איך בין אויך ניט שולדיק אין דעם, וואָס ער פאַרשטייט ניט, ווי אַזוי קען אַרײַנדרינגען די ווירקונג פון האַנדל־קאַפּיטאַל אין דער נאַטור־ווירטשאַפט, און ווי אַזוי „פּאָרט זיך“ נאַטורעלע ווירטשאַפט מיט „רעכט“ (ז. 70).

ה. גאָלדבערג פאַרשטייט אויך ניט דעם באַטײַט פון „דריטן שטאַנד“ אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ באַשטימטער צײַט. צו יענער צײַט, וועגן וועלכער איך רייד (סאָף 50־ער יאָרן), האָט דערדאָזיקער טערמין, ווי באַוווסט, שוין לאַנג פאַרלאָרן זייַן אָרעאָל, וואָס ער האָט געהאַט אין דער צײַט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע—און האָט געהייסן פּשוט בורזשואַזיע. אין אָט דעם זין ב ר ו י כ ט א י ם ט אַ ר נ אָ פּ אָ ל ג ו פ ע. איך דערקלער דאָך דאָס גאַנץ דײַטלעך. אויף ז. 70 פון מייַן בוך שרײַב איך: „אין זייַן רוסישן בוך איז ער (טאַרנאָפּאָל) זיך, קוידעמקאָל, מישטאַדל פאַר זייַנע גלויבנסגענאָסן בײַ די מאַכט־פאָרשטייער. ער דערווייַזט, אַז די ייִדן, אַלס אַ בורזשואַזיע, אַלס אַ „דריטער שטאַנד“, זײַנען ניט גאָר אומשעדלעך“ א.א.וו.

אָט דעם איינפאַכן באַטײַט פון די געבראַכטע ווערטער פאַרשטייט ניט כ׳ גאָלדבערג. ער מיינט, אַז דער דריטער שטאַנד—דאָס איז עפּעס אַנדערש פון בורזשואַזיע—גאָר פון אַן אַנדער מין, עפּעס אַן אײַדעלע, דעמאָקראַטישע און רעוואָליוציאָנערע זאַך, וואָס מע דאַרף פאַרטיידיקן קעגן... מייַנע אָנגריפן. און כ׳ גאָלדבערג טוט עס מיט אַ גרויסן פּאַטאָס און הייסן טעמפּעראַמענט. שוין נאָכדעם, ווי ער רעכנט אויס פאַרשיידענע מייַנע כאַטאָים, שרײַבט ער (ז. 72): „נאָר ניטאָ וואָס צו וווּנדערן זיך אויף אַזעלכע „קלייניקייַטן“. אויף אונדז וואַרטן גרעסערע סיורפּריזן... דער סאַמע רעאַקציאָנערער פון דער בורזשואַזער האַסקאָלע, טאַרנאָפּאָל“ א. א. וו. (דאָ ווערט געבראַכט אַ ציטאַטע פון מייַן בוך, וווּ איך כאַראַקטעריזיר טאַרנאָפּאָלן, אַלס קאָנסעקווענטן פאָרשטייער פון דער ייִדישער בורזשואַזיע),—„איז אָט דער ייִדישער מאַרקאָוו—שרײַט אויס כ׳ גאָלדבערג—ווערט עס געקרוינט, ווי דער פאָרשטייער פון „ייִדישן דריטן שטאַנד“. וואָס פאַר אַ ווערט, פרעגט גאָלדבערג, קאָנען שוין דאַן האָבן אַזעלכע צוגאָבן: „עס ווערן פאַרווירקלעכט די קלאַסן־אינטערעסן פון דער ייִדישער האַנדל־בורזשואַזיע און דאָס גלײַכן“.

איך קלער, אז אזויגע צוגאָבן מײַנע האָבן יאָ א ווערט, ווײַל זיי דערגאַנצן מײַן כאראקטעריסטיק, וואָס איך גיב טארגאָפּאָלן, אלס אידעאָלאָג פון יִדישן „דריטן שטאנד״. איך האָב דאָך ניט פאָרויסגעזען, אז כ׳ גאָלדבערג וועט פארוואנדלען דעם סיגאָנים פון בורזשואזיע—אין אן אידעאלער באשעפעניש.

ער באַרוּיִקט זיך ניט און קלאפּט ווײַטער אין אן אָפענער טיר: ער רעכנט אויס פאקטן פון רעאקציאָנעריש־קײַט און עקספּלואטאציע מיצאר דער יִדישער בורזשואזיע—אלץ, קעדיי איבערצוכאַזערן דיזעלבע זאך—ווי קאָן מען רעכענען טארגאָפּאָלן פאר א פאָרשטייער פון יִדישן „דריטן שטאנד״! ווי דער לייענער זעט, קעמפט כ׳ גאָלדבערג די גאנצע צײַט מיט א ווינטמיל...

איך קאָן אויך פארזיכערן די לייענער פון „שטערן״, אז איך האָב קיינמאָל ניט געזאָגט, „אז די יִדישע בורזשואזיע איז ניט אזוי (?) רעאקציאָנער״ (ז. 72). דאָס האָט ה. גאָלדבערג אליין אויסגעטראכט, און עס איז טאקע שווער צו זאָגן, ווי קאָן מען אזא רעכילעס קוואליפיצירן...

בענעגייע דעם מאסקיליזם האָב איך געשטרעבט צו פארניכטן די לעגענדע וועגן אן אײַנהײַטלעכער מאסקי־ליסטישער באוועגונג. איך ווײַז אָן די פארשיידנקייטן פון די מאסקיליסטישע שטרעמונגען. ניט נאָר אין באזונ־דערע פעריאָדן, נאָר אין איין און דערזעלבער צײַט—אין צוזאמענהאנג מיט דער אלץ גרעסערער דיפערענצירונג פון דער יִדישער באפעלקערונג. נאָר ה. גאָלדבערג שמועסט וועגן מאסקילים ב י כ ל א ל. דאָס איז פאלש. איך רייד ניט נאָר וועגן „טרוימער״, נאָר אויך וועגן רעאליסטן, מאטעריאַליסטן, מאסקילים־סאָציאַליסטן.

ווײַטער גייט די שווערסטע באשולדיקונג: איך דערקלער, אז דער יִדישער נאציאָנאליזם האָט זיך אנטוויקלט אלס א רעאקציע קעגן אנטיסעמיטיזם. „דער יִדישער נאציאָנאליזם און שאָוויניזם—קאָמענטירט מיך ה. גאָלד־בערג—איז, אלזאָ, „א באשיידנדיקער״... „א רוּיִקער״. איך דארף ווידער דערמאָנען דעם לייענער: דאָס זײַנען ניט מײַנע ווערטער, דאָס זײַנען זײַנע אייגענע, כאָטש ער נעמט זיי אין „גענדזנפיסלעך״. איך האָב קיינמאָל ניט געזאָגט, אז דער יִדישער נאציאָנאליזם איז א באשיידנדיקער, א רוּיִקער. וועגן דעם, אז דער יִדישער נאציאָנא־ליזם האָט זיך אלץ מער פארשטארקט אונטער דער דירעקטער ווירקונג פונעם אנטיסעמיטיזם און פּאָגראָמען—דאָס צו באווײַזן ברענג איך גענוג מאטעריאַלן אין מײַן בוך.

מײַן „נאציאָנאליזם״ ווערט אפילו אָפּגעמאָסטן בא ה. גאָלדבערגן אין פּראָצענטן: „דאָס, שרײַבט ער, איז ריינער הונדערט פּראָצענטנער נאציאָנאליזם, געקייפלט אף שאָוויניזם״! (ז. 73). דיזאָזיקע אויסרעכענונג האָט גאָלדבערג געמאכט אפן גרונט פון איין ציטאטע מײַנער, וועלכע האָט אים „געעפנט די אויגן״ אף מײַן „נאציאָ־נאליזם״ און „שאָוויניזם״. ה. גאָלדבערג, ווי געוויינלעך, רײַסט ארויס קינסטלעך די ציטאטע פונעם טעקסט און עס באקומט זיך אָט וואָס: „דער געפיל פון נאציאָנאלער איינזאמקײַט און בענקשאפט נאָך א נײַער נאציאָנאלער סוויווע האָט געשפּילט א גרויסע ראָל אין די זוכענישן פון דער יִדישער אינטעליגענץ, וואָס איז אָפּגעשוווּמען פון דעם אלטן ברעג און איז ניט צוגעקומען צו א נײַעם״ (ז. 103 פון מײַן בוך). דער אלטער ברעג, דאָס איז, פארשטייט זיך, דער גאָלעס און דער נײַער ברעג—דאָס איז פאלעסטינע, און כ׳ גאָלדבערג הארגעט מיך שוין אינגאנצן אוועק, ווען ער שרײַבט: „ווי געפעלט עס עמיצן די מאָדערנע אויסגאבע פון „אל נאהארויס באָוועלז״ (ז. 73).

איך בעט דעם לייענער א קוק טאָן אין מײַן בוך ז. 103, וועט ער זיך איבערצײַגן, אז עס האנדלט זיך דאָרטן וועגן... פּוילישן אופשטאנד פון 1863־טן יאָר און וועגן דער אָריענטאציע פון דער יִדישער אינטעליגענץ אף א נײַער נאציאָנאלער סוויווע—רוסישער אָדער פּוילישער. ווען דער לייענער וועט פארגלײַכן גאָלדבערגס ארויסגעריסענע פונעם טעקסט ציטאטע מיט דעם, וואָס איך שרײַב אין דעם גאנצן קאפיטל (9), וועט גאנץ קלאָר ווערן, אז איך רייד וועגן דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געפילט איינזאם אין דער יִדישער נאציאָ־נאלער סוויווע און האָט געבענקט נאָך א נײַער נאציאָנאלער סוויווע (פּוילישע אָדער רוסישע), מיט וועלכער זי האָט געשטרעבט זיך צו אסימילירן.

ווי אזוי קוואליפיצירט מען אָט דאָס שטיקל ארבעט, וואָס גאָלדבערג האָט אָפּגעטאָן מיט מײַן ציטאטע? מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א באוווסטזיניקער פאלסיפיקאציע, וואָס דארף באווײַזן, אז איך שאף א „מאָדערנע אויס־גאבע פון אל נאהארויס באָוול״. ווען מיר זאָלן נאָך נעמען אין אכט, אז אָט אפן גרונט פון אָט דער פאלסי־פיקאציע שטעלט גאָלדבערג די פּראָבע פון מײַן „נאציאָנאליזם״: „ריינער 100 פּראָצ. נאציאָנאליזם, געקייפלט אף שאָוויניזם״—ווערט קלאָר די טענדענץ פון זײַן גאנצער רעצענזיע: מיט פאלסיפיצירטע מיטלען צו קאָמפּראָמעטירן מיך אלס פארטיי־מיטגליד.

אפילע דאָרטן, ווו ה. גאָלדבערג געפינט בא מיר א ליכטיקן שטראל, באמיט ער זיך אים צו פארטונקלען. ריידנדיק וועגן מײַן קריטיק, וואָס איז געווענדעט קעגן ווינטשעווסקיס און ליבערמאנס נאציאָנאל־דעמאָקראטיזם, באמערקט ער (ז. 74): „גראָד דאָ האָט כ׳ סאָסיס ארויסגעוויזן א געזונטן קריטישן און מער־ווייניקער ריכטיק אופגעדעקט זייער נאציאָנאל־דעמאָקראטיזם, מאָשיכיזם א.ד.גל. מיט וואָס קען מען דאָס דערקלערן?״ און ווײַטער אביסל:

„פארוואָס האָט באם כ׳ סאָסיס א ו י ס ג ע פ ע ל ט פ ו ל ו ע ר באם פאנאנדערקלײַבן דעם כאסידיזם, קאָהאָל, האסקאָלע, ציאָניזם, דעם „בונד״, און גראָד צו די 1־טע יִדישע סאָציאַליסטן האָט ער זיך באצויגן אזוי הארב, וועלנדיק אפילע פארמינערן זייער ראָל און באדײַטונג? (דער „העמעס״ און דער „אסיפעס כאכאָמים״, אָט די

ביידע אויסגאַבעס—האַלט כ׳ סאָסיס—האָבן געשפּילט גאָר אַ קליינע ראָל אַפילו אין די ראַמען פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור").

מיך וווּנדערט אַן אַנדער זאַך: פֿאַרוואָס האָט באַ ה. גאָלדבערגן געקלעקט פּולווער אַף צו פֿאַלסיפֿיצירן די גרונט־געדאַנקען פֿון מײַן בוך און אויסגעפּעלט נאָך אַביסעלע מאַטעריאַל פֿון דעמזעלבן סאָרט אַף צו פּאַרשמירן מײַן קריטיק פֿון ליבערמאַנס און ווינטשעווסקיס „יידישן סאָציאַליזם"?—יאָ, איך פֿאַרמינער די ראָל און די באַדײַטונג פֿונעם „האָעמעס" און „אַסיפֿעס כאַכאָמים",—זייער פּראָפּאַגאַנדע אַף דער העברעיִשער שפּראַך האָט פּאַשעט קיין אוידיטאָריע ניט געפֿונען. און גאָלדבערג האָט נאָך דערבײַ די האָזע צו דערמאָנען לעגינס ווערטער וועגן דער שעדלעכקײַט ניט צו דערשאַצן די ראָל פֿון רעוואָלוציאָנערן פּאָלקיזם!

וועגן „בונד" רייד איך ווייניק אין מײַן בוך, ווײַל ער ענדיקט זיך מיט דער אַנטשטייונג פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער מײַן פּרינציפּיעלע באַציִונג צום „בונד", צו זײַן סעפּאַראַטיזם און נאַציאָנאַליזם—דריק איך אויס גענוג קלאָר. כאָטש גאָלדבערג איז ניט צופֿרידן, וואָס איך קאָנסטאַטיר די אָביעקטיווע סיבעס, וואָס האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פֿאַרן בונדישן נאַציאָנאַליזם און סעפּאַראַטיזם. איך ווײַז אָבער דערבײַ אָן אויך אַף דער ראָל פֿון „בונד" גופֿע אין דער היניזיכט. גאָלדבערג פֿאַרשווײַגט דאָס, ווײַל ער בלײַבט געטרײַ זײַן טענדענץ מיך צו דיסקרעדיטירן, ווי אַ געוועזענעם בונדיסט (כאָטש איך בין שוין באַלד 10 יאָר אין די רייען פֿון אַל.ק.פּ.(ב.).

ער ברענגט מײַנע ווערטער וועגן אָביעקטיווע סיבעס און איגנאָרירט אינגאַנצן מײַן באַמערקונג וועגן „בונד" אַלס אַן אָרגאַניזאַציע. נאָכדעם, ווי איך כאַראַקטעריזיר די אָביעקטיווע באַדינגונגען, שרײַב איך (ז. 196): „פֿון סאָף 90־ער יאָרן, ווען עס האָט זיך אָרגאַניזירט דער „בונד" (1897), פֿאַרשטאַרקט זיך אַלץ מער די נאַציאָנאַליסטישע „אַרומריגלונג" אין יידישן סכום. צוזאַמען דערמיט הויבט זיך אָן דער צופֿלוס פֿון דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ אין די רייען פֿון „בונד". דערדאָזיקער נײַער רעוואָלוציאָנערער שיכט האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער באַוועגונג אויסגעשפּראָכענע נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן. זייער ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג איז שוין פֿאַרבונדן מיטן אָנהויב פֿון 20־טן יאָרהונדערט, וואָס גייט ניט אַרײַן אין פּלאַן פֿון דעמדאָזיקן בוך. דאָס פֿאַרדינט אַ באַזונדערע, אַ זעלבסטשטענדיקע געשיכטע". די לעצטע ווערטער קאָנען דינען אַלס אַן ענטפֿער אַף כ׳ גאָלדבערגס טײַנעס: פֿאַרוואָס שרײַב איך אַזוי ווייניק וועגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, פֿאַרוואָס דערמאָן איך ניט די קאָנטררעוואָלוציאָנערע ראָל פֿון „בונד" נאָך דער פֿעוורואַל־רעוואָלוציע, דעם שפּעטערדיקן ציאָניזם אאַ.וו. כ׳ גאָלדבערג מיינט, אַז ווען איך דערמאָן אַקסעלראָדס געדאַנק וועגן פּאַלעסטינע, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אין אָנהויב 1882 יאָר און אינגיכן זיך אָפּגעזאָגט פֿון אים, דאַרף איך אומבאַדינגט דערקלערן, „וואָס פֿאַר אַ שײַכעס האָט דאָס מיט אייב קאַהאַנס לעצטער רײַזע קיין פּאַלעסטינע אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַנטי־ענגלישע געשעענישן: פֿאַרוואָס שרײַט עפּעס אַזוי וואַנדערוועלדע וועגן „אַ היים פֿאַר יידן", און דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האַלט דאָס אונטער? און נאָך און נאָך"... דאָס אַלץ גייט ניט אַרײַן אין דער געשיכטע פֿון יידישע געזעלשאַפֿטלעכע שטרעמונגען פֿון 19־טן יאָרהונדערט. נאָר בִיכלאַל רעכן איך, אַז אַקסעלראָדס געדאַנק פֿון אָנדריב 1882־טן יאָר האָט ניט קיין שײַכעס צו אייב קאַהאַנס רײַזע קיין פּאַלעסטינע, צו די אַנטי־ענגלישע געשעענישן, צו וואַנדערוועלדע, צום צווייטן אינטערנאַציאָנאַל און זייערע ציאָניסטישע פּאַנטאַזיעס.

כאָטש גאָלדבערג מיינט, אַז ווען מע רעדט וועגן מענשעוויקעס (אַקסעלראָדן און מאַרטאָוון), וועט קאָשערער זײַן צו באַשולדיקן זיי אויך אין בונדיזם (בענעגייע מאַרטאָוון), און ציאָניזם (בענעגייע אַקסעלראָדן). איך קלער, אַז דאָס איז ניט נויטיק. ביידע, אַקסעלראָד און מאַרטאָוו, זײַנען געשטאָרבן פֿאַרביסענע סאָנים פֿון אונדזער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע—דאָס איז שוין גענוג פֿאַר דעם שאַנדסלופּ, וואָס די געשיכטע האָט פֿאַר זיי אויפֿגעשטעלט. באַשולדיקן זיי נאָך אין ציאָניזם און בונדיזם—איז איבעריק, ווען זיי זײַנען בעפּייִרעש געווען קעגנער פֿון „בונד" און ציאָניזם.

איך האָב אינזינען געהאַט זיך אָפּצושטעלן נאָך אַף אייניקע אַנדערע פּונקטן פֿון כ׳ גאָלדבערגס רעצענזיע. נאָר איך רעכן, אַז עס איז ניט קעדײַ: ווען דער לייענער וועט פֿאַרגלײַכן דאָס, וואָס איך שרײַב אין מײַן בוך, מיט דעם, ווי גאָלדבערג אָפּערירט מיט מײַנע ציטאַטעס, וועט פֿאַר אים נאָך קלאָרער ווערן גאָלדבערגס טענדענץ, וואָס האָט צו קריטיק קיין שום שײַכעס ניט.

8־טער סענטיאַבער, 1930.

## פֿון דער רעדאַקציע.

דער ענטפֿער פֿון דעם כאָווער סאָסיס אַף דער אין טאָך ריכטיקער רעצענזיע פֿון דעם כ׳ גאָלדבערג פֿאַרפֿאָלגט אין גרונט איין ציל: פֿאַרשמירן און פֿאַרווישן די פֿעלערן, וועלכע דער כ׳ סאָסיס האָט געמאַכט אין זײַנע היסטאָריאָגראַפֿישע אַרבעטן. נאָר אַזוי קען געטײַטשט ווערן דער גאַנצער טאָן פֿון זײַן ענטפֿער און דער אַמדאָנישער, קימאַט אַריסטאָקראַטיש־פֿאַראַכטנדיקער צוגאַנג זײַנער צום רעצענזענט פֿון זײַן בוך.

מיר האָבן פון דעם כ׳ סאָסיס ניט בעוואַרט קיין ענספּער מיט כקירעס ווענן דעם אָדער יענעם ניט געלונ־גענעם אויסדרוק פון זײַן אָפּאָנענט. מיר האָבן געוואַרט פון דעם כ׳ סאָסיס א זעלבסטקריטישן צוגאַנג צו זײַנע היסטאָריאָגראַפישע ארבעטן, ארבעטן, וואָס זײַנען דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַליזם, ארבעטן, אין וועלכע עס פעלט דער ריכטיקער קלאַסן־צוגאַנג צו פראַגן פון ייִדישער געשיכטע. אָנשטאָט צו אנערקענען זײַנע פעלערן, קומט דער כ׳ סאָסיס זוכן פעלערן בא זײַן רעצענזענט.

מיר ווילן דאָ דערמאָנען, אז דער כ׳ סאָסיס האָט זײַן אקשאָנעסדיקן ניט ווילן אנערקענען די נאַציאָנאַ־ליסטישע און אָפּאָרטוניסטישע פעלערן אין זײַנע ארבעטן, אויך איליוסטרירט אף זײַנעם א פאָרטראָג פאַר די וויסנשאַפטלעכע טוער אין מינסק. אויך אף דערדאָזיקער פאַרזאַמלונג איז אָנגענומען געוואָרן א רעזאָליוציע קעגן דעם כ׳ סאָסיסעס אײַנשטעלונגען אין דער היסטאָריאָגראַפיע. ווײַזט אָבער אויס, אז דער כ׳ סאָסיס איז צו ווײַט אוועק אין זײַנע פעלערן, וויבאלד ער איז טויב צו דער אוטאָריטעטסטער קריטיק.

---

# טיקן־טאָעס.

אין „שטערן“ נומ. 9, אין דעם כ׳ ליובאָמירסקיס ארטיקל „די ערשטע קונסט־אָלימפּיאַדע אין סאָוועטן־פאַר־באנד“ (לעצטער אבזאץ אף דער 97 זײַטל) איז ארײַנגעפאלן א שעדלעכע פאַרקריפלונג.

דער אבזאץ דאַרף געלייענט ווערן אזוי:

„דאָס דערווײַזט ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל, ווי מעכטיק עס איז די אָנפירנדיקע ראָל פון דער פּראָלעטארי־שער דיקטאטור און פון איר ווענגוויזער—פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, אז די נאַציאָנאַלע טעאַטערס זאָגן זיך אָפּ פון דער דראמאטורגיע, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט א נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער אָרער מיט א שאָוויניס־טישער פּסיכאָ־אידעאָלאָגיע, און שפּײַזן זיך בילכער מיט איבערזעצונגען“ א.א.וו.

די קאָרעקטאָרן כ״כ קאָטליאר און שטריקמאַן און דער טעכנישער סעקרעטאר פון „שטערן“ כ׳ יודלסאָן האָבן באקומען א שטרענגן אויסרייד פאַרן דורכלאָזן דעמדאָזיקן פעלער.

---

רעדקאָלעגיע: י. בראָנשטיין, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, אי. כאריק, ל. ראָזענהויז.

דרוקערײַ פון ווײַסרוסישן מעלוכע־פאַרלאַג א. נ. סטאַלין. גלאוול. 3715. טיראַזש 1350. באַשט. 2612

# ЗОРКА

פרייז 75 קאפ.

Літаратурна-мастацкі і політычна-навуковы часопіс

ВЫДАНЬНЕ
„Акцябр“
Менск, Рэволюцыйная, 2.